ש. דובנאָוו

# די
# אידישע געשיכטע

פאַר שולע און פאָלק

איבערזעצט פון
חיים ליעבערמאַן
און
מייטע ליוושיץ

## דער מיטעלאַלטער און די נייע צייט


אידישער פערלאג
פיר ליטעראטור
און וויסענשאפט.
MAX N. MAISEL
PUBLISHER



מאַקס נ. מייזעל
424 גרענד סטריט,
ניו יאָרק.
424 GRAND ST.
NEW YORK

# אינהאַלטס־פערצייכניש.

## דער מיטעלאַלטער.

§1. פאָרוואָרט.

### ערשטער קאַפּיטעל.

### די אידישע בעזעצונגען אין אייראָפּא פאַר די קרייצצוגען.

§2. איטאַליען און ביזאַנטיען. §3. די אידען אין שפּאַניען אין דער צייט פון די וועסטגאָטען. §4. פראַנקרייך און דייטשלאַנד. §5. רוסלאַנד און פּוילען. 28—9

### צווייטער קאַפּיטעל.

### די אויפלעבונג פון יודענטום אין אַראַבישען שפּאַניען.

§6. דער קאַליפאַט פון קאָרדאָווא; רבי חסדאי. §7. רבי שמואל הנגיד און זיין צייט (גראַנאַדא). §8. רבי שלמה אבן־גבירול; די אויפבליהונג פון דער ליטעראַטור. §9 יהודה הלוי. §10. אברהם אבן־עזרא. §11. די אלמו־האדען; שפּאַניען און דער מזרח. §12. דאָס לעבען פון דעם רמב"ם. §13. דעם רמב"מ'ס ווערק. 58—28

### דריטער קאַפּיטעל.

### די אידען אין דער קריסטליכער אייראָפּא אין דער צייט פון די קרייצצוגען.

§14. דער ערשטער קרייצצוג. §15. דער צווייטער קרייצצוג. §16. דער דריטער קרייצצוג. §17. די אידישע רעכטלאָזיגקייט אין פראַנקרייך און דייטש־לאַנד. §18. רש"י און די בעלי־התוספות. ; 75—58.

### פערטער קאַפּיטעל.

### די דורות פון מאַרטירערטום ביז גירוש פראַנקרייך.

§19. פּאַבסט אינאָקענטי דער 3טער. §20. די רדיפות אויפ'ן תלמוד און

די דיספוטען. §21. שפאניען און פראנקרייך; דער קאמפף צווישען רעליגיאן און וויסענשאפט. §22. די „קבלה" און דער „זהר". §23. דער גירוש פון ענגלאנד. §24. דער גירוש פון פראנקרייך. §25. דייטשלאנד; די גחעטא און די בלבולים. §26. דער שווארצער טויט. §27. איטאליען. 75—106.

## פינפטער קאפיטעל.

## דאָס לעצטע יאָרהונדערט פון שפאנישען יודענטום.

§28. אידישע הויפלייט און די שחיטה אין סעווילא. §29. די אנוסים. §30. די אינקוויזיציע; טארקוועמאדא. §31. דער גירוש פון שפאניען און פארטוגאל. 106—124.

## זעקסטער קאפיטעל.

## די אידען אין פוילען און רוסלאנד.

§32. די פארמעהרונג פון די אידען אין פוילען. §33. קאזימיר דער גרויסער און וויטאלד דער ליטווישער. §34. די אידען אין דער צייט פון יאגעלאנען. §35. די אידען אין מאסקווער רוסלאנד. 125—134.

## די נייע צייט.

§36. פארווארט. 135—136.

## זיבעטער קאפיטעל.

## די אידען אין טערקיי און פאלעסטינא ביז נאָך שבתי־צבי.

§37. דאס בירגערליכע לעבען און דון יוסף נשיא. §37. פאלעסטינא; דער שלחן־ערוך. §38. די קבלה; דער אר"י הקדוש. §39. שבתי צבי. §40. די משיח־בעוועגונג און איהר סוף. 137—152.

## אכטער קאפיטעל.

## די אידען אין מערב־אייראָפא פון 16טען ביז'ן 18טען יאָהרהונדערט.

§41. איטאליען. §42. ליטעראטור און בילדונג אין איטאליען. §43. האלאנד; אקאסטא און שפינאזא. §44. מנשה בן ישראל און דער צוריקקער

פון די אידען אין ענגלאנד. §45. דייטשלאנד: די אידען און די רעפארמאציע. §46. די רעכטלאזע לאגע פון די אידען אין דייטשלאנד און עסטרייך. §47. דאס גייסטיגע לעבען פון די דייטשע אידען. 152—179.

נײנטער קאפיטעל.

## די אידען אין פוילען און רוסלאנד פון 16טען ביז'ן 18טען יאהרהונדערט.

§48. די „גאלדענע עפאכע". §49. דער קהל און דער ועד; ישיבות. §50. די בליהונגס־צייט פון דער רבנות. §51. חמעלניצקי און די קאזאקען־שחיטות. §52. די אידען אין דער צייט פון מאסקווע־שוועדישען קריעג. §53. דאס זינקען פון פוילען. §54. די שבתי צבי'ניקעס און פראנקיסטען. 179—203.

צעהנטער קאפיטעל.

## די איבערגאנגס־צייט.

§55. משה מענדעלסאן. §56. מענדעלסאן'ס שולע; דער קאמפף פאר השכלה. §57. די הײדאמאקען און די צוטיילונג פון פוילען. §58. די אידען אין מערב. §63. די רוסישע אידען אין דער צייט פון אלכסנדר דעם 1טען און ניקאלאי דעם 1טען. §64. די מערב־אייראפעאישע אידען אין דער צווייטער העלפט פון 19טען יאהרהונדערט. §65. די אידען אין רוסלאנד אין דער צווייטער העלפט פון 19טען יאהרהונדערט. 225—243.

עלפטער קאפיטעל.

## די וויכטיגסטע געשעהענישען פון 19טען יאהרהונדערט.

§61. די פראנצויזישע רעוואלוציאן. §62. דער ערפאלג פון דער השכלה אין מערב. §63. די רוסישע אידען פאר אלכסנדר דעם 1טען און ניקאלאי דעם 1טען. §64. די מערב־אייראפעאישע אידען אין צווייטער העלפט פון 19טען יאהרהונדערט. §65. די אידען אין רוסלאנד אין דער צווייטער העלפט פון 19טען יאהרהונדערט. 225—243.

אינדעקס — 245—248.

# ליסטע פון בילדער:


I. דער רמב"ם — — — — — — — — — — — — — פאָרערבילד

II. א בלאַט פון „יד־החזקה" אין דער האַנדשריפט פון
רמב"ם — — — — — — — — — — — — — 56

III. רשי"ס בית־מדרש — — — — — — — — — — — — 71

IV. אידישע קאָסטומען מיט דער געלער לאַטע — — — 78

V. דאָס „שמש־געסעל" אין דער גהעטאָ פון פראג — — 97

VI. די פייניגונגען פון דער אינקוויזיציע — — — — 117

VII. אידישע שוהל אין טאָלעדאָ, שפּאַניען, פערוואַנדעלט
אין א קלויסטער נאָכ'ן גירוש — — — — — 123

VIII. שבתי צבי — — — — — — — — — — — 146

IX. דער אריינגאַנג אין דער גהעטאָ פון רוים — — — 155

X. ברוך שפּינאָזא — — — — — — — — — — 166

XI. מנשה בן־ישראל — — — — — — — — — — 169

XII. די „ניישוהל" פון פראג — — — — — — — — 188

XIII. יצחק בער לעווינזאָן — — — — — — — — — 285

# דער מיטעלאַלטער.

§1. **פאָרוואָרט.***) אין דער וועלט־געשיכטע ווערט אַלס „מיטעלאַלטער” אָנגערופען די טויזענד יאָהר, וואָס זיינען פערלאָפען פון דעם אונטערגאַנג פון דער מערב־רוימישער אימפּעריע (יאָהר 476) ביז דער ענטדעקונג פון אַמעריקע. אין דער אידישער געשיכטע ליגען דיזע טויזענד יאָהר צווישען דער שליסונג פון תלמוד בבלי (יאָהר 500) און גרוש שפּאַניען (1492). זיי צוטיילען זיך אויף צוויי פעריאָדען. אין דעם ערשטען פעריאָד (פון 6טען ביז'ן 11טען יאָהרהונדערט) לעבט נאָך דער גרעסערער טייל פון אידישען פאָלק אין מ ז ר ח: אין בבל, פּערסיען, אַראַביען, סיריען, פּאַלעסטינא און מצרים**) — און דער קלענערער טייל איז פאַנאַנדערגעוואָרפען אין בעזונדערע ישובים אין מ ע ר ב, אין די אייראָפּעאישע לענדער: איטאַליען, ביזאַנטיען, שפּאַניען, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, רוסלאַנד. אין דעם צווייטען פעריאָד פון מיטעלאַלטער (פון 11טען ביז'ן 15טען יאָהרהונדערט) בעמערקט זיך שוין אַ פאַרקערטע ערשיינונג: אין מזרח בלייבט אַ קלענערער טייל פון אידישען פאָלק, און דער גרעסערער טייל ציהט זיך צוזאַמען אין מערב. אנשטאַט פּאַלעסטינא און בבל ווערען אַלס צענטרען פון יודענטום שפּאַניען, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער. אין די הענד פון די אידען האָט זיך דעמאָלט געפונען אַ גרויסער טייל פון דעם וועלט־האַנדעל, זיי זיינען נאָך פון לאַנג געווען די האַנדעלס פערמיטלער צווישען אַזיען און אייראָפּא — און דעריבער איז זיי ניט שווער געווען זיך אַריבערצוציהען פון מזרח צום מערב ווען זייערע וויכטיגסטע צענטרען אין מזרח

---

*) דיזען פּאַראַגראַף ווי אויך אַלץ וואָס קומט אין איינגענומענע שריפט אין דיזען בוך קען אויסגעלאָזט ווערען מיט קלענערע קינדער.

**) זעה דובנאָוו, אידישע געשיכטע באַנד 2, קאַפּיטעל עלף.

זיינען געפאַלען און ווען אזיען, פאַרפלייצט פון מאָנגאָלען, האָט אָנגעהויבען צו פערזינקען אין דעם לאַנגען שלאָף פון מיטעל־אַלטער. אין אייראָפּא האָבען זיי שוין געפונען אַלטע אידישע ישובים, וואָס זיינען געוואָרען אין די צייטען פון דער רוימישער אימפעריע. איינער פון די בריקען, איבער וועלכע די אידען זיינען אריבער פון אזיען און אפריקע קיין אייראָפּא, איז געוועזן שפּאַניען: ווען דאָס דאָזיגע לאַנד איז אין 8טען יאָהרהונדערט בעזיעגט געוואָרען פון די אַראַבער, זיינען די אידען פון מזרח אריינגעדרונגען אהין צוזאמען מיט די זיעגער און זיי האָבען פערוואַנדעלט שפּאַניען אויף עטליכע יאָהרהונדערט אין איינער פון די געבילדעטסטע לענדער אין אייראָפּא.

אין דעם שיקזאַל פון די אייראָפּעאישע אידען אַליין איז אויך פאַראַן אַן אונטערשייד צווישען די צוויי אָנגעוויזענע פעריאָדען פון מיטעלאַלטער. אין דעם ערשטען פעריאָד, ווען די צאָל פון אידען אין אייראָפּא איז נאָך ניט געוועזן גרויס, האָבען זיי געלעבט צימליך רוהיג און בלויז זעלטען פלעגען זיי ליידען רדיפות פון די ארומיגע פעלקער, וועלכע זיינען דעמאָלט אריבערגעגאַנגען פון געצענדיענסט צום קריסטענטום. אָבער אין דעם צווייטען פעריאָד, ווען די צאָל פון די אידען איז אַלץ מעהר געוואַקסען, האָבען זיך די פערפאָלגונגען מצד די קריסטען אויך געמעהרט און געשטאַרקט, און פון מאַנכע לענדער זיינען זיי אינגאַנצען ארויסגעטריבען געוואָרען. אַלס צוטיילונגס־פּונקט צווישען דיזע צוויי העלפטען פון דעם מיטעל־אַלטער דיענט די צייט פון די קרייצצוגען, וועלכע האָבען זיך אָנגעהויבען אין יאָהר 1096 אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד.

## ערשטער קאפיטעל.

# די אידישע בעזעצונגען אין איראָפּא פאר די קרייצצוגען.

(פון יאָהר 500 ביז 1096 קריסטל. צייטר.)

§2. איטאליען און ביזאַנטיען. די רוימישע אימפעריע, וועלכע האָט צוגענומען ביי די אידען זייער פאָטערלאַנד יהודה, האָט שטענדיג געגעבען שוץ צו די אידען, וועלכע זיינען געקומען זיך בעזעצען אין איהרע ממשלות, נאָכדעם ווי די אימפעריע איז זיך צופאלען אין צוויי טייל, די מערב־רוימישע און די מזרח־ביזאַנטישע (יאָהר 395), האָבען אידען געלעבט אין ביידע טייל, צווישען די איטאַליענער און די גריכען. אין 400 יאָהר ארום נאָכ'ן חורבן פון ירושלים דורך די רוימער האָבען די אידען געזעהן דעם חורבן פון רוים דורך די „בארבארען" — די גאָטישע און גערמאַנישע שבטים — און דעם פאָלשטענדיגען אונטערגאַנג פון דער מלוכה, וואָס איז אַמאָל אַזוי מעכטיג געוועזן (476). זיי האָבען צוגעזעהן ווי אַזוי ביסלעכווייז האָט זיך דאָס קעניגליכע רוים פערוואַנדעלט אין אַ פּאַבסטליכען רוים, די מיליטערישע הויפּט־שטאָדט — אין אַ קירכליכער, און איז געוואָרען דאָס וואוינאָרט פון די קאַטוילישע פּאַבסטען, די כהנים גדולים פון דער קריסט־ליכער קירכע אין איראָפּאַ.

די ערשטע רוימישע פּאַבסטען האָבען ניט גערדיקט די אידען, אָבוואָהל זיי האָבען זעהר שטאַרק געאַרבייט צו בעקערען זיי צום קריסטענטום. דער פּאַבסט גריגאָר דער גרויסער (590) האָט ער־לויבט די אידישע קהילות זיך צו פיהרען לויט זייערע דינים און מנהגים; אָבער ער האָט געגעבען פאַרשיידענע פּריווילעגיעס און הנחות צו יענע אידען, וועלכע האָבען אָנגענומען די קריסטליכע אמונה. ווען מען פלעגט איהם זאָגען אַז די וואָס בייטען זייער גלויבען צוליעב נוצען וועלען ניט זיין קיין אויפריכטיגע קריסטען, פלעגט ער ענטפערען: „אָבער דערפאַר וועלען זייערע קינדער און קינדס־קינדער שוין זיין אמת'ע קריסטען".

די לאַגע פון די אידען אין איטאַליען איז נאָך בעסער געוואָרען ווען איטאַליען איז אריין אַלס טייל פון דער מערב־אייראָפּעאישער אימפּעריע פון קאַרל (שאַרלמאַין) דעם גרויסען (8—9טען יאָהרה.). דער קעניג האָט שטאַרק געשעצט די ארבייט פון די אידען אין דעם וועלט־האַנדעל און האָט זיי בעשיצט. אָבער אין דער צייט פון קאַרל דעם גרויסענ׳ס נאָכפאָלגער איז זיין מלוכה צופאַלען געוואָרען און אין מערב־אייראָפּאַ האָט זיך אַלץ מעהר אָנגעהויבען בעפעסטיגען די „פעאָדאַלע אָרדנונג". די פעאָדאַלע אָרדנונג איז געווען אַזוי: די אייגענטימער פון גרויסע לענדערייען זיינען אַליין געווען די גאַנצע בעלי־בתים אין זייערע אייגענע לענדערייען און זיי אַליין, און ניט דער קעניג פון לאַנד, פלעגען הערשען און רעגירען איבער זייערע איינוואוינער. דעם קעניג פלעגען זיי צאָ־לען שטייערען און איהם צושטעלען סאָלדאַטען פאַר זיינע מלחמות. דעריבער איז דער גורל פון די אידען אָבגעהאַנגען ניט אָן איין הערשער, נאָר אָן אַ סך. אין איין אָרט האָבען זיי געלעבט פריי און האָבען גענאָסען כמעט אַלע בירגערליכע רעכט, און אין אַ צווייטען אָרט האָט מען זיי געדריקט. גרויסע אידישע קהילות האָבען זיך דעמאָלט געפונען אין רוים, ווענעדיג, נעאַפּאָל און אויפ׳ן אינזעל סיציליען. אין רוים האָבען די קאַטוילישע פּאַבסטען די אידען געדולדעט, און מאַנכע האָבען זיי אפילו בעשיצט און ניט געלאָזט די קירכליכע אסיפות בעגרענצען זייערע רעכט; די אידען אין די פּאַבסטליכע ממשלות איז ניט ערלויבט געוואָרען בלויז צו האַלטען קריסטליכע בעדיענער אין זייערע הייזער, אויס מורא טאָמער וועלען זיי אָננעהמען דאָס יודענטום. אָבער אַז אידען זאָלען אריבערגעהן צום קריסטענטום — דאָס האָט מען געזוכט מיט אַלע מיטלען. פון איין אידישער פאַמיליע וואָס האָט אָנגענומען דאָס קריסטענטום איז שפּעטער ארויסגעקומען איינער, וואָס איז געוואָרען פּאַבסט, אונטער׳ן נאָמען אנאקליטוס דער צווייטער (1130—1138).

מיט דיזען פאַקט איז פערבונדען אַ פאָלקס־לעגענדע וועגען אַ „אידישען פּאַבסט" אלחנן. ביים גרויסען רבי שמעון פון מאַינץ — דערצעהלט די לעגענדע — האָט מען צוגע׳גנב׳עט זיין קליינעם זוהן אלחנן; מען האָט דאָס קינד גע׳שמד׳ט און אויפגעצויגען

אין א קאטוילישען מאנאסטיר. שפעטער איז ער געקומען קיין רוים, און א דאנק זיינע גלענצענדע פעהיגקייטען האט ער דער־גרייכט צום גרויסען אמט פון קארדינאל, און נאכדעם איז ער אויסגעקליבען געווארען פאר פאבסט. אבער אלחנן האט זעהר געבענקט נאך זיין משפחה און נאך זיין אמונה. ער האט שטארק געוואלט זעהן זיין אלטען פאטער. איז ער געפאלען אויף פאל־גענדען איינפאל. ער האט בעפעהלען דעם בישאף פון מאינץ ער זאל נעהמען שטארק דריקען די אידען פון יענער שטאדט. ער האט גערעכענט אז געווים וועלען די אידען שיקען שלוחים קיין רוים, און צווישען די שלוחים וועט אודאי זיין דער גרויסער רבי שמעון. און אזוי איז טאקע געווען: רבי שמעון איז געקומען קיין רוים צו בעטען דעם פאבסט ער זאל אבשאפען די גזרות אויף די אידען פון מאינץ. פון אנפאנג האט דער פאבסט פארפיהרט מיט׳ן אידישען געלעהרטען א וכוח וועגען אמונה און האט ארויס־געוויזען א וואונדערליכע קענטשאפט פון יודענטום, דערנאך האט ער געשפיעלט מיט׳ן זקן אין שאכמאט, און דאן, בלייבענדיג מיט איהם אליין, האט ער אויפגעדעקט פאר איהם זיין סוד. דער איבערראשטער רבי האט דערקענט אין דעם פאבסט זיין פערלאר־רענעם זוהן אלחנן און האט זיך איבערצייגט אז ער וויל ווערען צוריק א איד. ער איז שנעל אוועק קיין מאינץ מיט דעם פאבסט׳ס בעפעהל אז מען זאל די אידען אויפהערען צו דריקען, און מיט דער גליקליכער בשורה צו זיין ווייב, אז זייער לאנג פערפאלענער זוהן האט זיך אבגעזוכט. אין א קורצער צייט ארום איז דער פאבסט פלוצלינג פערשוואונדען פון רוים. ער איז בשתיקה געקומען קיין מאינץ און האט אויף דאס ניי גענומען אבהיטען אידישקייט און האט געלעבט אין הויז פון זיינע עלטערען. לויט אן אנדער נוסח פון דער לעגענדע האט זיך די געשיכטע ניט אזוי גליקליך געענדיגט: דער בעל־תשובה, וועלענדיג אויסקויפען זיינע זינד וואס ער איז פריהער אוועק פון יודענטום, האט זיך ארונטערגע־ווארפען פון דעם שפיץ פון דעם הייליגען פעטער׳ס קירכע אין רוים און איז דער׳הגר׳עט געווארען.

די לאגע פון די אידען אין דער ביזאנטישער אימפעריע (אויפ׳ן באלקאנישען האלב־אינזעל) איז געווען א סך ערגער ווי

אין איטאַליען. די ביזאַנטישע מלכים האָבען זיך פערהאַלטען פיינדליך צו די אידען נאָך פון די צייטען פון יוסטיניאַן (4טען יאָהרהונדערט) און האָבען זיי שטאַרק געדריקט אין זייערע בירגער־רעכט. אָפטמאָל פלעגט מען זיי מיט גוואַלד מאַכען פאַר קריסטען. דער קעניג לעאָ איסאַווריאַן האָט אַרויסגעגעבען אַ גזרה אַז אַלע אידען אין ביזאַנטיען זאָלען אָננעהמען דאָס קריסטענטום לויט די גריכישע צערעמאָניעס, און אויב ניט וועלען זיי שרעקליך בעשטראָפט ווערען (723). אַ סך אידען האָבען דעמאָלט אָנגענומען לפנים וועגען די קריסטליכע אמונה, האָפענדיג אַז ווען די פערפאָלגונגען וועלען אויפהערען וועלען זיי זיך אומקערען צוריק צו זייער איינענעם גלויבען; אָבער אַנדערע האָבען זיך אַריבערגעצויגען פון ביזאַנטיען אויפ'ן צפון־ברעג פון דעם שוואַרצען ים, אין טאַווריד און קרים. וועגען קעניג באַסיליוס דעם מאַצעדאָנישען (867) ווערט דערצעהלט, אַז ער האָט מיט אַלע מיטעל געצוואונגען די אידען צום קריסטענטום, און ווען עס האָט גאָרניט געהאָלפען האָט ער פערניכטעט אַרום טויזענד אידישע קהילות; גאַנץ געבליבען זיינען נאָר פינף קהילות, אַ דאַנק די בקשות פון דעם אידישען פּאָעט („פיטן") רבי שפטיהו, וועלכער האָט אויסגעהיילט דעם קעניג'ס טאָכטער פון משוגעת. דיזער דיכטער האָט, לויט דער מסורה, אָנגעשריבען די ריהרענדע תפלה, וועלכע הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „ישראל נושע" און וועלכע איז אַריינגענומען געוואָרען אין די סליחות און מחזור. די פאָלגענדע שורות פון דער תפלה דריקען אויס דעם געמיט פון די אומגליקליכע:

זיי קלאַפּען דיינע טיהרען ווי אָרימע בעטלער,
פאַרנעהם זייער געבעט גאָט פון די הימלען,
דערשראָקענע זיינען זיי פון זייערע צערנער און דריקער,
ניט פערלאָז זשע זיי, גאָט פון זייערע אבות,
זאָל די הילף זיי קומען פאַר אַלעמענס אויגען
און זאָלען רשעים ניט געוועלטיגען איבער זיי
ענדיגען זאָלסטו גאָר זייער פיין
און געהאָלפענע זאָלען זיי אויפגעהן קיין ציון

אָבער אַזעלכע שרעקליכע רדיפות זיינען געווען פערהעלטניס־מעסיג זעלטען. אין די רוהיגערע צייטען האָבען די ביזאַנטישע

אידען געשפיעלט זעהר א וויכטיגע ראָלע אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון לאנד. זיי האָבען געהאט זייערע קהילות אין די שטעדט פון גריכענלאנד, טהעסאליען, מאצעדאָניען, טהראציען און אויף די אינזלען פון דעם ארכיפעלאג. בעדייטענדע קהילות האָבען זיך געפונען אין דער הויפטשטאָדט קאָנסטאנטינאָפּאָל און אין דער פּאָרט־שטאָדט סאלאניקי. די אידען האָבען זיך בעשעפטיגט מיט פארשיידענע מלאכות, איבערהויפט מיט קולטיווירען זייד און פאבריצירען זייד און פורפור שטאָפען. בעזונדערס איז שטארק פארשפּרייט געווען צווישען די אידען פארבעריי, און די „אידישע פארב״ איז בעריהמט געווען אין דעם האנדעל פון יענער צייט. אין די גרויסע שטעדט האָבען זיך צוזאמען מיט די „תלמוד׳ישע״ קהילות געפונען אויך קאראימישע געמיינדען. אין קאָנסטאנטינאָפּאָל האָבען די אידען געוואוינט אין דעם האנדעלס־קווארטאל פּערא, אויפ׳ן ברעג פון ים. זייערע בירגער־רעכט זיינען, צוליעב די אַלטע געזעצען פון דער קירכע, געווען שטארק בעגרענצט, אָבער אין זייער אינערליכען לעבען זיינען זיי געווען פריי. די אידישע קהילות פלעגען פערוואלטעט ווערען פון אן עלטסטען, וואָס די אידען אליין פלעגען אויסקלייבען און וואָס פלעגט טראָגען דעם נאָמען „עפאָרוס״.

§3. די אידען אין שפּאניען אין דער צייט פון די וועסטגאָטען. אין שפּאניען, אויפ׳ן פירענעאישען האלב־אינזעל, האָבען די אידען געלעבט נאָך פון אַלטע צייטען, איידער נאָך דאָס קריסטענטום האָט זיך בעפעסטיגט אין לאנד. זיי זיינען אריינגע־דרונגען אהין אַלס די אונטערטאנען פון דער רוימישער אימפעריע, פון וועלכער שפּאניען איז אויך געווען א טייל. אין 5טען יאָהר־הונדערט, ווען די רוימישע אימפעריע האָט געהאַלטען אין צופאלען ווערען, איז שפּאניען בעזיעגט געוואָרען פון דעם גערמאנישען שבט די וועסטגאָטען, וועלכע האָבען דאָ געגרינדעט זייער מלוכה. די וועסטגאָטישע מלכים האָבען אָנגענומען דאָס קריסטענטום לויט דער קאָטוילישער שטה און האָבען געגעבען די גייסטליכע א גרויסע מאכט אין לאנד. פון דעמאָלט אָן האָט מען אָנגעהויבען שטארק צו פערפאָלגען די אידען פאר זייער גלויבען. דער קעניג ריקאָריד דער ערשטער האָט אַרויסגעגעבען זעהר שווערע גזרות געגען די

אידען (589). דער צוועק פון דיזע גזרות איז געווען אָבצושאַפען יעדער פּאַרקער צווישען אידען און קריסטען, וועלכע האָבען פריהער געלעבט ווי גוטע שכנים. מען האָט מורא געהאַט אַז די אידען וועלען אָבציהען די קריסטען פון דער קירכע. דער וועסטגאָטישער קעניג סיזעבוט האָט געגעבען די אידען די ברירה: ענטוועדער אָננעהמען דאָס קריסטענטום אָדער זיך ארויסקלייבען פון לאַנד (612). פיעלע זיינען דעמאָלט אוועק אין אַנדערע לענדער, נאָר אַנדערע זיינען געווען געצוואונגען זיך צו שמד'ען, בלייבענדיג אין האַרצען אידען. אייניגע פון די שפּעטערע הערשער האָבען אָבגעשאַפט אָדער ווייכער געמאַכט די ביטערע גזרות, אָבער אַזעלכע הערשער זיינען געווען ווייניג. דער גרעסערער טייל פון די וועסטגאָטישע מלכים אין שפּאַניען פאַראייניגט אין זיך ווילדקייט מיט רעליגיעזען פאַנאַטיזם. אָנגערייצט פון די קאַטוילישע גייסטליכע האָבען זיי געשטרעבט ענטוועדער צו פאַר־טיליגען די אידען אָדער זיי מאַכען פאַר קריסטען.

מיט בעזונדערער גרויזאַמקייט האָבען זיך אויסגעצייכענט די קעניגע רעצעסווינט (652), ערוויג (680) און עגיקאַ (687). מעהר פון אַלעמען האָבען זיי פערפאָלגט יענע אידען, וועלכע האָבען פריהער, על־פּי נויט, אָנגענומען דאָס קריסטענטום נאָר שפּעטער האָבען זיי זיך אומגעקערט צו זייער פריהעריגען גלויבען. פאַר'ן קעניג עגיקאַ זיינען דיזע אידען געבראַכט גע־וואָרען צו אַזאַ פערצווייפלונג, אַז זיי האָבען בעשלאָסען צו מאַכען אַ פאַרשווערונג און אַרונטערוואַרפען די וועסטגאָטישע דינאַסטיע. זיי האָבען געשלאָסען אַן אָבמאַך מיט זייערע ברידער אין צפון־אַפריקאַ, וועלכע האָבען געלעבט גליקליך אונטער דער הערשאַפט פון די אַראַבער און מיט זייער הילף האָבען זיי געוואָלט מאַכען אַ מלוכה־איבערקערעניש. אָבער די פאַרשווערונג איז ענטדעקט געוואָרען און אַלע שפּאַנישע אידען האָבען געקראָגען אַ שרעק־ליכע שטראָף. דער אויפגערעגטער קעניג, מיט דער הסכמה פון אַ קירכען־אסיפה וואָס איז פאַר דעם צוועק צוזאַמענגערופען גע־וואָרען, האָט אַרויסגעגעבען פאָלגענדען בעפעהל (694): היות די אידען האָבען ניט נאָר פאַרשוועכט די אמונה, אין וועלכער די קירכע האָט זיי בעעהרט אַריינצונעהמען, און זיי היטען זייערע

פריהעריגע צערעמאָניעס, נאָר זיי האָבען נאָך דערצו געמאַכט אַ פאַרשווערונג אַריינצוחאַפּען מיט גוואַלד די רעגירונג, דעריבער ווערען זיי ערקלערט פאַר שקלאַפען און זיי ווערען אָבגעגעבען אין לייב־אייגענטום צו קריסטליכע בעלי־בתים, וועלכע האָבען ניט קיין רעכט זיי ארויסצולאָזען פריי. די קינדער, ווען זיי ווערען אַלט זיבען יאָהר, ווערען צוגענומען פון זייערע עלטערען און זיי ווערען אָבגעגעבען צו קריסטען צום ערציהען".

מען קען ניט וויסען וואָס עס וואָלט געוואָרען פון די אידען נאָך אַזעלכע רדיפות ווען אין גיכען זאָל ניט געווען קומען אַ סוף צו דער וועסטגאָטישער הערשאַפט אין שפאַניען. פון צפון־אפריקא, וועלכע איז אָבגעטיילט פון שפאַניען דורך דעם גיבראַלטאַרישען וואַסער־דורכגאַנג האָבען זיך אַ גאַס געטהאָן אין דיזען לאַנד די קריעגערישע אַראַבער (בערבערען, מורען), און האָבען שנעל בע־זיעגט אַ גרויסען טייל דערפון (711). די אידען האָבען בעגעגענט די אַראַבער אַלס בעפרייער און האָבען זיי געהאָלפען אין זייער קאַמפף מיט די וועסטגאָטען. ווען די אַראַבער פלעגען איינגעהמען אַ שטאָדט פלעגען די פיהרער זי איבערגעבען צו די אידען צו היטען, אַזוי ווי צו זיכערע פריינד, און זיי פלעגען געהן ווייטער מיט זייער חיל. די הויפּטשטאָדט פון שפאַניען, טאָלעדאָ, איז איבערגעגעבען געוואָרען צום אַראַבישען קריעגספיהרער טאַריק דורך די אידען, וועלכע האָבען געעפענט פאַר'ן זיעגער די טויערען פון שטאָדט בעת די קאַטוילישע בעפעלקערונג איז געלאָפען זוכען רעטונג אין די קלויסטער. די שמירה פון דער הויפּטשטאָדט איז אויך פערטרויט געוואָרען צו די אידען. אויף אַזאַ אופן זיינען די אידען געוואָרען די בעלי־בתים פון יענע שטעדט, פון וועלכע מען האָט זיי פריהער אונערבאַרמליך געיאָגט. ווען די אַראַבישע קאַ־ליפען זיינען געוואָרען די הערשער פון שפאַניען האָבען זיי געגע־בען די אידען פולע רעליגיעזע פרייהייט און אינערליכע זעלבסט־פערוואַלטונג. אין גראַנאַדאַ, קאָרדאָוואַ, טאָלעדאָ און אַנדערע שפאַ־נישע שטעדט זיינען צוריק אויסגעוואקסען גרויסע אידישע קהילות, וועלכע זיינען געווען פונקט אַזוי זעלבסטשטענדיג ווי זייערע ברידער אין אַראַבישען בבל.

**דער אַראַבישער חיל וואָס האָט איינגענומען שפאַניען האָט**

נעהערט צום מזרח׳דיגען קאַליפאַט, וואו עס האָט דעמאָלט גע־הערשט די דינאַסטיע אָמאַיאַדען, מיט דער הויפּטשטאָדט דמשק*) דעריבער איז שפּאַניען לכתחילה געוואָרען אַ פּראָווינץ פון דעם קאַליפאַט פון דמשק. אָבער ווען די אָמאַיאַדישע קאַליפען האָבען אָבגעטראָטען זייער פּלאַץ צו דער דינאַסטיע אבאַסידען פון באַגדאַד (דער באַגדאַדישער קאַליפאַט) איז דער לעצטער פון די אָמאַיאַדען, אבדור־ראַחמאַן (עבדו־אל־רחמן) אנטלאָפען קיין שפּאַניען און האָט זיך דאָ ערקלערט פאַר אַ זעלבסטשטענדיגען הערשער (755). פאַר זיין הויפּטשטאָדט האָט ער אויסגעקליבען די שטאָדט קאָרדאָוואַ, און דאדורך האָט שפּאַניען שפּעטער געקראָגען דעם נאָמען דער קאַליפאַט פון קאָרדאָוואַ. דאָ איז פאַר די אידען אָנגעשטאַנען אַ צייט פון פריעדליכער ענטוויקלונג. זיך האַלטענדיג פעסט אָן זייער פאָלק און רעליגיאָן האָבען זיי זיך פונדעסטוועגען מתקרב געווען מיט די געבילדעטע אראַבער אין בירגערליכען און גייס־טיגען לעבען. און דורך די בשותפות׳ע קרעפטען פון דיזע צוויי סעמיטישע פעלקער, וועלכע האָבען געגלויבט, איינס אין יודענטום און דאָס צווייטע אין איסלאַם, איז אין שפּאַניען בעשאַפען גע־וואָרען אַזאַ הויכע קולטור, וועלכע האָט געמאַכט דיזעס לאַנד פאַר׳ן ליכטיגסטען ווינקעל אין דער פינסטערער אייראָפּאַ אין מיטעלאַלטער.

§4. פראַנקרייך און דייטשלאַנד. אידישע ישובים אין פראַנקרייך (גאַליען) און דייטשלאַנד האָבען אויפגעשפּראָצט נאָך דעמאָלט ווען דיזע לענדער זיינען געווען פּראָווינצען פון דער אַלטער רוימישער אימפּעריע. אין 4טען און 5טען יאָהרהונדערט פון דער קריסטליכער צייטרעכנונג בעגעגנען זיך אידישע קאָלאָ־ניעס אין מאַרסייל, אָרלעאַנס, קלערמאָן, פּאַריז, קעלן און אין אנדערע שטעדט. איבעראַל האָבען די אידען גענאָסען די רעכט פון „רוימישע בירגער״ און האָבען זיך פריעדליך איינגעלעבט מיט די פרעמדע געצענדיענער. די פאַרשפּרייטונג פון קריסטענטום צווישען די דאָזיגע קריעגערישע „באַרבאַרען״ האָט געדאַרפט וויי־בער מאַכען זייערע זיטען; די קריסטליכע אמונה, וועלכע איז

*) זעה אידישע געשיכטע, צווייטע טייל, §68—69

ארויסגעקומען פון דער אידישער, האט געדארפט נאך נעהנטער צוזאמענברענגען די פראנקען און די גערמאנען מיט די אידען וואס האבען געלעבט צווישען זיי. און ווירקליך, די ניי־בעקערטע פעל־קער האבען ניט געזעהן קיין גרויסען חילוק צווישען די צוויי רעליגיאנען, און האבען זיך טאקע דערנעהנטערט צו די אידען און זיך אפילו מיט זיי מתחתן געווען. אבער דאס איז ניט געפעלען געווארען די העכערע קריסטליכע גייסטליכע, וועלכע האבען מורא געהאט, אז דאס יודענטום זאל ניט בעאיינפלוסען די „קינדער פון דער קירכע" און זיי האבען מיט אלע כחות גענומען ארבייטען צו צושטערען די גוטע בעציהונגען צווישען די אנהענגער פון די צוויי אמונות. זיי האבען גענומען איינרייידען זייערע נאכפאלגער, אז עס איז א זינד זיך צו חבר'ן מיט די אידען, וועמעס על־טערען האבען כלומרשט גע'הרג'עט קריסטוס'ן. פיעל קאטוילישע בישאפען האבען צוגערעדט די קעניגע זיי זאלען די אידען שמד'ן, מיט גוואלד אדער זיי ארויסטרייבען פון לאנד.

די ארבייט פון די גייסטליכע איז געקרוינט געווארען מיט ערפאלג אין דער נייער פראנקישער מלוכה, וואו עס האבען גע־הערשט די קריסטליכע מלכים פון דער דינאסטיע מעראווינגען (6טען—7טען יאהרהונדערט). די מעראווינגישע מלכים האבען איבערגעגעבען די אידען אינגאנצען אין די הענד פון די גייסט־ליכע און זיי געשטעלט אונטער די געזעצען פון דער קירכע. די קירכליכע אסיפות אין ארלעאנס (533—541) האבען שטרענג פאר־באטען חתונות צווישען קריסטען און אידען; די אידען איז פאר־באטען געווארען זיך צו ווייזען אויף די גאסען אין די טעג פון קריסטליכען פסח און די וואך פריהער; פאר מגייר זיין א קריסט האט געקומט א גרויסע שטראף; ווען א שקלאף פון א אידען האט אנגענומען דאס קריסטענטום איז ער דאדורך אליין שוין בעפרייט געווארען. די גאנצע כונה פון די גלחים איז געווען—אבצושיידען מיט אן אייזערנער וואנד די אידען פון דער ארומיגער בעפעלקער־רונג און מאכען זיי פאר א בעזונדער קאסטע. אבער דערמיט האבען זיי זיך נאך ניט בענוגענט. מאנכע פראנקישע מלכים און בישאפען האבען געפרובט צו נויטען די אידען מיט גוואלד אנצו־נעהמען די קאטוילישע אמונה.

דער בישאָף אַביטוס פון קלערמאָן האָט לאַנג איינגערעדט די אידען פון זיין אָרט זיך אָבצוזאָגען פון דער אמונה פון זייערע אבות. אָבער זיינע רייד האָבען ניט געהאַט קיין ווירקונג און בלויז איין איד האָט זיך גע'שמד'ט אין דעם קריסטליכען פסח. דער משומד האָט ארויסגערופען געגען זיך דעם צאָרן פון זיינע פריהערינע ברידער. איינמאָל ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס אין אַ קריסטליכער פראָצעסיע האָט עפּיס אַ איד אויסגעגאָסען איהם אויפ'ן קאָפּ אַ שטינקעדיגען אויל. דער אויפגערעגטער קריסטליכער המון האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דער שוהל און פאַר דעם בישאָף אין די אויגען זי צושטערט ביז'ן גרונד און שיער אויסגע'הרג'ט אַלע אידען. אויף מאָרגען האָט דער בישאָף געלאָזט רופען צו זיך די אידען פון קלערמאַן און האָט זיי פאָרגעלעגט: אָנצונעהמען דאָס קריסטענטום אָדער אוועק פון שטאָדט. אַ פּאָעט־מאָנאַך פון יענער צייט האָט איבערגעלעגט אין לאַטיינישע גראַמען די קורצע רעדע וואָס דער בישאָף האָט דעמאָלט געהאַלטען צו די אידען:

זעה וואָס דו טהוסט, אַלטעס, נאַרישעס פאָלק!
בעניי דיין לעבען, לעהרן זיך אוים צו גלויבען חאָטש אויף דער עלטער
נאָר ריידען פיעל פון דיין נאַרישקייט איז ניטאָ קיין צייט.
טאָ הער: נעהם אָן אונזער גלויבען,, ווען ניט געה אַוועק.
די ברירה איז דיינע: נעהם מיין עצה שנעל
און בלייב דאָ מיט אונז, נאָר די האַרטנעקיגע זאָלען געהן.

אין דריי טעג ארום האָבען די אידען פון קלערמאַן פערלאָזען די שטאָדט און זיינען אוועק קיין מאַרסייל (576). בלויז פינף הונדערט פון זיי האָבען ניט געקענט ביישטעהן דעם נסיון און האָבען זיך גע'שמד'ט.

מיט בעזונדערער פלייסיגקייט צו שמד'ן די אידען האָט געארבייט דער פראַנקישער קעניג הילפעריך און זיין בעל־יועץ דער געלערנטער בישאָף גרעגאָרי פון טור. הילפעריך האָט געהאַט אין פּאַריז אַ האַנדעלס און געלט־פּאַרטרעטער אַ אידען מיט'ן נאָמען פּריסקוס. דער קעניג האָט שטאַרק געשעצט די חכמה און עהרליכקייט פון פּריסקוס'ן, אָבער ער האָט ניט געקענט דולדען וואָס ער איז אַ איד. האָט ער צוזאַמען מיט'ן בישאָף צוגערעדט פּריסקוס'ן ער זאָל זיך שמד'ן, אָבער דער איד איז געבליבען פער־

עקשנ'ט. איינמאָל האָט דער קעניג, אין שפּאַס, אָנגענומען פּריס־קוס'ן פאר'ן קאָפּ און האָט איהם איינגעבויגען און געזאָגט צום בישאָף: קום, דיענער פון גאָט, און לעג אַרויף אויף איהם דיינע הענד! פּריסקוס האָט מיט שרעק זיך אָבגערוקט פון דעם קריסט־ליכען צייכען. דער קעניג איז אין כעס געוואָרען און דער בישאָף האָט זיך אריינגעלאָזט אין אַ וכוח מיט דעם אידען ווע‏מעס גלויבען איז דער אמת'ער: דער קריסטליכער אָדער דער אידישער. דער איד האָט מיט שכל'דיגע סברות און מיט פּסוקים פון תנ"ך געוויזען אַז קריסטוס איז ניט געווען גאָט'ס זוהן. הילפּעריך האָט אָבגעלאָזט פּריסקוס'ן כדי צו געבען איהם צייט זיך צו בעדענקען. אָבער ווען יענער האָט זיך אַלץ גע'עקשנ'ט, האָט דער קעניג אויסגערופען: „אויב דער איד וועט ניט אָנהויבען גלויבען מיט'ן גוטען ווילען וועל איך איהם צווינגען צו גלויבען!" פון מורא פאַר די קעניגע און די גלחים האָבען אַ סך אידען אין פּאַריז זיך איבערגעגעבען צום שמד. אָבער פריסקוס האָט מיט פאַרשיידענע תרוצים אָבגעלעגט זיין שמד און האָט ניט געוואָלט אפילו לפּנים בייטען זיין אמונה. איינמאָל שבת ווען ער איז געגאַנגען אין שוהל, וועלכע האָט זיך געפונען אויף איינער פון די אָרגעלעגטע גאַסען אין פּאַריז, איז אַ משומד איהם בעפאַלען און איהם גע'הרג'עט (582).

איינער פון די לעצטע מעראָווינגישע מלכים, דאַגאָבאַרט, האָט געוואָלט איבעריאָגען אין גרויזאַמקייט צו די אידען די וועסט־גאָטישע מלכים פון שפּאַניען. ער האָט אָהן רחמנות געטריבען פון זיין לאַנד די אידען, וואָס זיינען געקומען אַהין צולויפען פון די רדיפות אין דער שכנ'ישער שפּאַניען. אין יאָהר 629 האָט ער מיט דער הסכמה פון די בישאָפען אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל אַז אַלע אידען וואָס ווילען זיך ניט שמד'ן זאָלען אַרויסגעטריבען ווערען פון גאַנץ פראַנקרייך. היסטאָריקער בעהויפּטען אַז צו דיזען שריט האָט דאַגאָבאַרט'ן צוגערעדט אין אַ בריעף דער ביזאַנטישער אימפּעראַטאָר העראַקליוס, וועלכער האָט אין דער זעלבער צייט אָנגעהויבען רדיפות אויף די אידען אין זיין אייגענער אימפּעריע (זעה טייל 2, §65). העראַקליוס האָט כלומרשט פון די נבואות פון שטערנזעהער זיך דערוואוסט, אַז ביזאַנטיען וועט חרוב ווערען דורך אַ „בעשניטענעם פאָלק". דענקענדיג אַז דאָס מיינט די אידען

האָט העראקליוס אַן עצה געגעבען דעם פראַנקישען קעניג ער זאָל זעהן אויס׳שמד׳ן די אידען, אַלס אַ פאָלק וואָס איז געפעהרליך פאַר יעדער קריסטליכער מלוכה. אַ „בעשניטענעם פאָלק” איז אין גיכען ווירקליך אָנגעקומען אויף ביזאַנטיען, אָבער דאָס זיינען ניט געווען די אידען, נאָר די אַראַבער־מוסולמענער.

ווען די מעראָווינגישע הערשאַפט איז געפאַלען און עס איז געגרינדעט געוואָרען די אימפעריע פון קאַרל דעם גרויסען האָבען די רדיפות אויף די אידען אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד אויף אַ צייט אויפגעהערט (768—814). דיזער מעכטיגער הערשער האָט זיך ניט אונטערגעוואָרפען צו דעם איינפלוס פון די גלחים און האָט בעשיצט די אידען, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען די וויכטיגסטע טרעגער פון האַנדעל און אַרבייט אין אייראָפּאַ. קאַרל דער גרויסער האָט געשטיצט אין פראַנקרייך די אונטערנעהמונגען פון די אידען, האָט זיי ערלויבט צו קויפען ערד און זיך פאַרנעהמען מיט אַלע בע־שעפטיגונגען, איבערהויפט מיט בעטרייבען שיפען. איינינגע גע־בילדעטע אידען זיינען אפילו געווען קרובים למלכות, איינער פון זיי, יצחק, איז געווען צווישען די שלוחים, וואָס קאַרל האָט געשיקט צום באַגדאַדישען קאַליף הארון־אל־ראשיד. קאַרל׳ס זוהן, לודוויג דער עהרליכער (814—840), האָט אויך געשיצט די אידען געגען די פיינדליכע גלחים. ווען דער פאַנאַטישער בישאָף אַגאָ־באַרד האָט אָנגעהויבען אין די קלויסטערס אויפצורייצען דעם המון צו בעפאַלען אידען, האָט לודוויג איהם בעפעהלען אנשווי־גען צו ווערען און די אידען האָט ער צוגעזאָגט זיי צו בעשיצען. ער האָט אוועקגעשטעלט אַ בעזונדערען „אידישען מאגיס־טער” („**Magister judaeorum**”) צו בעשיצען די בירגערליכע און האַנדעלס־רעכט פון די אידען.

די מלוכה פון קאַרל דעם גרויסען איז צוריק צופאַלען גע־וואָרען נאָכ׳ן טויט פון זיין זוהן. קאַרל׳ס קינדער האָבען גע־וועלטיגט אין איטאַליען, דייטשלאַנד און פראַנקרייך, וועלכע זיינען געוואָרען בעזונדערע מלוכות. נאָר די הערשאַפט פון דיזע מלכים איז געווען זעהר אַ שוואַכע. אַ דאַנק דער פעאָדאַלער אָרדנונג (§2), האָבען די איינצעלנע באַראָנען און גראַפען געהערשט אין זייערע לענדערייען אַזוי ווי זעלבסטשטענדיגע קעניגע. און דריבער איז

אין פארשיידענע געגענדען פון פראנקרייך די לאגע פון די אידען געווען פארשיידען: אין איניגע ערטער האָבען די פעאָדאלען זיי בעשיצט און אין אנדערע—פערפאָלגט. דאָרט וואו די גלחים האָבען געהאַט אַ מאכט איז מען זיך מיט די אידען בעגאנגען גרויזאם. אין דער שטאָדט טולוז, צום ביישפיעל, האָבען די גראפען איינגע־פיהרט אזא מין „קירכליכען" מנהג: יעדען יאָהר, ערב דעם קריסט־ליכען פסח, פלעגט דער גראף פון טולוז פאררופען צו זיך דעם פאָרשטעהער פון דער אידישער קהילה און פלעגט איהם געבען אַ שטארקען פאטש אין פנים כדי דאדורך צו דערמאָנען די אידען אָן די פייניגונגען פון דעם געקרייציגטען קריסטוס'ן. אין שפּעטערע צייטען פלעגען די אידען זיך פון דיזען פאטש אויסקויפען מיט אַ בעזונדערען אָבצאָל. אין בעזיער פלעגען די קאטוילישע גלחים יעדען יאָהר אין דער „הייליגער וואָך" אויפהעצען דעם קריסטליכען המון צו נעהמען נקמה אָן די אידען פאר קרייציגען יעזוס'ן, און די מאסע וואָס האָט געפאָלגט איהרע פיהרער, פלעגט זיך ווירקליך ארויפווארפען אויף די אידען, זיי שלאָגען און ווארפען שטיינער אין זייערע הייזער. מאנכעס מאָל פלעגען די אידען מיט געוועהר אין די הענד זיך שטעלען געגען זייערע אָנגרייפער, און דעמאָלט פלעגט עס קומען צו בלוטפערגיסונג.

אין דייטשלאנד, נאָך דער דינאסטיע פון קארל דעם גרויסען, האָט זיך בעפעסטיגט די סאַקסאָנישע דינאסטיע. דער דייטשער קעניג אָטאָ דער גרויסער (אין 10טען יאָהרהונדערט) האָט ארונ־טערגענומען אונטער זיין הערשאפט צפון־איטאליען און האָט גע־קראָגען דעם נאָמען „אימפעראטאָר". די דייטשע הערשער האָבען זיך בעטראכט פאר די יורשים פון די רוימישע אימפעראטאָרען און אויף די אידען האָבען זיי געקוקט אזוי ווי אויף אַן אייגענטום וואָס איז זיי איבערגעגאנגען בירושה פון דעם אַלטען רוים. זעהר אָפט פלעגען די אימפעראטאָרען אוועקשענקען צו זייערע פעאָדאלען, (גראפען, באראָנען און בישאָפען) שטיקער לאנד צוזאמען מיט די אידען, וואָס האָבען דאָרט געלעבט. פאר דער ערלויבניש זיך צו פארנעהמען מיט האנדעל אָדער געוויסע מלאכות פלעגט די רעגירונג ארויפלעגען אויף די אידען גרויסע אָבצאָלען.

אין אַ סך שטעדט אין דייטשלאנד האָבען די אידען געלעבט

אין אָבגעזונדערטע קהילות, וואָס אָן זייער שפּיץ זיינען געשטאַנען די רבנים און פּרנסים. די חשוב'סטע קהילות האָבען זיך געפונען אין די שטעדט עלזאַס, לאָטרינגען און אין די געגענדען פון דעם רייהן (מאַינץ, וואָרמס, שפּייערן און קעלן). דאָ זיינען אויסגע־וואַקסען ישיבות און עס האָבען זיך בעוויזען גרויסע חכמים און רבנים, וואָס זייער השפּעה איז געוועזן זעהר שטאַרק און וואָס לויט זייערע אָנווייזונגען האָבען זיך די אידען געפיהרט אין זייער אי־נערליכען לעבען. אין אָנהויב פון 11טען יאָהרהונדערט איז בע־ריהמט געוואָרען דער גרויסער געלעהרטער רבנו גרשם, וואָס האָט געקראָגען דעם צונאָמען „מאור הגולה", די ליכט פון פאַרטריבענעם פאָלק. ער איז געשטאַנען בראש פון דער גרעסטער ישיבה, וואָס איז געוועזן דער גאָרטען פון רבנים פאַר די קהילות פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך. אַזוי ווי די גאונים פון אַמאָל אַזוי האָט אויך רבנו גרשם גע'פסק'עט הלכות און אידישע דינים און האָט אויך אַרויסגעגעבען נייע תקנות לויט די בעדערפנישען פון דער צייט. צווישען אַנדערע זאַכען האָט ער פאַרבאָטען פיעל־ווייבעריי ביי אידען, וואָס מען פלעגט נאָך אַמאָל טרעפען ביי די אידען אין מזרח און האָט אויך מתקן געוועזן אַז אַ מאַן טאָר ניט גט'ן זיין ווייב געגען איהר ווילען. די דאָזיגע תקנות זיינען נאָכער בעשטעטיגט געוואָרען פון אַ רבני'שער אסיפה אין וואָרמס. די געלערטע וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון רבנו גרשם'ס ישיבה זיינען געוועזן בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „חכמי לתרניה", ד. ה. די חכמים פון לאָטרינגען.

§5. רוסלאַנד און פוילען; די כוזרים. אין יענע לענדער וועלכע זיינען שפּעטער אַריין אַלס טיילען פון דרום־רוסלאַנד, האָבען זיך די אידען בעזעצט אין די גאָר אַלטע צייטען. שוין אין די ערשטע צייטען פון קריסטענטום בעגעגנען זיך אידישע ישובים אין די גריכישע לענדער צו צפון פון שווארצען ים און אויפ'ן האַלב־אינזעל קרים. דאָרט האָבען זיך בעזעצט אידישע אויסוואַנדערער פון ביזאַנטיען, וועלכע האָט געהאַט קאָלאָניעס אין דיזע לענדער. צוויי גריכישע אויפשריפטען אויף דענקמעלער, וועלכע מען האָט געפונען נעבען קערטש און וועלכע געהערען

צו די יאָהרען 81—80 פון דער קריסטליכער צייטרעכנונג זאָגען ערות, אז אין דיזער געגענד האָבען עקזיסטירט „אידישע שוהלען".

אין 7טען יאָהרהונדערט איז ביי די ברעגען פון קאַספּישען ים אויסגעוואקסען א מעכטיגע מלוכה פון די „כוזרים" (כאזארען). די כוזרים זיינען לכתחילה געווען געצענדיענער פון א טאָטערשען שבט. נאָר מיט דער צייט האָבען זיי זיך בעקאַנט מיט דער אמונה פון די אידען, גריכען און אראבער און האָבען דערפיהלט א נייגונג צו אחדות הבורא. די לעגענדע דערצעהלט אז דער קעניג פון די כוזרים בולאַן (ארום 730) האָט געוואָלט אָננעהמען איינע פון דיזע דריי אמונות. דער ביזאנטישער קעניג האָט געשיקט צו איהם שלוחים מיט מתנות און האָט איהם פאָרגעלעגט ער זאָל אָננעהמען דאָס קריסטענטום; אַן אראבישער קאליף האָט געשיקט שלוחים צו געווינען איהם צום מאחמעדאניזם. אָבער בולאַן האָט געשיקט רופען אידישע חכמים אויך. אזוי ווי יעדער איינער האָט געלויבט נאָר זיין אייגענע רעליגיאָן האָט בולאַן בעשלאָסען אויסצוקלייבען פון די דריי די אידישע אמונה, ווייל זי איז די עלטסטע. א סך כוזרים האָבען נאָכגעטהאָן זייער קעניג און האָבען אָנגענומען דאָס יודענטום. די כוזרישע מלכים האָבען זיך פון דעמאָלט אָן א נאָמען געגעבען „קאהאנים" (כהנים). זייער הויפּטשטאָדט איז געווען ביטיל, נאָהנט צו יענעם אָרט, וואו דער טייך וואָלגא פאלט אריין אין קאַספּישען ים (נעבען דעם היינטיגען אסטראכאן). איינער פון בולאַנ'ס יורשים, קאהאַן עובדיה, איז געווען זעהר א הייסער אָנהענגער פון יודענטום. ער האָט צוזאמענגערופען פון אנדערע לענדער אידישע געלערטע און האָט זיי געהייסען לערנען דעם פאָלק דעם תנ"ך, פלעגט בויען שוהלען און האָט איינגעשטעלט אַן אָרדנונג אין די תפלות. די אידישע אמונה האָט ווייכער געמאכט די זיטען פון די האלב־ווילדע כוזרים. א לאַנגע צייט האָבען די אידען אין די אַנדערע לענדער ניט געוואוסט פון דער כוזרישער מלוכה. ערשט אין דעם 10טען יאָהרהונדערט האָט מען זיך דערוואוסט דערפון אין שפּאניען. ארום יאָהר 950 האָט דער כוזרישער מלך יוסף אָוועקגעשיקט קיין שפּאניען א בריעף, אין וועלכען ער האָט דערצעהלט די געשיכטע ווי אזוי זיינע אור־עלטערען האָבען אָנגענומען די אידישע אמונה. אין ניבען נאָבדעם איז די כוזרישע

מלוכה געפאַלען. אין די אַמאָליגע צייטען פלעגען זיי מאַכען אַנ־פאַלען אויף די סלאַוועז וועלכע האָבען געלעבט פאַזע דער וואָלגאַ און דעם דניעפּער, און פלעגען נעהמען פון זיי אָבצאָל. נאָר ווען די רוסישע מלוכה איז אונטער די קיעווער פירשטען פערשטאַרקט געוואָרען, איז די הערשאַפט פון די כוזרים אָבגעשוואַכט געוואָרען. דער קיעווער פירשט סוויאַטאָסלאַוו האָט איינגענומען זייערע פעס־טונגען ביי דער וואָלגאַ און האָט זיי אַרויסגעשטויסען פון דער קאַספּישער געגענד (969). די כוזרים האָבען זיך טיילווייז בעזעצט אין קרים און טיילווייז זיך צוזייהט איבער די רוסישע לענדער.

אַרום יענער צייט האָבען זיך די אידען בעוויזען אין דעם קיעווער רוסלאַנד. דער רוסישער היסטאָריקער נעסטאָר דערצעהלט אַז אין יאָהר 986 זיינען קיין קיעוו אָנגעקומען „כוזרישע אידען". דער פירשט פון קיעוו, וולאַדימיר דער הייליגער, דעמאָלט נאָך אַ געצענדיענער, האָט זיך געגרייט אָנצונעהמען פון די גריכען די קריסטליכע רעליגיאָן. די כוזרישע אידען, דערצעהלט די לעגענדע, האָבען איהם צוגערעדט ער זאָל אָננעהמען דאָס יודענטום. נאָר וולאַדימיר האָט זיי געפרעגט: וואו איז אייער לאַנד? און די אידען האָבען געענטפערט: אין ירושלים. „און איהר לעבט דאָרט?" האָט דער פירשט ווייטער געפרעגט. „ניין—האָבען די אידען גע־ענטפערט: גאָט האָט געצאָרנט אויף אונזערע עלטערען און האָט זיי צושפּרייט איבער פאַרשיידענע לענדער". דאַן האָט וולאַדימיר געזאָגט: ווי אַזוי זשע לעהרנט איהר אַנדערע ווען איהר אַליין זייט פאַרשטויסען פון גאָט און פאַרטריבען?„ און דער פירשט האָט אָנגענומען דאָס קריסטענטום און האָט אויך זיין פאָלק גע־מאַכט פאַר קריסטען. די רוסישע מאָנאַכען און גלחים וואָס האָבען זיך באַלד בעוויזען און וואָס זיינען ערצויגען געוואָרען פון די גריכען, פלעגען אָפט האָבען וכוחים מיט די אידען וועגען אמונה. דער מאָנאַך טהעאָדאָסיוס פלעגט געהן צו די קיעווער אידען און זיך מיט זיי מתוכח זיין וועגען אמונה, אָנרופענדיג זיי גאָטלאָזע, בופרים (1070). אין רוסלאַנד האָט זיך אויסגעבילדעט אַזאַ בע־ציהונג צום יודענטום ווי אין ביזאַנטיען.

אין הונדערט יאָהר אַרום נאָך „וולאַדימיר דעם הייליגען" האָבען אידען נאָך געלעבט און געפיהרט האַנדעל אין דעם קיעווער

פירשטענטום. דער גרויסער פירשט סוויאטאָפּאָלק דער צווייטער האָט געשיצט די אידישע סוחרים און האָט צו אייניגע אפילו פערטרויט די זאמלונג פון די רעגירונגס־שטייערען. אין דער שטאָדט קיעוו איז דעמאָלט געווען אַ בעדייטענדע אידישע קהילה. אָבער דיזע קהילה האָט שווער געליטען נאָכ׳ן טויט פון סוויאטאָפּאָלק, ווען דאָס לאנד איז אַ שטיק צייט געבליבען אָהן אַ בעשטימטען הערשער (1113). די איינוואוינער פון קיעוו האָבען גערופען וולאַדימיר מאָנאָמאַך צו ווערען פירשט, נאָר אזוי ווי ער איז ניט גיך געקומען זיינען דערווייל אין קיעוו אויסגעבראָכען אונרוהען. דער המון האָט געמאַכט אַן אויפשטאַנד, האָט צורויבט דעם הויף פון דעם הויפּטמאַן פּוטיאַטאָ, און דערנאָך זיך אַ לאָז געטהאָן אויף די אידען און צורויבט זייער האָב און גוטס. די איינוואוינער פון קיעוו האָבען געשיקט נייע שלוחים צו וולאַדימיר׳ן מיט דער ווארנונג, אז אויב ער וועט נאָך לענגער צעגערען וועט דער פּאָגראָם נאָך שטאַרקער ווערען. דאַן איז וולאַדימיר געקומען און איינגעשטעלט אָרדנונג אין דער הויפּטשטאָדט. די אידען זיינען ווייטער געבליבען וואוינען אין קיעוו. אין יאָהר 1124 האָבען זיי שווער געליטען פון אַ שרפה, וואָס האָט פערניכטעט אַ גרויסען טייל פון שטאָדט. קיעוו האָט צוגעצויגען אידישע סוחרים, ווייל דאָס איז געווען די גרעסטע שטאָדט דורך וועלכער עס איז געגאַנגען דער האנדעל פון מערב־אייראָפּאַ מיט אזיען.

אין דעם קיעווער רוסלאַנד זיינען געגאַנגען אידישע וואנדערער פון ביזאַנטיען און די נאָהענטע אזיאַטישע לענדער, און אין דעם שכנ׳ישען פּוילען זיינען געגאַנגען עמיגראַנטען פון מערב־אייראָפּאַ. מען רעכענט אז נאָך פון די צייטען פון קאַרל דעם גרויסען זיינען אידישע סוחרים פון דייטשלאַנד געקומען קיין פּוילען צוליעב געשעפט, און אַ סך זיינען דאָרט געבליבען וואוינען אויף אימער. עס איז פאַרהאַן אַן אַלטע לעגענדע וועגען אַ אידען, וואָס איז געווען איין טאָג מלך אין פּוילען. די לעגענדע דערצעהלט, אז נאָכ׳ן טויט פון זייער קעניג פּאָפּעל האָבען זיך די פּאָליאַקען צונויפגעקליבען אויף אַ פערזאַמלונג אין קרושעוויצע אויסצוקלייבען אַ נייעם הערשער (ארום 842). לאַנג האָט מען פערהאַנדעלט ועמען מען זאָל אויסקלייבען, און צום סוף איז בעשלאָסען געוואָרען, אז יענער,

וואָס וועט דער ערשטער אַריינקומען אין שטאָדט אַריין דעם קו־מענדען פריהמאָרגען זאָל ווערען קעניג. האָט גראָד פּאַסירט, אַז דער ערשטער איז אַריינגעקומען אין שטאָדט אַריין דער איד אברהם פּאָרחאָווניק, און מען האָט איהם אויסגערופען אַלס קעניג. אָבער דער איד האָט זיך אָבגעזאָגט פון דעם כבוד און האָט גע־געבען אַן עצה מען זאָל אויסקלייבען דעם קלוגען פּאָלאַק פּיאַסט. אַזוי האָט מען געטהאָן און פּיאַסט איז געוואָרען דער ערשטער פון דער דינאַסטיע פון די פּיאַסטען. נאָך אַ לעגענדע דערצעהלט, אַז צום סוף פון 9טען יאָהרהונדערט זיינען געקומען אידישע שלוחים פון דייטשלאַנד צום פּוילישען קעניג לעשעק מיט דער בקשה ער זאָל אַריינלאָזען די אידען קיין פּוילען. לעשעק האָט זיי אויסגעפרעגט וואָס איז די אידישע אמונה און האָט מסכים געווען. דעמאָלט האָבען אַ סך אידען אויסגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד און זיך בעזעצט אין פּוילען (894). די וואַנדערונג פון די אידען נאָך פּוילען האָט זיך פערשטאַרקט צום סוף פון 10טען יאָהרהונדערט ווען דאָס פּוילישע פּאָלק האָט אָנגענומען דאָס קריסטענטום און האָט זיך דאדורך פערבונדען מיט דער קאַטוילישער קירכע פון מערב־אייראָפּאַ און מיט די פעלקער פון מערב־אייראָפּאַ, צווישען וועלכע די אידען האָבען געלעבט אין גרויסע צאָלען.

---

## צווייטער קאַפּיטעל.

# די אויפלעבונג פון יודענטום אין אַראַבישען שפּאַניען.

.(950—1215)

§6. דער קאַליפאַט פון קאָרדאָוואַ; רבי חסדאי. די מלוכה וואָס די אַראַבער האָבען געגרינדעט אין שפּאַניען (711) איז זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוואַקסען אין דעם 10טען יאָהרהונדערט. זי האָט ארומגענומען דעם גאַנצען צענטער און דעם דרום פון פּי־רענעאישען האַלב־אינזעל מיט די גרויסע שטעדט: קאָרדאָוואַ,

סעווילא, טאָלעדאָ און גראַנאַדאַ. קליינע קריסטליכע מלוכות זיינען געבליבען בלויז אין צפון, אין קאַסטיליען און אראַגאָניען. די אידען האָבען געלעבט צווישען די פריינדליכע אראבער, אונטער׳ן שוץ פון די מלכים אָדער „קאַליפען", וועמעס הויפטשטאָדט עס איז געווען קאָרדאָווא. די העכסטע שטופע פון בליהונג האָט דער קאָרדאָווער קאַליפאַט דערגרייכט אין דער צייט פון די קאַליפען אבדו־ראַחמאַן דער דריטער און אלחאקים דער צווייטער (976—912). אבדו ראַחמאַן האָט פארנומען אַן אָנגעזעהענעם אָרט צווישען די קריסטליכע און מאַחמעדאַנישע מלכים פון זיין צייט. ער איז בעריהמט געוואָרען אַלס ליעבהאָבער פון וויסענשאַפט, פּאָעזיע און קונסט. האַנדעל און ארבייט האָבען דעמאָלט געבליהט אין די גרויסע שטעדט אין אראבישען שפּאַניען. אין קאָרדאָווא האָט זיך געפונען אַ בעפעלקערונג פון אַ האַלבען מיליאָן נפשות, מאַחמעדאַנער, אידען און קריסטען, מעהר ווי הונדערט טויזענד הייזער, אַ מאַסע געבעט הייזער (מעטשעטען) און פּאַלאַצען. אין דיזער פריעדליכער, געבילדעטער געזעלשאַפט האָט מען געשעצט ניט די גבורות פון מלחמה נאָר די גרויסקייט פון פערשטאַנד. גרויסע געלערטע און פּאָעטען זיינען אין די הויכע קרייזען מעהר געעהרט געוואָרען ווי גרויסע קריעגספיהרער. דער קאַליף אלחאקים אליין איז געווען אַ פּאָעט און אַ ליעבהאָבער פון וויסענשאַפט; ער האָט אויסגעגעבען אַ סך געלט זיך איינצושאַפען טייערע און זעלטענע קונסטווערק; אין זיין ביבליאָטעק האָבען זיך געפונען ארום פיער הונדערט טויזענד כתב־יד׳ן. די אקאַדעמיע פון קאָרדאָווא איז דעמאָלט געווען די בעריהמטעסטע אין אייראָפּאַ. געלערנטע און שריפטשטעלער פלעגען אָפט בעשטימט ווערען צו הויכע שטעלען אין דער רעגירונג.

איינער פון די אנגעזעהענסטע פערזאָנען אין דער רעגירונג אין יענער צייט איז געווען דער איד רב חסדאי אבן־שפרוט (970—915). חסדאי איז געווען דער זוהן פון אַ חשוב׳ען אידען אין קאָרדאָווא און האָט אין דער יוגענד געקראָגען אַ גוטע ערציהונג. ער האָט געלערנט שפּראַכען און מעדיצין און האָט פּאָלקאָם בעהערשט העברעאיש, אראביש און לאַטיין. דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ פּראַקטישען פערשטאַנד און האָט געקענט רעגירען.

אבדררחמאן האָט איינגעזעהן דיזע זעלטענע פעהיגקייטען פון חסדאי און האָט איהם געמאַכט פאַר זיין אויסלענדישען מיניסטער. אַלע אנגעלעגענהייטען צווישען דעם קאַליף און אַנדערע מלכים און רעגירונגען זיינען געגאַנגען דורך חסדאי. פאַרנעהמענדיג אַ גרויסע שטעלע אין קעניגליכען הויף האָט חסדאי אין דער זעלבער צייט שטאַרק געאַרבייט פאַר דער טובה פון זיינע פאָלקס־ברידער. ער איז געוואָרען דער עלטסטער פון אַלע אידישע קהילות אין שפּאַניען, עטוואָס עהנליך אויפ'ן נשיא אָדער עקזילאַרך אין בבל. אונטער זיין שוץ האָבען די שפּאַנישע אידען געגאָסען רוה און גליק.

ווען אין קאָרדאָווא פלעגען קומען שלוחים פון ביזאַנטיען אָדער אַנדערע לענדער אין אייראָפּאַ און אַזיען פלעגט זיי חסדאי אויספרעגען וועגען דער לאַגע פון די אידען אין זייערע לענדער. איינמאָל האָבען די אידען פון פּערסיען איהם מודיע געווען, אַז ערגעץ אין די וויטע לענדער איז פאַרהאַן אַ זעלבסטשטענדיגע אידישע מלוכה — די כוזרים, מיט אַ אידישען מלך מיט'ן נאָמען יוסף. חסדאי האָט פון אָנפאַנג ניט געגלויבט די פרייליכע בשורה און ער האָט געוואָלט דערגעהן דעם אמת. לאַנג האָט ער געזוכט אַ וועג אין דעם אונבעקאַנטען כאַזאַריען און האָט אוועקגעשיקט אהין, איבער ביזאַנטיען און רוסלאַנד, אַ שליח מיט אַ בריעף צום כוזרי־שען קעניג און איהם געבעטען ער זאָל איהם שרייבען דעם גאַנצען אמת וועגען דער געהיימניספולער אידישער מלוכה. „ווען איך וואָלט געוואוסט — האָט חסדאי געשריבען — אַז אונזער פאָלק האָט אַן אייגענע מלוכה אויף דער וועלט, וואָלט איך פערלאָזט מיין הויכע שטעלע, וואָלט איבערגעלאָזט מיין הויזגעזינד און וואָלט געגאַנגען איבער בערג און טאָלען, איבער ים און יבשה, ביז איך וואָלט געקומען אין דעם אָרט וואו עס געפינט זיך מיין האר, דער אידישער מלך. איך וואָלט געזעהן ווי עס לעבט רוהיג דער רעשט פון אידישען פאָלק און וואָלט אויסגעגאָסען מיין נשמה אין לויב־געזאַנגען צו גאָט, וועלכער האָט ניט אָבגעטהאָן זיין גנאָד פון זיין אומגליקליכען פאָלק. ווארום שוין לאַנג וואַרט אונזער פאָלק אויף זיין גאולה, וואָגלענדיג זיך פון לאַנד צו לאַנד. אונזער כבוד איז געראויבט, מיר זיינען ערנידריגטע אין גלות און מיר קענען גאַרניט ענטפערען די יעניגע וואָס וואַרפען אונז פיר, אַז יעדער פאָלק האָט

א מלוכה". אין א צייט ארום האט חסדאי געקראגן אן ענטפער פון דעם כוזרישען קעניג אדער קאהאן יוסף (ארום 960). פון דעם קעניג'ס בריעף האט ער זיך דערוואוסט אז די כוזרים שטאמען ניט פון אידען און אז בלויז די קעניגע און א גרויסער טייל פון פאלק היטען אב דאס יודענטום. יוסף דער קעניג האט געענדיגט זיין בריעף מיט פאלגענדע ווערטער: „אונזער בליק איז געווענדעט צו גאט, צו די חכמים פון ישראל אין די ישיבות פון ירושלים און בבל... גאט זאל פארשנעלערען די גאולה פון זיין פאלק און זאל צוזאמענברענגען די צוזייהטע פון ישראל נאך אין אונזערע טעג". אין צעהן יאהר נאכדעם ווי עס איז דערהאלטען געווארען די תשובה פון דעם קעניג יוסף איז געקומען די טרויעריגע נאכריכט אז די כוזרישע מלוכה איז געפאלען (§5). עס איז ניט באשערט געוועזן חסדאי'ן צו בעזעצען זיך אין דעם אידישען קעניגרייך, נאר פארקערט, די קינדער פון די כוזרישע מלכים האבען געדארפט זוכען רעטונג אין שפאניען.

רב חסדאי איז אליין געווען א געלערטער און האט שטארק געשטיצט אידישע געלערטע. אין זיין צייט איז אין קארדאווא גע־גרינדעט געווארען א גרויסע ישיבה. וועגען דעם ווערט דערצעהלט פאלגענדע לעגענדע. איינער פון די פיער גרויסע חכמים וואס די אידען אין בבל האבען דעמאלט געשיקט צו קלייבען געלט פאר דער ישיבה אין סורא און וואס זיינען געפאנגען געווארען פון אראבישע מאטראזען (זעה טייל 2, §72), איז אויסגעלייזט געווארען פון געפאנגענשאפט דורך די אידען פון קארדאווא (955). דער נאמען פון דיזען געלערטען איז געווען משה בן־חנוך. לכתחילה האט ער ניט ארויסגעוויזען זיין געלערנטקייט, און בלויז צופעליג האט מען זיך דערפון דערוואוסט. איינמאל איז ער געקומען אין שוהל אין קארדאווא אנגעטהאן אין קליידער פון אן ארימען וואנ־דערער. דער רב און דיין פון שטאדט, רבי נתן, האט געהאלטען אין זאגען א שעור פאר'ן עולם און האט ערקלערט א שווערע סוגיא. רבי משה בן־חנוך איז געזעסען אין א ווינקעל ביי דער טיר און האט געהערט ווי דער רב האט אין איין ארט זיך צומישט אין זיין ערקלערונג. ער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט געמאכט דעם רב איינינע בעמערקונגען. דער עולם האט מיט

פערוואונדערונג צוגעהערט די טיפזיניגע ערקלערונגען פון דעם אָרימען וואנדערער, און זיי האָבען איהם געפרעגט נאָך אנדערע שווערע קשיות, וועלכע ער האָט גלייך אויפ'ן אָרט פארענטפערט מיט גרויס פערשטאנד. דאן איז רבי נתן ארויס פון שוהל און האָט געזאָגט: איך קען ניט מעהר זיין אייער רב: דיזער נאָמען פאסט בעסער יענעם אָרימען וואנדערער. ער איז מיין רבי און איך בין פון איצט זיין תלמיד. קלייבט איהם אויס פיר רב און דיין אין קאָרדאָווא". און אזוי איז געשעהן. ווען רבי משה איז געוואָרען רב פון קאָרדאָווא האָט ער גענומען ארבייטען צו פאר־שפרייטען דעם תלמוד צווישען די שפאנישע אידען. ער האָט עס געעפענט אין קאָרדאָווא די ישיבה, פיר וועלכער מען האָט אראָב־געבראכט פון בבל טייערע קאָפּיעס פון תלמוד. די דאָזיגע ישיבה איז באלד אזוי בעריהמט געוואָרען אז עס האָבען זיך גענומען ציהען אהין א סך יונגע לערנער פון שפּאניען און פון דער שכנ'ישער אפריקא. אלע האָבען אנערקענט די גרויסקייט פון רבי משה און די הלכות וואָס ער האָט גע'פסק'עט האָבען די אידען אָבגעהיט אזוי ווי אמאָל די הלכות פון די בבל'שע גאונים. משה האָט גע־טראָגען דעם טיטעל ניט גאון נאָר „רבי" (לעהרער) און דיזער טיטעל איז אָנגענומען געוואָרען ביי די אידען אין אייראָפּא.

רב חסדאי האָט אויך געשטיצט די העברעאישע שפּראכקענער. דעמאָלט האָבען געלעבט אין קאָרדאָווא די מדקדקים מנחם בן־סרוק און דונש בן־לברט.ביידע האָבען געפאָרשט די געזעצען פון דער העברעאישער גראמאטיק, נאָר זיי האָבען זיך צושיידט אין זייערע מיינונגען. מנחם האָט פערפאסט דעם ערשטען העב־רעאישען ווערטערבוך מיט'ן נאָמען „המחברת", און דונש האָט געשריבען א קריטיק אויף דיזען ספר, וואו ער האָט אָבגעלאכט פון די מיינונגען פון זיין געגנער און זיינע ערקלערונגען פון די ווערטער פון תנ"ך. עס האָט זיך אָנגעהויבען א גרויסע מחלקה צווישען די אנהענגער פון די צוויי געלערטע; חסדאי איז אריבער אויף דער זייט פון דונש און האָט צוגענומען ביים אָרימען מנחם'ן זיין שטיצע. פון מנחם'ס תלמידים האָט זיך שטארק אויסגעצייכענט דער מדקדק יהודה איבן־חיוג, וועלכער האָט דער ערשטער אוועקגעשטעלט דעם כלל אז די שרשים

פון די העברעאישע ווערטער בעשטעהען געוויינליך פון דריי אותיות.

§7. רבי שמואל הנגיד און זיין צייט (גראנאדא). נאָכ'ן טויט פון די קאליפען אבדו ראכמאן און אלחאקים האָט דער קאליפאט פון קאָרדאָווא אָנגעהויבען צו פאלען אין גרויסקייט. די שכנ'ישע קריסטען פון איין זייט און די אפריקאנישע אראבער (די מורען) פון דער אנדערער זייט, פלעגען מאכען אָנפאלען אויף די לענדערייען פון קאָרדאָווא און פארוויסטען דאָס לאנד. אין יאָהר 1013 איז קאָרדאָווא פארוויסט געוואָרען דורך מחנות פון די אפריקאנישע אראבער און אין גיכען נאָכדעם איז דער קאליפאט פון קאָרדאָווא צופאלען געוואָרען. דאָס אראבישע שפאניען האָט זיך צוטיילט אויף עטליכע קליינע קעניגרייכען, וועלכע האָבען זיך גערופען לויט די נעמען פון זייערע הויפטשטעדט: גראנאדא, סעווילא, סאראגאָסא. א סך אידען וואָס זיינען אנטלאָפען פון קאָרדאָווא אין דער אונרוהיגער צייט האָבען זיך בעזעצט אין גראַנאדא. דאָ האָט זיך בעוויזען א אידישער האר, וועלכער איז געוואָרען פאר זיינע ברידער דאָס וואָס רבי חסדאי אבן־שפרוט איז געווען אין קאָרדאָווא. דאָס איז געוועזן רבי שמואל הלוי, וועלכער האָט גערקראָגען דעם טיטעל „הנגיד” (האר, בעאמטער).

רבי שמואל איז געבאָרען געוואָרען אין קאָרדאָווא און האָט געקראָגען א הויכע בילדונג, א רעליגיעזע און וועלטליכע. ער האָט גרינטליך געקענט העברעאיש און אראביש, האָט געשריבען איןביידע שפראכען מיט א גלענצענדען סטיל און האָט געהאט א שעהנע האנדשריפט, וואָס אין יענע צייטען האָט מען דאָס זעהר הויך געשעצט. נאָך דער צושטערונג פון קאָרדאָווא האָט זיך רבי שמואל בעזעצט אין דער שטאָדט מאלאגא, וועלכע האָט געהערט צום גראנאדישען קעניג; א קליין קרעמיל פון געווירצען האָט איהם געבראכט זיין חיונה. דאָס קרעמיל איז געשטאנען אין שכנות מיט דעם הויז, וואו עס האָט געוואוינט די פאמיליע פון דעם גראנאדישען וויזיר (דער ערשטער מיניסטער) אל־עריף. איינע פון דעם וויזיר'ס דיענסטען האָט געבעטען רבי שמואל'ן ער זאָל שרייבען פאר איהם בריעף צו איהר בעל־הבית קיין גראנאדא. דיזע בריעף, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט א גרויסארטיגען אראבישען

סטיל און מיט אַ שעהנער האַנדשריפט, האָט דעם וויזיר פעראינ־טערעסירט. קומענדיג איינמאָל קיין מאַלאַגאַ האָט ער זיך בעקענט מיט רבי שמואל׳ן אַליין און ער איז געוועזן איבערראַשט צו גע־פינען אַז דער איינפאַכער קרעמער איז געוועזן הויך געבילדעט און האָט פאַרמאָגט אַ טיעפען פערשטאַנד. „דיין פּלאַץ — האָט ער געזאָגט צו שמואל׳ן — איז ניט אין קרעמיל, נאָר נעבען מיין זיי ט; פון היינט אָן וועסטו זיין מיין בעל־עצה". דער וויזיר האָט מיט־גענומען רבי שמואל׳ן קיין גראַנאַדאַ און האָט איהם געמאַכט פאַר זיין סעקרעטער. אין עטליכע יאָהר אַרום איז אַל־עריף קראַנק גע־וואָרען. פאַר׳ן טויט האָט ער אָנגעוויזען דעם גראַנאַדישען קעניג האַבוס אויף רבי שמואל׳ן און איהם געזאָגט אַז ער קען זיין זעהר נוצליך אין דער רעגירונג. האַבוס, וועלכער האָט הויך געשעצט געלערנטע לייט, האָט רבי שמואל׳ן מקרב געוועזן און האָט איהם אַנפערטרויט די וויכטיגסטע עסקים פון דער רעגירונג (1027). גאַנצע 28 יאָהר האָט רבי שמואל פאַרנומען די הויכע שטעלע פון וויזיר אין גראַנאַדישען קעניגרייך. מיט זיין קלוגער פיהרערשאַפט האָט ער אויפגעהויבען דעם וואוילשטאַנד פון לאַנד, האָט איינגע־פיהרט אָרדנונג אין דער מלוכה און האָט זי ניט זעלטען פארהיט פון געפעהרליכע מלחמות. דער אידישער האַר האָט געהאַט ניט ווייניג שונאים צווישען די אנגעזעהענע אראַבער, וועלכע האָבען ניט געקענט צוזעהן, וואָס אַ איד פאַרנעהמט אַזאַ וויכטיגען אַמט. אָבער מיט זיין בעשיידענקייט און גוטהערציגקייט האָט ער בע־רוהיגט אפילו זיינע פריינד.

ערפילענדיג עהרליך זיינע פליכטען צו דער רעגירונג האָט רבי שמואל אין דער זעלבער צייט געטריי געדיענט זיין אייגען פאָלק. דער קעניג האַבוס האָט איהם געמאַכט פאַר „נגיד" איבער אַלע אידען פון גראַנאַדישען קעניגרייך. אין דיזען אַמט האָט רבי שמואל פיעל אויפגעטהאָן צו דערהויבען דעם בירגערליכען שטאַנד פון זיינע פאָלקסברידער. מיט זיין שוץ האָבען זיך בענוצט ניט נאָר די אידען פון שפּאַניען נאָר אויך די אידישע קהילות אין צפון־אפריקאַ, בבל און ארץ־ישראל. אַלס גרויסער בן־תורה איז רבי שמואל געוועזן אויך דער גייסטיגער פיהרער פון די גראַנאַדישע אידען. אין מיטען פון זיינע גרויסע פליכטען אין דער רעגירונג

האָט ער דאָך געפונען צייט אויך צו לייענען שעורים אין תלמוד פאַר תלמידים און האָט ערקלערט פראַגען פון דער אידישער רע־ליגיאָן. ער פלעגט אויסהאַלטען אויף זיין חשבון אָרימע געלערטע און האָט געהאַלטען ביי זיך שרייבער, וועלכע פלעגען מאַכען קאָ־פּיעס פון דעם תלמוד, וואָס פלעגען פערטיילט ווערען אומזיסט צו לערנער. רבי שמואל האָט פערפאַסט אַ ספר מיט׳ן נאָמען „מבוא התלמוד״ (אַן אריינפיהר צום תלמוד), וואו עס ווערט ער־קלערט ווי אַזוי די תורה שבעל־פה איז געשאַפען געוואָרען און ווי אַזוי די חכמים האָבען געטייטשט דעם תנ״ך. דיזער „מבוא״ ווערט נאָך ער היום געדרוקט צוזאַמען מיט׳ן תלמוד בבלי. אויסער־דעם האָט רבי שמואל אָנגעשריבען אַ ספר רעליגיעזע געזאַנגען נאָכ׳ן מוסטער פון תהלים („בן־תהלים״), אַ ספר מיט משלים נאָכ׳ן מוסטער פון משלי שלמה („בן־משלי״) און אַ זאַמלונג פון פילאָ־זאָפישע געדאַנקען לויט׳ן מוסטער פון „קהלת״ („בן קהלת״).

רבי שמואל הנגיד איז געשטאָרבען אין יאָהר 1055. זיין זוהן יוסף האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ אַלס וויזיר פון גראַנאַדאַ און אַלס אידישער נגיד. יוסף האָט געדיענט ביים קעניג באַדיס, דעם זוהן פון חאַבוש, און האָט פיעל גוטס געבראַכט דעם לאַנד. נאָר געגען איהם זיינען אויפגעשטאַנען די אַראַבישע אַדעליגע, וועלכע האָבען ניט פערגונען דעם אידען זיין גדולה. איינמאָל, אין דער צייט פון אַ מלחמה, האָבען יוסף׳ס שונאים אַרויסגעלאָזט פאַלשע קלאַנגען, אַז ער האָט כלומרשט גערופען דעם שונא אין לאַנד און האָט געוואָלט פעררעטען צו איהם דאָס גראַנאַדישע קעניגרייך. דער פראָסטער המון איז אויפגעהעצט געוואָרען דורך דיזע ליגענס און איינמאָל זיינען זיי בעפאַלען דעם הויף פון דעם וויזיר: יוסף האָט זיך בעהאַלטען אין אַ הינטערשטען צימער אין הויף און האָט זיך אויסגעשמירט דאָס פּנים מיט קויהלען, כדי די רויבער זאָלען איהם ניט דערקענען; מען האָט איהם אָבער געפונען און גע׳הרג׳עט און זיין קערפּער האָט מען אויפגעהאַנגען ביי די טויערען פון גראַנאַדאַ (1066). דערנאָך איז דער ווילדער המון בעפאַלען דעם וויזיר׳ס פּאַלאַס־ברידער און האָט גע׳הרג׳עט צושלאָגען און צורויבט עטליכע הונדערט אידישע פאַמיליען; די איבעריגע אידען זיינען אַנטלאָפען. צווישען די גערעטעטע איז

געווען די פּרוּוי און דער זוהן פון דעם ערמאָרדעטען וויזיר; יוסף'ס טייערע ביכער-זאַמלונג איז צום טייל פערניכטעט געוואָרען און צום טייל צורויבט געוואָרען. דיזער געפעהרליכער פּאָגראָם האָט זיך שלעכט אָבגערופען אויפ'ן שיקזאל פון די אידען פון דעם גאַנצען גראַנאַדישען קעניגרייך; זיי זיינען געצוואונגען געווען צו פערלאָזען דאָס לאַנד, וואו זיי האָבען אין פערלויף פון אַ האַלבען יאָהרהונדערט גענאָסען רוה און גליק, און זיך אַריבערציהען אין אַנדערע אַראַבישע קעניגרייכען אין שפּאַניען.

אין יענער צייט זיינען געוואָרען אַלץ אָפטער די מלחמות צווישען די אַראַבער פון דרום-שפּאַניען און די קריסטען פון צפון. אַ שווערע מלחמה האָט זיך צופלאַקערט צווישען די קריסטען פון קאַסטיליען און די אַראַבער פון סעווילאַ. די סעווילישע אַראַבער האָבען זיך גערופען צו הילף די פון אַפריקאַ די קריעגערישע מורען פון דעם שבט אַלמאָראַווידען. ביי סאַלאַק איז פאָרגעקומען אַ בלוטיגע שלאַכט צווישען די קריסטען און די מורען און דאָס קריסטליכע חיל איז געשלאָגען געוואָרען (1086). די אידען האָבען העלדיש געקעמפּפט אי אין די רייהען פון די מאַחמעדאַנער אי אין די רייהען פון די קריסטען (אין קאַסטיליען האָבען געלעבט אַ סך אידען). צוליעב דיזער אורזאַכע האָט מען דעם טאָג פון דער שלאַכט ביי סאַלאַק ניט געקענט בעשטימען ניט אויף פרייטאָג, ניט אויף שבת און ניט אויף זונטאָג, ווארום דער ערשטער איז דער רוה-טאָג פון די מוסולמענער, דער צווייטער—פון די אידען, און דער דריטער—פון די קריסטען. די זיעגרייכע אַלמאָראַווידען האָבען אויף אַ האַלבען יאָהרהונדערט בעפעסטיגט זייער הערשאַפט אין דרום-שפּאַניען.

§8. שלמה אבן-גבירול; די אויפבליהונג פון דער ליטעראַטור. אין 11טען און 12טען יאָהרהונדערט האָט זיך אין שפּאַניען בעוויזען אַזאַ גרויסע צאָל אידישע געלערטע און פּאָעטען אַז דיזע צייט ווערט אָנגערופען די „גאָלדענע עפּאָכע" פון דער העברעאישער ליטעראַטור. אין דער צייט פון רבי שמואל נגיד האָט געלעבט אַ בעריהמטער העבּרעאישער פּאָעט ר' שלמה אבן-גבירול (1020—1058). שלמה איז געבאָרען געוואָרען אין מאַלאַגאַ, אָבער ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג איז ער געבליבען אַ יתום און

ער האָט זיך געמוזט אַוועקלאָזען וואַנדערען און לעבען אין גרויס נויט. נאָך לאַנגען וואַגלען זיך איבער פערשיידענע שטעדט האָט ער זיך בעזעצט אין גראַנאַדאַ, וואו רבי שמואל הנגיד האָט איהם גענומען אונטער זיין שוץ. ר׳ גבירול האָט געשריבען אין העברעאיש גלענצענדע שירים, פול מיט טיעפען געפיהל, וועלכע האָבען אַרויסגערופען גרויס בעגייסטערונג ביי זיינע צייט־מענשען און אויך ביי שפּעטערע דורות. איבערהויפּט דרינגען אין דער נשמה זיינע רעליגיעזע שירים, וועלכע ווערען עד היום געזאָגט אַלס תפלות אין די שוהלען. אין זיי ווערט בעזונגען די גרויסע ליידען פון דעם צוזייהטען אידישען פאָלק און די טיעפע בענקשאַפט פון דער גלויבענדער נשמה, וועלכע לעכצט צו גאָט. אַלס ביישפּיעל פון זיינע נאַציאָנאַלע שירים קענען דיענען פאָלגענדע פערזען:

„די אָרימע געפאַנגענע איז אין פרעמדען לאַנד אַ שקלאַפין געוואָרען, אַן עגיפּטישע שקלאַפין. פון יענעם טאָג וואָס דו, גאָט, האָסט זי פערלאָזען, וואַרט זי אויף דיר. צו אַלץ נעהמט אַ סוף, נאָר ניט צו מיין בראָך, די יאָהרען פאַרשווינדען— און ניטאָ קיין היילונג צו מיין וואונד. פערצוקטע, דערשטיקטע, פאַריאָכטע, בערויבטע, אַרומגעפליקטע און צוטראָטענע—ביז וואַנען, גאָט, וועלען מיר שרייען אויפ׳ן רויב, אויף דער לאַנג־יעהריגער פאַרקנעכטונג? ישמעאל (די אַראַבער) איז ווי אַ לייב און עשו (די קריסטען) ווי אַ פויגעל: דער לאָזט אונז אָב נעהמט זיך יענער צו אונז!”

זיין רעליגיעזער געפיהל האָט געפונען דעם העכסטען אויסדרוק אין אַ לאַנגען שיר מיט׳ן נאָמען „כתר־מלכות” (די קעניגליכע קרוין). דיזע גראַנדיעזע הימנע, וועלכע איז אַריינגענומען געוואָרען אין די יום־כפור׳דיגע תפלות, ענטהאַלט טיעפע פילאָזאָפישע געדאַנקען וועגען די העכערע בעגריפען פון רעליגיאָן, וועגען די אייגענשאַפטען פון גאָט און זיינע וואונדערליכע בעשאַפונגען, וועגען זיין קלוגער פיהרונג פון דער וועלט און וועגען די פערבאָרגענסטע קרעפטען פון דער מענשליכער נשמה. וועגען די דאָזיגע פראַגען פון פילאָזאָפיע און אמונה האָט רבי גבירול אָנגעשריבען אַ בעזונדער בוך אין פּראָזע: „מקור חיים” (דער קוואַל פון לעבען). אין זיינע פילאָזאָפישע שריפטען דערנעהנטערט זיך גבירול צו די אַנזיכטען

פון דעם גריכישען פילאָזאָף פלאַטאָ און דעם אידישען—פילאָ האַלכסנדרוני. דער „מקור חיים”, וועלכער איז פון אראַביש אי־בערזעצט געוואָרען אין לאַטיין, איז געוועזן שטאַרק פאַרשפּרייט אין מיטעלאַלטער צווישען די קריסטליכע רעליגיעזע דענקער, צווי־שען וועלכע ער איז געוועזן בעקאַנט מיט׳ן נאָמען „אבי־צברון”. ר׳ גבירול איז געשטאָרבען בלויז 38 יאָהר אַלט. וועגען זיין טויט האָט זיך אין פאָלק פערשפּרייט פאָלגענדע לעגענדאַרישע געשיכטע: אַן אַראַבישער דיכטער, וועלכער האָט שטאַרק מקנא געוועזן רבי גבירול׳ן זיין קלוגשאַפט און פּאָעטישען טאַלאַנט האָט איהם בשתיקה גע׳הרג׳עט און בעגראָבען אין זיין סאָד אונטער אַ פייגענבוים. פון דעמאָלט אָן האָט דער בוים אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען וואונ־דערליך שעהנע און געשמאַקע פרוכט. די נאַכריכט וועגען די וואונדערליכע פייגען איז דערגאַנגען צום קעניג. האָט דער קעניג געלאָזט רופען צו זיך דעם אַראַבער און האָט איהם געפרעגט אויף וואָס פאַר אַן אופן האָט ער עס בעוויזען אַרויסצוקריגען אַזעלכע גרויסאַרטיגע פרוכט. דער אַראַבער האָט זיך דערשראָקען און האָט זיך צומישט אין זיין ענטפער. דאַן האָט דער קעניג געהייסען איהם פייניגען ביז ער וועט אויסזאָגען דעם אמת. דער אַראַבער האָט זיך מודה געוועזן אין זיין פאַרברעכען און דער קעניג האָט בעפעהלען איהם אויפצוהענגען טאַקע אויפ׳ן זעלבען בוים.

די דיכטונגען פון רבי גבירול האָבען נאָכגעמאַכט אַ סך דיכטער פון די שפּעטערע דורות. איינער פון די בעסטע נאָכ־פאָלגער פון רבי גבירול איז געוועזן דער משורר משה אבן־עזרא (1070—1138), פון אַ בעריהמטער פאַמיליע אבן־עזרא פון גראַנאַדאַ. דאָס פּאָעטישע געפיהל האָט אין איהם אויפגעוואַכט אונטער דער ווירקונג פון אַן אומגליקליכער ליעבע. אין דער יוגענד האָט ער שטאַרק ליעב געקראָגען זיין ברודער׳ס טאָכטער און האָט געוואָלט חתונה האָבען מיט איהר, אָבער איהר פאָטער איז געוועזן געגען דעם שדוך. דאַן האָט ער אַ פערצווייפעלטער פערלאָזען זיין געבורטס־שטאָדט און איז אַוועק קיין קאַסטיליען. ענטזאַגענדיג זיך פון אייגענעם גליק האָט ער געזוכט זיך צו פאַרנעסען אין פּאָעזיע און פילאָזאָפיע. ער האָט פערפאַסט שירים וועגען די ליידען און ענטוישונגען פון לעבען, וועגען

דער פאלשקייט פון פריינד, וועגען מענשליכער שלעכטקייט און פערדארבענקייט; אפטמאל אבער פלעגט דער פאעט אזוי ווי צו זיך קומען און דאן פלעגט ער נעהמען זינגען וועגען דעם שטילען לעבען אויפ'ן שוים פון דער נאטור, וועגען שעהנקייט, וועגען די פערגעניגענס פון דער יוגענד. דאס איז דער אינהאלט פון זיין זאמלונג שירים „תרשיש". שפעטער האט ער אנגעהויבען שרייבען דער עיקר רעליגיעזע שירים, אזוי ווי גבירול. ער האט אנגעשריבען ארום צוויי הונדערט „סליחות", פון וועלכע א סך ווערען געזאגט אין די שוהלען. אויסער די שירים, וועלכע ער האט געשריבען אין העברעאיש האט אבן־עזרא אויך פערפאסט אין אראביש ביכער וועגען רעטאריק, פילאזאפיע און מאראל; אבער אין די דאזיגע ביכער האט ער בלויז נאכגעמאכט אראבייש מוסטערען.

פון די דענקער פון יענער צייט איז בעזונדערס בעריהמט געווארען רבנו בחיי אבן־פקודה, וועלכער איז געוועזן דין אין סאראגאסא. ער האט אנגעשריבען א מערקווירדיגען ספר וועגען מאראל מיט'ן נאמען „חובות הלבבות" (די פליכטען פון הארצען). דער מחבר צוטיילט אלע געזעצען פון יודענטום אין צוויי קאטעגאריעס: די פליכטען פון גוף און די פליכטען פון הארצען; דערביי שטעלט ער די לעצטע העכער פון די ערשטע. דאס ווערק פון רבנו בחיי האט בעצוועקט צו ענטוויקלען אין דעם אידען א טיעפען מאראלישען בעוואוסטזיין. דער ספר איז געשריבען געווארען אין אראביש און איז נאכער איבערזעצט געווארען אין העברעאיש, און איז אימער שטארק בעליעבט געוועזן ביי דענקענדע מענשען; אין די לעצטע יאהרהונדערטען האט איהם דאס פראסטע פאלק אויך געלייענט מיט גרויס בעגייסטערונג, אין אן איבערזעצונג אין דער אידישער שפראך.

צווישען די גדולי התורה פון דער „גאלדענער עפאכע" האט דעם ערשטען ארט פארנומען רבנו יצחק אלפסי (ביז'ן יאהר 1103). געבארען געווארען איז ער אין פעז (אין אראביש פאס, פון וואנען עס שטאמט דער נאמען „אלפסי"), אין צפון־אפריקע און האט זיך בעזעצט אין שפאניען אין דער צייט ווען די אל־מאראווידען האבען זי בעזיעגט. נאך אין זיין געבארענלאנד

איז ער בעריהמט געוואָרען אלס גרויסער תלמודיסט. דעריבער האָבען זיך אין שפּאַניען פון איבעראל גענומען קלייבען ארום איהם תלמידים, וועלכע האָבען זיך געוואָלט פערפאָלקאָמען אין תורה און תלמוד. די שטאָדט לוצענא, וואו רבי אלפסי איז געווען רב, איז געוואָרען א צענטער פון תורה, אזוי ווי פריהער איז געווען קאָרדאָווא. כדי גרינגער צו מאכען דעם למוד פון תלמוד האָט אלפסי אָנגעשריבען זיין בעריהמטעס ווערק „הלכות", וואָס איז א מין קצור פון תלמוד. אין דעם תלמוד בבלי, וועלכער בעשטעהט פון א סך ספרים, זיינען אויסגעמישט צוזאמען הלכה און אגדה, ד. ה. די געזעצען און לעגענדען אָדער מאָראל־לעהרען. רבנו אלפסי האָט פון דיזען ריעזען־ווערק אויסגעקליבען די געזעצען און דינים, האָט אויסגעלאָזט די איבעריגע וכוחים און חקירות און האָט אויף אזא אופן צוזאמענגעשטעלט א מין קליינעם תלמוד. רבנו אלפסי'ס ספר האָט שטארק פארגרינגערט דעם למוד פון תלמוד און האָט געהאָלפען צו פארשפּרייטען די אידישע געזעצלעהרע.

§9. יהודה הלוי. די אידישע פּאָעזיע אין שפּאַניען האָט דערגרייכט איהר העכסטע מדרגה אין די ליעדער פון רבי יהודה הלוי (1142—1086). געבאָרען געוואָרען איז ער אין דעם קריסט־ליכען קאסטיליען, נאָר אין דער יוגענד האָט ער זיך אריבערגעצויגען אין דרום, אין אראבישען שפּאַניען, וואו ער האָט געקראָגען א העכערע בילדונג אין די ישיבות פון די בעסטע תלמוד'יסטען און פילאָזאָפען. ער האָט אויך שטודירט מעדיצין, און שפּעטער ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין קאסטיליען, האָט ער געצויגען זיין חיונה פון היילען קראנקע. נאָר דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען האָט ער געווידמעט דער פּאָעזיע, דער פילאָזאָפיע און רעליגיעזען דענקען. אלס פּאָעט שטעהט רבי יהודה הלוי אונגעהויער העכער פון אלע זיינע פאָרגענגער, אפילו פון רבי גבירול'ן. נאָך אין די יונגע יאָהרען האָט ער אין פליסענדע, קלינגענדע פערזען בעזונגען די נאטור, די ליעבע, די שעהנקייט פון לעבען; ער פלעגט אָפט אויך פארברויכען זיין פּאָעטישען טאלאנט אויף קלייניגקייטען: ער פלעגט פערפאסען לויב־געזאנגען צו זיינע פריינד און בעשיצער, רעטענישען, שטיפערייען א. א. וו. אָבער מיט דער צייט ווערט

זיין מוזע אלץ ערנסטער און אומעטיגער. דער דיכטער ווערט דורכגעדרונגען מיט דעם טראגישען לעבען פון אידישען פאלק. די גרויסקייט פון דיזען פאלק און זיין געפאלענקייט, זיינע האפ־נונגען און ענטוישונגען, זיין אייביגער צער און טרויער—דאס אלץ האט געקראגען אן אבקלאנג אין די פערזען פון רבי יהודה הלוי. דער וועהגעשריי פון דעם שווער־ליידענדען פאלק הערט זיך אין יענע שירים, אין וועלכע דער משורר פרעגט ביי גאט ווען עס וועט שוין נעהמען א סוף צום אידישען גלות:

אויף אדלערשע פליגעל געטראגען האסטו א טויב (די אי־דישע אומה) און טיעף אין דיין שוים האסטו זי געגעסטעט; ווארום האסטו זי פערלאזען צו וואגלען זיך איבער די וועלדער, וואו אויף אלע זייטען זיינען נעצען פארשפרייט? פרעמדע רייצען זי מיט אנדערע געטער, און זי אין דער שטיל וויינט נאך איהר יוגענד־געליעבטען... ווארום שטעהסטו פון ווייטענס, גאט אין הימעל?

די שטארקסטע פון רבי יהודה הלוי'ס נאציאנאלע ליעדער זיינען יענע אין וועלכע ער גיסט אויס זיין טיעפע בענקשאפט צום אלטען אידישען פאטערלאנד, צום הייליגען לאנד און צו דער חרוב'ער ציון:

אה וואונדערליכער כרך, פרייד פון דער וועלט, שטאדט פון גרויסען קעניג! פון ווייטסטען מערב גלוסט צו דיר מיין הארץ! א ברענענדיגער שמערץ פילט אן מיין זעל ווען איך דערמאן זיך אן דיין גרויסקייט פון אמאל, און אן דיין וואוינונג, וואס שטעהט איצט פארוויסט. אה, ווער וואלט מיך ברענגען אויף אדלער־פליגעל, איך וואלט דיין ערד מיט מיינע טרעהרען אנגעזעטיגט, און וואלט געהאלזט און געקושט די שטיינער דיינע, און דער טעם פון דיין שטויב וואלט מיר זיסער ווי האניג געווען. מיין הארץ איז אין מזרח און איך בין אין מערב, ווי קען מיין עסען זיס און געשמאק זיין? ווי אזוי וועל איך ער־פילען מיין נדר כל זמן ציון געפינט זיך אין קייטען פון אדום (קרייץ־טרעגער) און איך אין די קייטען פון אראביען? ניט גע־צויגען מיין אויג וואלט גאר דאס רייכטום פון שפאניען צו קענען נאר זעהן דעם שטויב פון פארוויסטעטען טעמפעל.

דיזע בענקשאפט נאך ציון איז ניט געוועזן בלויז א פאעטישער פערלאנג: זי האט ארומגעכאפט רבי יהודה׳ס גאנצען וועזען, און זיין גרעסטער טרוים איז געוואָרען—צו זעהן דאס טייערע לאנד פון די אבות. זיין חלום איז פארווירקליכט געוואָרען צום סוף פון זיין לעבען: ווען זיין ווייב איז געשטאָרבען האט ער פערלאָזט זיין רוהיגע היים אין שפאניען, האט זיך געזעגענט מיט זיינע קרובים, תלמידים און פריינד, און האט זיך אוועקגעלאָזט אויף א לאנגער ים־רייזע צום הייליגען לאנד. נאך א לאנגער נסיעה מיט׳ן שיף איבער׳ן מיטלענדישען ים איז רבי יהודה הלוי אָנגעקומען קיין מצרים, וואו ער האט זיך בעפריינדעט מיט די דארטיגע בע־וואוסטע און געלערנטע אידען. פון מצרים האט ער זיך געלאָזט ווייטער קיין ארץ־ישראל, וואו עס האבען דעמאָלט גע׳בעלי־בית׳ע־וועט די קרייץ־טרעגער, וועלכע האבען אָבגענומען דאס לאנד ביי די מאחמעדאנער (1140). וואס עס איז געשעהן מיט׳ן משורר אין דעם הייליגען לאנד—וועגען דעם שווייגט די געשיכטע; עס איז אפילו ניט בעוואוסט אויב ער האט דערגרייכט ירושלים, דער ציעל פון זיין פייערדיגער בענקשאפט. ווארשיינליך איז ער געשטאָרבען באלד נאך זיין אָנקומען אין פאלעסטינא. א טונקעלע פאָלקס־לעגענדע דערצעהלט אז רבי יהודה הלוי איז אָנגעקומען צו די טויערען פון ירושלים און דערזעהענדיג די חורבות פון דער הייי־ליגער שטאָדט, האט ער זיך א וואָרף געטהאָן אויף דער ערד און האט זיך פאנאנדערגעוויינט; און אין די טרעהרען האט ער אויפ־געזונגען זיין בעריהמטע עלעגיע „ציון הלא תשאלי". פלוצלינג איז אָנגעפאָהרען אן אראבישער רייטער, און דערזעהענדיג ווי א איד ליגט אויסגעשפרייט אויף דער ערד און איז מתפלל, איז ער ארויפגעפאָהרען אויף איהם און האט איהם צוטראָטען אונטער די פיס פון זיין פערד. דאס קלאָג־ליעד, וועגען וועלכען עס רעדט זיך אין דער לעגענדע, איז איינס פון די בעסטע ציון־ליעדער, וואס יהודה הלוי האט אָנגעשריבען און וואס ווערען עד היום געזאָגט אין די שוהלען אום תשעה באב. דאס ליעד לעזט זיך אין אידישער איבערזעצונג אזוי:

בענקסט אויך נאך דיינע קינדער, מוטער ציון,
ווי זיי, צוזייהטע און צושפרייטע, בענקען?

ווילסט אויך, ווי זיי דיר, א ליעבען גרוס בעקומען ?
דא האסטו איהם : א גרוס פון נאהנטע און פון ווייטע !
אין הארצען דורות־לאנג געווארעמט, טראגט איהם
פון אלע עקען וועלט, דורך ימים און מדבריות,
צו דיר אין שוים אן עלענד קינד דיינס, איינער
פון די, וואס זאפען אן, ווי טהוי דיין חרמון,
די פרעמדע בערג מיט ברענענדיגע טרעהרען
און שטארבען אין דער פרעמד פערליעבטע און פערבענקטע.
מיך ציהט צו דיר !... ביי נאכט אויף דיינע חורבות
בין איך דיין נאכט־אוילע, דיין יאמער ליעד,
און חלומ'ט זיך מיר נאר דיין מארגענשטערען—ווער איך
דיין נאכטיגאל, דיין קלינגענדיגע הארפע...
מיך ציהט צו דיר ! מיין הארץ געהט אויס נאך יענע ערטער.
וואו ד'אבות האבען זיך בעגעגענט מיט מלאכים,
און וואו די שכינה האט גערוהט, וואו דיין בעשעפער
האט דיינע טויערען די הייליגע געעפענט
אנטקעגען זיינע הימלישע שערים...
וואו ניט די זון און ניט לבנה, שטערען —
גאט'ס עהרע זעלבסט האט דיך בעשיינט מיט גלאנץ...
איך גאר, אז אויסגיסען זאל זיך מיין זעלע דארטען,
וואו ס'פלעגט אמאל גאט'ס גייסט און גאט'ס גענאד זיך גיסען
אויף דיינע אויסדערוועהלטע, מוטער ציון !
וואו נעהמט מען פליגלען?!... שטיקערווייז וואלט איך מיין הארץ
ווייט, ווייט אין דיינע וויסטע בערג פערטראגען.
כ'וואלט צוגעפאלען צו דיין ערד, כ'וואלט אויסגעקושט
איהר יעדען פוס־טרעט, יעדעס שטיינדעלע בעזונדער
און אומגעוואנדערט וואלט איך טאג און נאכט
א נאקעטער, א בארפעסער אויף דיינע חורבות,
כ'וואלט מיט מיין שטעקען אויסגעמאסטען אלע קברים,
מיט דיין נשמה־לופט זיך אנגעאטעמט,
זיך איינגעוויקעלט אין דיין זיסען שטויב
און ביז צו'ם בלינד ווערען בעוויינט דיין חורבן, ציון...
צי קאן דער שיין פאר מיינע אויגען זיס זיין —

אַז שוואַרצע ראָבען פּיקען דיינע אָדלערס!
צי קאָן מען לעבען אויף דער וועלט און צוזעהן —
ווי גאָס־הינד שלעפּען דיינע טוידטע לייבען...
גענוג, לאָז אָב איין ווייל, כוס פון טרויער!
מיין הארץ איז איבערפול מיט דיר פערביטערט,
כ'האָב איינגעזאָפּט אין זיך דיין שוים פון דיינע הויוועו...
גענוג! איך וויל איין חלום זעהן און שטאַרבען...
כ'וויל זעהן, אַ גרויסער גאָט, נאָר איין שטראַהל ליכט,
נאָר איין שטראַהל פון יענעם מאָרגענשטערען
וואָס דאַרף, וואָס מוז, אמאָל נאָך העל און ליכטיג
זיך אָנצינדען אויף ציונ'ס בלויען הימעל,
בענייען און בעפרישען זי מיט יוגענד...
גענוג, איין זיסען חלום לאָז מיך זעהן נאָך
און אויסגעהן מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען...
(אידיש דורך ביאַליק).

רבי יהודה הלוי איז געווען ניט נאָר אַ גרויסער משורר נאָר אויך אַ טיעפער דענקער. דאָס קען מען זעהן פון זיין פילאָזאָפישען ספר „הכוזרי”, וועלכען ער האָט אָנגעשריבען אין אראַביש און וועלכער איז שפּעטער איבערזעצט געוואָרען אין העברעאיש. די יסודות פון יודענטום ווערען דאָ איבערגעגעבען אין דער פאָרמע פון שמועסען צווישען כוזרישען קעניג, וועלכער וויל אָננעהמען דאָס יודענטום, און אַ געלערנטען אידען. נאָך דער מיינונג פון רבי יהודה הלוי איז אין אמונה וויכטיגער די אַנטפּלעקונג איידער דער פערשטאַנד, ווארום די אַנטפּלעקונג קומט פון גאָט און דער מענש־ליכער פערשטאַנד קען האָבען אַ טעות. די אַנטפּלעקונג פון גאָט ביים בארג סיני, אלס דער פונדאַמענט פון יודענטום, איז אַ פאַקט וואָס קען ניט אָבגעלייקענט ווערען, ווארום צעהנדליגע טויזענדע אידען האָבען עס געזעהן מיט זייערע אויגען. גאָט האָט זיך אַנט־פּלעקט צוערשט צו די אידען, דערפאַר ווייל זיי האָבען פריהער ווי אַנדערע פעלקער ארויסגעוויזען די פעהיגקייט צו דערקענען גאָט. פון זיי האָט זיך די וואַרהייט געראַפּט פאַרשפּרייטען צווישען אַלע מענשען פון דער וועלט, פונקט אַזוי ווי דאָס בלוט צוגיסט זיך פון'ם הארצען איבער'ן גאַנצען גוף און גיט איהם

לעבען. אויפ׳ן אידען זיינען ארויפגעלעגט געוואָרען אזוי פיעל מצוות און געבאָטען טאַקע נאָר דערפאר כדי זיין גאנץ לעבען זאָל זיין געווידמעט צו רעליגיאָן און כדי צו איינגעוואוינען איהם צו טהאָן אַלץ פון גאָטס-וועגען. דאָס יודענטום שטרעבט צו פער־פאָלקאָמען אַלע גוטע אייגענשאַפטען, וואָס ליגען אין דער מענש־ליכער נשמה. ער אונטערשיידט זיך פון דעם העלעניזם (די לעהרען פון די גריכען) דערמיט, וואָס ער שטעלט אמת און גוטס העכער ווי שעהנקייט. „זאָל דיך די גריכישע חכמה ניט פאר־בלענדען, ווארום זי האָט בלויז בליטהען אָבער ניט קיין פרוכט".

§10. אברהם אבן־עזרא. אין איין צייט מיט רבי יהודה הלוי האָט געלעבט אַן אנדער גרויסער משורר און דענקער, רבי אברהם אבן־עזרא. די צוויי דיכטער זיינען געווען חברים. רבי אברהם אבן־עזרא איז געבאָרען געוואָרען אין טאָלעדאָ אין 1089. ער האָט געהאַט גלענצענדע פעהיגקייטען און ער האָט אויסגע־לערענט די קונסטען און וויסענשאַפטען פון זיין צייט; בלויז איין קונסט האָט ער זיך ניט געקענט אויסלערנען, די קונסט צו לעבען און ארבייטען רוהיג. עס איז איהם ניט געגאנגען אין לעבען: אין אַלע זיינע אונטערנעהמונגען האָט ער געהאַט א דורכפאַל. „ווען איך וואָלט געהאנדעלט מיט תכריכים — בעקלאָגט ער זיך אין איין אָרט — וואָלט מסתמא אין מיין גאנץ לעבען קיין איין מענש ניט געשטאָרבען, און ווען איך וואָלט פארקויפט ליכט וואָלט די זון געוויס ניט אונטערגעגאנגען ביז׳ן טאָג פון מיין טויט". אברהם אבן־עזרא האָט א סך געררייזט איבער פערשיידענע לענדער פון איירָאָפּא, אזיען און אפריקע, וואו רייכע אידישע גבירים פלעגען איהם שטיצען. אין רוים האָט ער אָנגעהויבען שרייבען זיין בע־ריהמטען פירוש אויפ׳ן תנ"ך. דאָס איז געווען דער ערשטער פירוש אין וועלכען די הייליגע שריפטען זיינען ערקלערט געוואָרען לויט זייער גראַמאַטישען און היסטאָרישען זין, און ניט ווי איינעם האָט זיך געוואָלט צו טייטשען. פאר׳ן אבן־עזרא האָבען דעם תנ"ך ערקלערט געזעץ־געלערנטע, פילאָזאָפען און מאָראַליסטען, און יעדער איינער האָט געזוכט אריינצוטייטשען אין די אויסדריקען זייטיגע געדאנקען, וואָס ער האָט געדאַרפט פאר זיין צוועק, אבער דער אבן־עזרא האָט געוואָלט פעסטשטעלען דעם אמת׳ן געדאנק

פון תנ"ך און אויסרייניגען די פאַלשע אַריינטייטשונגען. ער האָט אַ סך אויפגעטהאָן אין דיזען פּרט; אָבער אָפטמאָל האָט ער ניט געהאַט דעם מוט אַרויסצוזאָגען זיינע געדאַנקען, מורא האָבענדיג אַז מען וועט איהם בעשולדיגען אין אפּיקורסות; אין אַזעלכע פעלען פלעגט ער בכיוון איינוויקלען זיינע געדאַנקען אין אַ טונקעלער פאָרמע, פלעגט אָנווינקען און ניט דעררעדען, אַזוי אַז בלויז שאַרפזיניגע מענשען זאָלען עס קענען פאַרשטעהן. און דאָך איז רבי אברהם אבן־עזרא אין שפּעטערע צייטען דאָך בעטראַכט געוואָרען פאַר אַן אפּיקורוס און מיט זיין פירוש פלעגען זיך בענוצען בלויז פריי־דענקענדע מענשען.

אויסער דיזען וויכטיגסטען ווערק זיינעם האָט אברהם אבן־עזרא פערפאַסט אַ סך ספרים פון דקדוק, אַסטראָנאָמיע, מאַטעמאַ־טיק און פילאָזאָפיע. ער האָט אויך פלייסיג געשריבען וועלטליכע און רעליגיעזע שירים. ער האָט אויסגעצייכענט בעהערשט די טעכניק פון פּאָעזיע, אָבער אין פּאָעטישען געפיהל שטעהען זיינע שירים נידריגער ווי די שירים פון רבי יהודה הלוי. עס איז פאַרהאַן אַ לעגענדע ווי אַזוי די צוויי דיכטער האָבען זיך בעקענט. יהודה הלוי האָט געקענט די שירים פון אבן־עזרא, אָבער דעם מחבר אליין האָט ער נאָך ניט געזעהן. איינמאָל איז צו רבי יהודה הלוי אין הויז אַריינגעקומען אַן אָרימער וואַנדערער, וועלכער האָט ניט אָנגעגעבען זיין נאָמען. גראַד דעמאָלט האָט רבי יהודה הלוי גע־האַלטען אין אַרבייטען איבער אַ גרויסען שיר, וואָס די פערזען האָבען זיך אָנגעהויבען מיט די אותיות פון אלף־בית לויט זייער אָרדנונג. קומענדיג צום בוכשטאַב „ר" איז דער דיכטער געבליבען שטעהן: עס איז איהם שווער געווען צוצוטרעפען דעם פּאַסיגען פערז. ער האָט מיט פערדרוס געלאָזט דעם ניט־דערענדיגטען כתב־יד אויפ'ן טיש און איז אַוועק שלאָפען. אויף מאָרגען אין דער פריה ווען ער איז אויפגעשטאַנען האָט ער צו זיין גרויס איבערראַשונג דערזעהן אַז די שורה, וואָס איז איהם אַזוי שווער אָנגעקומען, איז אָנגעשריבען און אַז זי פּאַסט זיך זעהר גוט אַריין. „דאָס האָט געקענט מאַכען בלויז ענטוועדער אַ מלאך אָדער אברהם אבן־עזרא" — האָט יהודה הלוי אויסגערופען. דעמאָלט האָט דער אָרימער דייזענדער אַנטפּלעקט זיין נאָמען: דאָס איז געווען אבן־עזרא.

נאָך לאַנגע וואַנדערונגען האָט זיך דער אַלטער אבן־עזרא געלאָזט צוריק צו זיין פאָטערלאַנד, קיין שפּאַניען; נאָר ער איז געשטאָרבען אויפ'ן גרעניץ פון זיין אַלטען היימלאַנד, אין יאָהר 1167.

דער לעצטער משורר פון דער „גאָלדענער עפּאָכע" איז געוועזען רבי יהודה אלחריזי (אַרום 1165—1225). ער איז געבאָרען געוואָרען אין שפּאַניען, נאָר אַ סך יאָהרען האָט ער געלעבט אויסער זיין פאָטערלאַנד, איבערהויפּט אין די שטעדט פון נאָרד־פראַנקרייך. ער האָט אַ סך געררייזט אין מזרח, האָט בעזוכט מצרים, ארץ־ישראל און סיריען. אלחריזי איז בעוואוסט מיט זיין ספר „תחכמוני". דיזער ספר איז צוטיילט אין פופציג קאַפּיטלעך, פּאָעזיע און געגראַמטע פּראָזע געמישט צוזאַמען, אין וועלכע דער מחבר דערצעהלט אנציהענד און לעבעדיג וועגען זיינע וואַנדערונגען אין פערשיידענע לענדער און פלעכט איין אין זיינע ערצעהלונגען פּאָעטישע פאַנטאַזיעס, קלוגע שילדערונגען פון פערשיידענע טיפּען מענשען און געשפּרעכען וועגען ליטעראַטור. צווישען אַנדערע זאַכען גיט אלחריזי געלונגענע כאַראַקטעריסטיקס וועגען די גרויסע משוררים וואָס זיינען געווען פאַר איהם — גבירול, יהודה הלוי, אבן־עזרא און אַנדערע. זיינע אייגענע ווערק ווייזען דעם אָנפאַנג פון דעם פאַלען פון דער אידישער פּאָעזיע אין שפּאַניען: ער איז מעהר אַ גראַמען־שרייבער ווי אַ דיכטער. ער אַליין רעכענט זיך צו צו די נאָכמאַכער, וועלכע קלייבען די ברעקלעך פון דעם טיש פון בעריהמטע פאָרגענגער.

די דעמאָלדיגע אידישע ליטעראַטור איז געווען רייך אין אַלעם; עס האָבען נאָר געפעהלט ווערק איבער געשיכטע און בעשרייבונגען פון אידישען לעבען אין פערשיידענע לענדער. דעם דאָזיגען חסרון האָבען בלויז שוואַך אויסגעפילט די ווערק פון די צוויי שרייבער רבי אברהם אבן־דוד (הראב"ד) און בנימין פון טודעלאָ. אבן־דוד פון טאָלעדאָ (דער מחבר פון דעם רעליגיעז־פילאָזאָפישען ספר „אמונה רמה") האָט אָנגעשריבען אַ קליין ווערק מיט'ן נאָמען „ספר הקבלה", וואו עס ווערען איבערגעגעבען די וויכטיגסטע פּאַסירונגען פון דער אידישער געשיכטע. אין דיזען ווערק האָבען אַ בעזונדערען ווערטה די ידיעות וואָס

דער פּערפּאָסער ברענגט פון דער געשיכטע פון די שפּאַנישע אידען (ביז 1180). בנימין פון טודעלאַ האָט אומגערייזט דריי־צעהן יאָהר (1160־1173) איבער די דריי וועלט־טיילען וואָס זיינע דעמאָלט געווען בעוואוסט. זיינע רייזע־איינדריקע האָט ער איבערגעלאָזט אין אַ ספר „מסעות בנימין". דאָ דערצעהלט דער מחבר וועגען די לענדער וואָס ער האָט בזוכט, וועגען די דעמאָלדיגע אידישע קהלות דאָרט, וועגען די זיטען און מלאכות פון די איינוואוינער, וועגען די אָרטיגע לעגענדען, געביידען, מאָנומענטען א. א. וו. ער גיט איבער ניט נאָר וואָס ער האָט אליין געזעהן נאָר אויך וואָס ער האָט געהערט פון אנדערע. אזוי ווי אלע רייזענדע פון מיטעלאַלטער, מאַכט ער אָפטמאָל ניט קיין אונטערשייד צווישען אויסגעטראכטע מעשיות און ראיעלע פאַקטען. נאָר דאָך זיינען אַ סך ידיעות זיינע זעהר טייער סיי פאַר דער געשיכטע פון די אידען אין יענער צייט, סיי פאַר דער אלגעמיינער געאָגראַפיע.

**§11. די אלמוהאַדען; שפּאַניען און דער מזרח.** אין מיטען פון 12־טען יאָהרהונדערט איז אויף די אידען פון אראבישען שפּאַניען געקומען אַ גרויס אומגליק. אין צפון־אפריקא האָט זיך בעוויזען אַ מאַהמעדאַנישע סעקטע מיט'ן נאָמען „אלמוהאדען", וועלכע איז געווען פיינדליך צו אנדערע גלויבענס. דער גרינדער פון דער דאָזיגער סעקטע, וועלכער האָט זיך אַ נאָמען געגעבען „מוהאדי", ד. ה., נביא, האָט געפּרעדיגט אז מען דאַרף פאַרשפּריי־טען די מאַהמעדאַנישע אמונה אין דער גאַנצער וועלט מיט דער הילף פון שווערד. די אלמוהאדען האָבען זיך צוערשט בעפעסטיגט אין מאַראָקאָ, וואו עס האָבען געלעבט אַ סך אידען, און זיי האָבען געסטראַשעט די אידען מיט'ן טויט, אויב זיי וועלען ניט אָננעהמען דעם מאַהמעדאַניזם. די אידען זיינען געווען אין גרויס פערצווייפ־לונג. אַ סך זיינען אנטלאָפען קיין מצרים און שפּאַניען; די פער־בליבענע האָבען אָנגענומען דעם איסלאַם לפנים. דיזעלבע צרות האָבען געהאַט אויסצושטעהן די אידען און קריסטען אין אנדערע אפריקאַנישע שטעדט, וואָס די אלמוהאדען האָבען איינגענומען. איבעראל פלעגט מען חרוב מאַכען שוהלען און קירכען און די אומ־גליקליכע פרעמד־גלויביגע פלעגט מען מיט גוואַלד שלעפען אין

די מעטשעטען (מאחמעדאנישע געבעט־הויז). די אידען, וועלכע האָבען זיך געמוזט מאכען פאר מאחמעדאנער, האָבען בעהאלטענערהייט אָבגעהיט דאָס יודענטום.

אין ניכען האָבען זיך די מחנות פון די אַלמוהאַדען ארייגגעריסען אין שפאניען. זיי האָבען איינגענומען קאָרדאָווא און האָבען צעוואָרפען איהר פרעכטיגע שוהל (1148). דערנאָך האָבען זיי בעזיעגט גראנאדא און סעווילא און האָבען בעפעסטיגט זייער הערשאַפט אין דרום־שפאניען, ארויסשטויסענדיג פון דאָרטען די אַלמאָראַווידען. דאָ האָבען זיך די אפריקאנישע פאנאטיקער בענומען צו די אידען אַזוי ווי אין זייער אייגען לאַנד. די בליהענדע אידישע קהלות פון אַנדאַלוזיען זיינען חרוב געוואָרען, די ישיבות פון סעווילא און אַנדערע שטעדט זיינען פארמאכט געוואָרען. א סך אידען האָבען געמוזט לפנים אָננעהמען דעם מאחמעדאניזם; די איבעריגע זיינען אַנטלאָפען אין דעם קריסטליכען שפאניען און אין מצרים.

אין יענער צייט האָט זיך צווישען די אידען פון מערב־אַזיען אויפגעהויבען א בעפרייאונגס־בעוועגונג. דער צענטער פון דער בעוועגונג איז געווען אין באַגדאַד, וואו עס האָט געוואוינט דער עקזילארך — דער הויפּט פון די אידישע קהילות אין סיריען, מעסאָפּאָטאמיען און פערסיען. אין די בערגיגע געגענדען פון פערסיען האָבען געלעבט פרייע אידען, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט א קעמפפערישען גייסט. און צווישען די דאָזיגע פרייע בערג־אידען האָט זיך בעוויעזען א מאַן, וועלכען דאָס פאָלק האָט אָנגענומען פאר משיח׳ן (1160). דאָס איז געווען דוד אַל־ראַי, פון דער פערסישער שטאָדט אַמאַדיא, וועלכער האָט געקראָגען אין די ישיבות אין באַגדאַד א אידישע און אַראַבישע ערציהונג. זעהענדיג ווי דער באַגדאַדישער קאַליפאַט האַלט לאַנגזאַם אין צופאַלען ווערען, האָט דוד בעשלאָסען צו ווערען א זעלבסטשטענדיגער פירשט פון זיין פאָלק. ער האָט זיך געווענדט מיט אַן אויפרוף צו אַלע אידען פון אַזיען און אָנגעזאָגט, אַז ער איז געשיקט געוואָרען פון גאָט צו בעפרייען זיינע ברידער פון דעם מאחמעדאנישען יאָך און זיי אַוועקפיהרען קיין ירושלים. אויף זיין רוף זיינען זיך צונויפגעלאָפען קיין אַמאַדיא בעוואפענטע אידען, וועלכע האָבען פון פאָרזיכטיגקייט וועגען בעהאלטען זייערע וואפען אונטער די אויבערשטע קליידער. די

לענענדע דערצעהלט, אז דער פערסישער סולטאן, דערוויסענדיג זיך פון דעם אידישען אויפשטאנד, האט געשיקט רופען צו זיך דוד אל־ראי. דוד אל־ראי איז ערשינען אין קעניגליכען הויף אהן בעגלייטער און האט אהן מורא זיך ערקלערט פאר'ן אידישען קעניג. מען האט איהם א כאפ געטהאן און פערשפארט אין געפענגנים. אבער מיט דער הילף פון כשוף איז דוד אנטלאפען פון געפענגנים און האט זיך וויעדער בעוויזען אין אמאדיא. דאס פאלק האט געגלויבט, אז דוד קען אויפטהאן מופתים, אזוי ווי עס פאסט פאר גאט'ס שליח. אין גיכען אבער איז ער געפאלען א קרבן פון פערראט: אויף דער פאדערונג פון די פערסישע הערשער האט איהם זיין אייגענער שווער גע'הרג'עט אין שלאף. נאר אפילו נאך זיין טויט איז אין באגדאד געבליבען א גרופע פון זיינע אנהענגער, וועלכע האבען געגלויבט, אז באלד־באלד וועלען זיי דורך א וואונדער אויסגעלייזט ווערען. מיט דעם דאזיגען לייכטזיניגען גלויבען פון פאלק האבען זיך בענוצט צוויי שווינדלער פאר זייערע אייגענע צוועקען. זיי האבען געוויזען די אידען פון באגדאד א בריעף וואס זיי האבען כלומר'שט געקראגען פון משיח'ן, אז די גאולה איז נאהנט און אז זי וועט פארקומען אויף פאלגענדען וואונדערליכען אופן: אין א בעשטימטער שטונדע, ארום האלבע נאכט זאלען די אידען זיך אנטהאן אין גרינע קליידער, זאלען ארויפגעהן אויף די דעכער פון זייערע הייזער און דארטען ווארטען: דאן וועט זיך אויפהויבען א שטארקער ווינד וועלכער וועט אלעמען פערטראגען גלייך קיין ירושלים. די אבגענארטע אידען האבען אבגעגעבען צו די שווינדלער זייער גאנצען פערמעגען צו צוטיילען צווישען ארימעלייט און אין דער בעשטימטער שטונדע זיינען זיי ארויף אויף די דעכער. ערשט ווען זיי זיינען אבגעזעסען מיט זייערע ווייבער און קינדער א גאנצע נאכט און דער וואונדערליכער ווינד איז ניט געקומען האבען די אידען פערשטאנען זייער טעות. אבער די שווינדלער האבען צונויפגענומען זייער פערמעגען און זיינען אנטלאפען. די איינוואוינער פון באגדאד האבען אין חוזק א נאמען געגעבען יענעם יאהר „דאס יאהר פון איבערפליהען".

צוערשט די אלמאראווידען און דערנאך די אלמוהאדען, וועלכע האבען איינע נאך די אנדערע געהעשט איבער שפאניען, האבען צר־

זאמענגעבראכט שפאניען מיט זייער אייגען לאנד—צפון־אפריקא. געדריקט פון די אלמוהאדען האבען זיך א סך שפאנישע אידען בע־זעצט אין די רוהיגע טיילען פון אפריקע, איבערהויפט מצרים, וואו עס האט דעמאלט געהערשט דער גרויסער סולטאן סאלאדין, דער בעזיעגער פון סיריען און פאלעסטינא (1171). סאלאדין האט זיך בעצויגען פריינדליך צו די אידען. ער האט זיי ערלויבט צו וואוינען אין ירושלים, פון וואנען די קריסטען האבען זיי פריהער פארטריבען. אין מצרים גופא האבען די אידען געלעבט אין גוט איינגעארדענטע קהילות, וועלכע האבען געהאט אויטאנאמיע. בראש פון די אידישע קהילות איז געשטאנען א אידישער עלטסטער, וועלכער האט געטראַ־גען דעם טיטעל „נגיד" (דאס זעלבע וואס עקזילארך). ער האט בעשטימט די רבנים און חזנים פאר די קהילות און שוהלען, האט גע'משפט אידישע פראצעסען און האט געהאט א רעכט צו בעשטראַ־פען שולדיגע ניט נאר מיט געלד נאר אויך מיט קערפערליכע שטראַ־פען און געפענגנים. די וויכטיגסטע אידישע קהילות האבען זיך געפינען אין דער הויפטשטאדט קאירא און אין אלעקסאנדריען. אין מצרים האבען אויך געלעבט א סך קאראימען, וועלכע האבען געהאט זייער'ע בעזונדערע קהילות און שוהלען. אין סאלאדינ'ס הויף איז געווען אלס דאקטאר דער גרעסטער אידישער פילאזאף און גע־זעצלעהרער, דער רמב"ם.

§12. דאס לעבען פון דעם רמב"ם. רבנו משה בן־מימון, אדער דער רמב"ם, איז געבוירען געווארען אין יאהר 1135 אין שפאַ־ניען, אין קארדאווא, וואו זיין פאטער איז געווען דין. דער רמב"ם האט בעקומען זיין בילדונג אין יענער בעריהמטער צייט, ווען די אידען און די אראבער האבען ארויסגעגעבען א סך געלעהרטע, פי־לאזאפען און פאעטען. פון זיינע אינגסטע יאהרען האט ער מיט גרויס התמדה געלערענט תלמוד, פילאזאפיע און נאטור וויסענשאפט, און האט זעהר א סך געלעזען אין העברעאיש און אראביש. ווען דער רמב"ם איז אלט געווען דרייצעהן יאהר איז שפאניען בעזיעגט גע־ווארען פון די אלמוהאדען און די אידען איז געשטעלט געווארען די ברירה: ענטוועדער אנצונעהמען דעם איסלאם אדער פערלאזען דאס לאנד. דעם רמב"ם'ס פאמיליע האט זיך געמוזט אוועקלאזען אין א שווערען וועג פון וואנדערען. אבער אין דער צייט פון די

וואַנדערונגען האָט דאָך דער יונגער משה ניט אויפגעהערט צו לער־נען און אַרבייטען אויף זיין גייסטיגער ענטוויקלונג. ער האָט גע־לערנט אונטער דער השגחה פון אַראַבישע געלערטע, מיט וועלכע ער האָט זיך בעקענט אין פערשיידענע ערטער, און צווישען אַנדערע זאַכען האָט ער זיך גוט אויסגעלערנט מעדיציין. אָבער ביי דעם אַלעמען האָבען די רדיפות, וואָס דער יונגער איינגעל איז אויסגעשטאַ־נען, געשטויסען זיין געדאַנק צו טראַכטען וועגען דער אידישער אמונה און געזעצגעבונג און האָט געוואָלט אריינטראָגען אהער דאָס ליכט פון וויסענשאַפט און אָרדנונג. ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן פון 23 יאָהר האָט ער שוין אָנגעהויבען שרייבען אַ גרוי־סען פירוש אויף דער משנה, דער יסוד פון תלמוד.

אין דיעזער צייט איז דער רמב״ם אריבערגעפאָהרען מיט זיין פאָטער און איבריגער פאַמיליע אין צפון־אפריקע און האָט זיך בעזעצט אין פעז. דאָ האָבען נאָך אַלץ געבושעוועט די פאַנאַטישע אַלמוהאַדען, וועלכע האָבען געצוואונגען די אידען אָנצונעהמען דעם איסלאַם. דעם רמב״מ׳ס משפחה האָט אויך געמוזט אַ שטיקעל צייט זיך מאַכען פאַר בלומר׳שטע מאַהמעדאַנער און היטען זייער אייגענעם גלויבען בעהאַלטענערהייד. אָבער מאַהמעדאַנער האָבען זיך שנעל דערוואוסט דערפון און דעם רמב״מ׳ס פאַמיליע האָט גע־מוזט אַנטלויפען קיין פאַלעסטינא (1165). ווען זיי זיינען געווען זעקס טאָג אויפ׳ן מיטלענדישען ים האָט זיך אויפגעהויבען אַ גרוי־סער שטורמווינד און דאָס שיף איז שיער ניט אונטערגעגאַנגען. די אומגליקליכע האָבען היים מתפלל געווען צו גאָט ער זאָל זיי רעטען. ענדליך, נאָך אַ מאָנאַט רייזען אויפ׳ן ים, איז דאָס שיף אָנגעקומען קיין עכו. דאָ האָבען די וואַנדערער פערבראַכט עטליכע מאָנאַטען און דערנאָך זיינען זיי אוועק קיין ירושלים מתפלל צו זיין ביים כתל המערבי. פון דאָרטען זיינען זיי אוועק קיין חברון און דאָ האָט דער רמב״ם אַ גאַנצען טאָג מתפלל געווען אין דער מערת המכפלה, וואו די אבות ליגען. פון דאַנען זיינען זיי אוועק קיין מצרים און האָבען זיך בעזעצט אין אַלט־קאַירא (פאָסטאַט).

אין קאַירא האָט זיך דער רמב״ם בעשעפטיגט מיט דאָקטאָריע פון וועלכער ער האָט זיך מפרנס געווען, נאָר אין דער זעלבער צייט האָט ער ניט אויפגעהערט צו שרייבען זיינע ווערק וועגען רעליגיאָן

און פילאָזאָפיע. אין גיכען האָט ער געקראָגען אַ שם צווישען אידען און אַראַבער אַלס גרויסער דאָקטאָר און טיעפער געלעהרטער. דער געבילדעטער סולטאַן סאַלאַדין האָט בעשטימט דעם רמב״ם פאַר זיין הויף־דאָקטאָר. אויסער דעם האָט דער רמב״ם בעקומען דעם טיטעל „נגיד״. ער איז געוואָרען דער גייסטיגער פיהרער פון זיינע פאָלקס־ברידער ניט נאָר אין מצרים נאָר אין אַלע לענדער פון מזרח, פון וואַנען מען פלעגט זיך צו איהם אָפט ווענדען מיט רעליגיעזע און געזעלשאַפטליכע פראַגען. נאָכ׳ן טויט פון סאַלאַדין (1193) איז דער רמב״ם געווען לייב־דאָקטאָר ביי זיין נאָכפאָלגער. וועגען זיין לעבען אין דיזער צייט האָט דער רמב״ם געשריבען צו איינעם פון די פערזאַמעלטע געלעהרטע פאָלגענדעס: „דער סולטאַן וואוינט אין ניי־קאַירָאָ און איך אין פאָסטאַט (אַלט־קאַיראָ). יעדען טאָג אין דער פריה דאַרף איך ערשיינען אין הויף. אויב דער סולטאַן ווערט קראַנק אָדער איינע פון זיינע ווייבער אָדער קינדער בלייב איך דאָרט כמעט דעם גאַנצען טאָג. אָבער אין יענעם טאָג ווען אַלץ איז בשלום קען איך זיך אומקערען קיין פאָסטאַט אַרום האַלבען טאָג. דאָרט געפין איך שוין וואַרטען אויף מיר אַ מאַסע מענשען — מאַחמעדאַנער און אידען, חשוב׳ע לייט און פּראָסטע מענשען, ריכטער און בעאַמטע. איך גיה אַרונטער פון אייזעל, וואַש זיך און גיה אַרויס צו זיי, און בעט זיי ענטשולדיגונג זיי זאָלען וואַרטען ביז איך וועל עפּעס אָבעסען. דערנאָך גיה איך אַרויס צו די קראַנ־קע זיי צו היילען און איך פערשרייב זיי רפואות. אַזוי האַלטען מענשען אין איין קומען און אַוועקגעהן ביז נאַכט. אין אָבענד פיהל איך זיך זעהר מיעד, נאָר דאָך פערברענג איך אין לערנען, אַמאָל ביז נאָך האַלבע נאַכט. בלויז שבת האָב איך צייט צו פער־ברענגען די עלטסטע פון דער קהילה און געבען זיי אָנווייזונגען אויף אַ גאַנצע וואָך״.

דער רמב״ם איז געשטאָרבען אין יאָהר 1204, 69 יאָהר אַלט. אין קאַיראָ האָבען איהם בעוויינט ניט בלויז די אידען נאָר אויך מאַחמעדאַנער, און אין ירושלים האָט מען געמאַכט אַ תענית נאָך דיעזען גרויסען פערלוסט. דעם קערפּער פון דעם רמב״ם האָט מען איבערגעפיהרט קיין ארץ־ישראל און מקבר געווען אין טבריה.

זיין איינציגער זוהן אברהם האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ אַלס דאָקטאָר אין סולטאַנ׳ס הויף און אַלס „נגיד" פון די אידען אין מצרים.

§13. דעם רמב"ם׳ס ווערק. דער נאָמען פון דעם רמב"ם איז ערשט רעכט בערימהמט געוואָרען נאָך זיין טויט, ווען זיינע ספרים האָבען זיך פאַרשפּרייט. מען פּלעגט וועגען איהם זאָגען: „ממשה עד משה לא קם כמשה", ד. ה., פון משה רבנו ביז משה בן מימון איז ניט געווען נאָך אַזאַ משה. און ווירקליך, נאָך דעם חומש און דער משנה האָט קיינער ניט אויפגעטהאָן אַזוי פיעל פאַר דער ענטוויקלונג פון יודענטום ווי דער רמב"ם. שוין אין זיין ערשטען ווערק „המאור" (דאָס ליכט), אַ גרויסער פּירוש אויף דער משנה, וועלכער איז געשריבען געוואָרען אין אַראַביש און איז שפּעטער איבערזעצט געוואָרען אין העברעאיש, האָט דער רמב"ם אויסגעגאָסען אַ סך ליכטיגקייט אויף דער גאַנצער „תורה שבעל־פה". אויב די גמרא האָט אָפט פערפּלאָנטערט און פערדונקעלט דעם געדאַנק פון דער משנה האָט דעם רמב"ם׳ס „המאור" איהם אויסגעוויקעלט און גלאַט געמאַכט. אָבער דער רמב"ם האָט זיך ניט בענוגענט דערמיט. דער פיעל־בענדיגער תלמוד ענטהאַלט אין זיך אַזאַ גרויסע און צעוואָרפענע מאַסע דינים, מאָראַל־לעהרען און וויסענשאַפטליכע זאַכען, אַז כדי דאָס אַלץ אויסצולערנען וואָלט געהמען אַ מענשענס גאַנץ לעבען; אויך איז זעהר שווער פון דיזער מאַסע אַרויסצופיהרען גענויע כללים און דינים, צוליעב די פיעלע חלוקי דעות פון די פערשיידענע חכמים. און דער רמב"ם האָט בעשלאָסען צונויפצושטעלען אַ פאָלשטענדיגע זאַמלונג פון די אידישע דינים און לעהרען לויט דעם תנ"ך און תלמוד. „איך וואָלט געוואָלט — זאָגט ער אין זיין הקדמה צו דיזען ספר — אַז דאָס דאָזיגע ווערק זאָל זיין אַ פאָלשטענדיגע זאַמלונג פון דער תורה שבעל־פה מיט אַלע תקנות, מנהגים און גזרות, וואָס האָבען זיך אָנגעזאַמעלט פון דער צייט פון משה רבנו ביז דער צונויפשטעלונג פון דער גמרא. איך האָב אַ נאָמען געגעבען דיזען ווערק „משנה תורה", ווייל יעדער מענש קען צוערשט דורכ־לערנען די „תורה שבכתב" און דערנאָך דורך דיזען ספר קענען וויסען אויך גאַנץ „תורה שבעל־פה", ניט לערנענדיג קיין אַנדער זאַך צווישען די ביידע".

דעם רמב"מ'ס „משנה תורה", אָדער וואָס איז בעאוווסט בעי־סער אונטער'ן נאָמען „יד החזקה" (די שטאַרקע האַנד) איז געי־שריבען אין אַ שעהנעם העברעאישען סטיל און בעשטעהט פון פערצעהן ספרים. דער ערשטער הייסט „ספר המדע". אין איהם זיינען ענטהאַלטען די עיקרים פון דער אידישער רעליגיאָן. אַזעלכע עיקרים האָט דער רמב"ם פעסטגעשטעלט דרייצעהן. 1) גאָט איז דער בעשעפער און דער פיהרער פון דער גאַנצער וועלט; 2) ער איז איינציג; 3) גאָט איז ניט קיין גוף און האָט קיין עהנליכקייט צו אַ גוף, ער קען בענומען ווערען ניט מיט די חושים נאָר מיט'ן פערשטאַנד; 4) גאָט איז אייביג; 5) אַ איד דאַרף בעטען נאָר צו איהם און ניט צו קיין אַנדערען; 6) אַלע רייד פון די נביאים (תנך) זיינען אמת; 7) משה'ס נבואה איז אמת און ער איז דער גרעסטער פון די נביאים; 8) די גאַנצע תורה איז געגעבען געוואָרען פון גאָט צו משה'ן; 9) די דאָזיגע תורה וועט קיינמאָל ניט פאַר־ביטען ווערען אויף אַן אַנדערער; 10) גאָט וויים אַלע מעשים פון דעם מענשען און זיינע געדאַנקען; 11) גאָט בעלוינט מיט גוטס די וואָס היטען זיינע געבאָטען און בעשטראָפט די וואָס זיינען עובר אויף זיי; 12) משיח וועט קומען אפילו ווען ער זאַמט זיך; 13) די טויטע וועלען לעבעדיג ווערען.

אין דעם „ספר המדע" ווערען דיזע אַלע עיקרים ערקלערט אויספיהרליך און דאָרט ווערען אויך אָנגעוויזען יענע מאָראַלישע פליכטען פאַר יעדען מענשען, וואָס שטאַמען אַרוים פון די דאָזיגע עיקרים. אין די איבעריגע ספרים פון דער „משנה תורה" זיינען אויסגעשטעלט אין שטרענגער אָרדנונג אַלע דינים, צערעמאָניעס און מנהגים פון דער אידישער אמונה, און אויך די געזעצען פון פאַמיליע, שטאַט און געזעלשאַפט, וועלכע האָבען זיך אויסגעאַרבייט אין דער עפּאָכע פון תנ"ך און תלמוד. אַ דאַנק דיזען ווערק פון דעם רמב"ם האָט זיך דער תלמוד אינגאַנצען בעפעסטיגט צווישען די אידען. די „משנה תורה" איז געוואָרען דער וועגווייזער פון יעדען רב, דיין און מנהיג פון אַ קהילה. פונדעסטוועגען האָבען זיך די ערשטע צייט געפונען געגנער, וועלכע האָבען קריטיקירט דאָס גרויסע ווערק פון דעם רמב"ם. מען האָט דעם מחבר בעשולדיגט אַז ער איז מיט זיין ספר אויסען געווען אָבצושאַפען דאָס לערנען פון

תלמוד אין די ישיבות, אז ער איז א פריידענקער און, ענדליך, אז ער האט צופיעל געשטעלט אויף זיך דערמיט וואס ער האט בעשלאסען אזעלכע פראגען, וואס אין תלמוד זיינען זיי א מחלקה.

אָבער דערמיט האט נאך דער רמב״ם ניט געהאלטען זיין אויפ־גאבע פאר געענדיגט. צוויי גרויסע אמת׳ן האבען געדיענט דעם רמב״ם אלס די לייכטענדע שטערען פון זיין לעבען: דער אמת, וואס ווערט דעם מענשען בעוואוסט דורך דער געטליכער ענטפלע־קונג, און יענער אמת, וואס דער מענש דערגעהט מיט זיין אייגענעם ג ע ד א נ ק. אלס גלויביגער מענש האט ער זיך געבויגען פאר די לעהרען פון משה׳ן און די נביאים; אלס דענקענדער מענש האט ער אנגענומען די לעהרע פון דעם גריכישען פילאזאף אריסטאטעל און אנדערע דענקער, אויסבעסערענדיג די דאזיגע לעהרען לויט זיינע אייגענע איבערצייגונגען. דער רמב״ם האט געהאט נאך איין געדאנק: צו פעראייניגען די אמת׳ן פון דער אנטפלעקונג מיט די אמת׳ן פון פערשטאנד. דיעזע גרויסע אויפגאבע האט ער דורכגעפיהרט אין זיין ספר „מורה נבוכים" (דער וועגווייזער פיר בלאנדזענדע), וועלכען ער האט געשריבען אין אראביש. אין דיזען ספר ווערט דורכגעפיהרט דעם גרונד־געדאנק, אז דער ריינער גלויבען און דער ריינער דענקען שטימען פאלשטענדיג איינס מיט׳ן אנדערען. ביידע אנערקענען זיי, אז עס עקזיסטירט אן איינציגער גאט, פון וועלכען עס נעהמט זיך די גאנצע בעשאפונג, און ביידע שטרעבען צו ברענ־גען דעם מענשען צו דער העכסטער פאלקאמענהייט. און אויב דער אמת פון גלויבען און דער אמת פון פערשטאנד שטימען אזוי בנוגע דער ערשטער אורזאכע און דעם לעצטען ציעל, מוזען זיי אויך שטי־מען אין אלע אנדערע זאכען, וואס ליגען צווישען די דאזיגע צוויי עקסטרעמע פונקטען. דאן ווענדט אן דער רמב״ם דיזע גרונד־געדאנקען צו די עיקרים פון דער אידישער אמונה. דער „מורה נבוכים" בעשטעהט פון דריי טייל. דער ערשטער טייל בעשעפטיגט זיך מיט דער לעהרע וועגען דער געטליכקייט, דער צווייטער — מיט דער בעשאפונג פון דער וועלט און מיט דער נבואה, און דער דריטער — מיט דער מאראל.

דער רמב״ם האט אויף א גלענצענדען אופן פערווירקליכט דאס, וואס ר׳ סעדיה גאון האט אנגעהויבען מיט צוויי הונדערט און

פופציג יאָהר פריהער מיט זיין ספר „אמונות ודעות". **זיין אויפטהו** איז די קרוין אי פון דער אידישער רעליגיאָנס-לעהרע אי פון דער מיטעלאַלטערליכער אידישער פילאָזאָפיע. דער „מורה נבוכים" איז געוואָרען זעהר בעריהמט: עס האָבען איהם געלערנט אי אידען, אי אראבער, אי קריסטען (אין לאטיין). אויסער די דאָזיגע הויפט־ווערק האָט נאָך דער רמב"ם אָנגעשריבען אַ גאַנצע רייהע ביכער וועגען מאָראַל, לאָגיק און מעדיצין.

---

דריטער קאַפּיטעל.

# די אידען אין דער קריסטליכער אייראָפּא אין דער צייט פון די קרייצצוגען.

(1096—1215).

§14. דער ערשטער קרייצצוג. צום ענדע פון עלפטען יאָהרהונדערט, האָבען די אידישע קהילות אין פראנקרייך, דייטש־לאַנד און אַנדערע לענדער פון דער קריסטליכער אייראָפּאַ זיך אַזוי פערמעהרט און פערשטאַרקט, אַז עס האָט געקענט דוכטען דאָס זייער עקזיסטענץ איז געזיכערט. מען האָט געקענט ערווארטען אין דער צוקונפט אַ מעהר אָדער ווייניגער קולטורעלע ענטוויקלונג פון די דאָזיגע קהילות, אַזוי ווי אין שפּאַניען. אָבער די דאָזיגע ערוואַר־טונגען זיינען ניט מקוים געוואָרען. אין אייראָפּאַ זיינען פאָרגעקומען געשעהענישען וועלכע האָבען ביז'ן גרונד צוטרייסעלט דאָס לעבען פון די אידען אין די קריסטליכע לענדער, און האָבען זיי פער־משפט צו ליידען, ערנידערונגען און רעכטלאָזיגקייט אויף פיעלע הונדערטע יאָהרען. אין ענדע פון עלפטען יאָהרהונדערט האָבען די קריסטליכע פעלקער זיך פעראייניגט פאַר אַן אַלגעמיינער מלחמה פאַר זייער גלויבען געגען די מאַחמעדאַנער, וועלכע האָבען דעמאָלט געהערשט איבער פּאַלעסטינא, אָדער „דאָס הייליגע לאַנד". די מאַחמעדאַנער האָבען שטאַרק אונטערדריקט די קריסטען, וואָס זיינען געווען אונטערטעניג צו זיי. אַ סך זיינען אויסגעשטאַנען פון

זיי די קריסטליכע פּילגרימער, וועלכע פלעגען קומען פון אייראָפּא
קיין ירושלים מתפלל צו זיין אויף קריסטוס׳עס קבר. אין יאָהר
1095 האָט דער רוימישער פּאבסט אורבאַן דער צווייטער פעררופען
אַן אסיפה אין קלערמאָן, אין פראַנקרייך, און דאָ האָט ער אויפגע־
העצט די קריסטען צו געהן מלחמה האַלטען מיט די „אונגלויביגע"
מאַחמעדאַנער און אָבנעהמען ביי זיי די היילינע שטאָדט ירושלים.
אויף דיזען אויפרוף האָבען אָבגעענטפערט א סך פעאָדאַלע פירר־
שטען, ריטער, בישאָפען און פּראָסטער המון אין פראַנקרייך
און דייטשלאַנד. צעהנדליגע טויזענדע מענשען האָבען פערלאָזען
זייערע היימען, פעלדער, גיטער, האָבען זיך אָנגעטהאָן רויטע צלמים
אויף זייערע אויבערשטע קליידער און האָבען זיך געגרייט צו געהן
אויף די „אונגלויביגע". אין אָנהויב פון יאָהר 1096 האָט זיך
שוין צונויפגעזאַמעלט א גרויסע מחנה קרייץ־טרעגער. צווישען זיי
זיינען געווען מענשען וואָס האָבען טאַקע באמת געוואָלט זיך שלאָגען
פאַר זייער גלויבען; אָבער דער גרעסטער טייל זיינען נאָר אויסען
געווען טובות פאַר זיך. די ריטער האָבען אויסגעקוקט אויפ׳ן רייכען
רויב אין די מוסולמאַנישע לענדער, די פּויערים זיינען געגאַנגען ווייל
מען האָט זיי דערפאַר צוגעזאָגט צו בעפרייען פון שקלאַפעריי, און
די פרומע מענשען פון פערשיידענע קלאַסען האָט געצויגען אהין
דאָס וואָס די גלחים האָבען צוגעזאָגט אז אלע זינד וועלען געשענקט
ווערען דעם יעניגען וואָס וועט געהן אין דער מלחמה פאַר׳ן גלויבען.
צו דיזער פאָלקס־מחנה איז נאָך צוגעשטאַנען א גאַנצע מאַסע הפקר־
יונגען, באַנדיטען, אָרימעלייט און סתם אוואַנטוריסטען. איידער
די קעניגע האָבען צייט געהאַט זיך צוצוגרייטען אין וועג אריין
האָט דערווייל דער אָרדנונגסלאָזער המון זיך פאַנאַנדערגעלאָזען
איבער פראַנקרייך און דייטשלאַנד און זיך גענומען צו רויבען
די בעפעלקערונג פון די ערטער, וואָס זיינען געלעגען אויף זייער
וועג; אָבער די אידען האָבען די קרייץ־טרעגער ניט נאָר בערויבט
נאָר אויך געטויט אָדער געצוואונגען זיך צו שמד׳ן. „עס איז
אויפגעשטאַנען — שרייבט א אידישער היסטאָריקער — א פאָלק,
א ווילדער, א פערצווייפעלטער, א גרויזאַמער, אַן אויפגעלאָף פון
פראַנצויזען און דייטשען. דורכגעהענדיג די שטעדט וואו אידען
האָבען געלעבט פלעגען זיי זאָגען צו זיך: מיר געהען נעהמען נקמה

פון די ישמעאלים, און נעבען אונז געפינען זיך די אידען, וועלכע האָבען געקרייציגט אונזער משיח; מען דאַרף פריהער מיט זיי זיך אָברעכענען! זאָל דער אידישער נאָמען אויסגעמעקט ווערען, אָדער די אידען זאָלען זיך אונטערגעבען און שמד'ן!"

דער פריהלינג פון יאָהר 1096 האָט געבראַכט אומגליק און חורבן צו פיעלע טויזענדער אידען אין אייראָפּאַ. די קרייץ־טרעגער האָבען אַם ווילדעסטען געבושעוועט אין די דייטשע שטעדט, וואָס ליגען ביים ברעג רהיין. איינע פון די ערשטע האָט געליטען די אַלטע אידישע קהילה אין וואָרמס: הונדערטע אידען זיינען געקוילעט געוואָרען; אָבגעהענדיג מיט בלוט פלעגען זיי שרייען „שמע ישראל!" בלויז ווייניגע פלעגען זיך שמד'ן. אַנדערע פלעגען זיך אַליין נעהמען דאָס לעבען כדי ניט אריינצופאַלען אין די הענד פון די שונאים. פרויען פלעגען הרג'ענען זייערע געליעבטע קינדער פאַר מורא אַז מען זאָל זיי ניט אָב'שמד'ן מיט גוואַלד. די קרייץ־טרעגער האָבען חרב געמאַכט די אידישע הייזער אין וואָרמס, האָבען גערויבט זייער פערמעגען, האָבען צוריסען און געטראָטען מיט די פיס זייערע ספרי תורות, וואָס זיי האָבען געפונען אין די שוהלען (18טען מאַי). אַ טייל פון דער אידישער בעפעלקערונג האָט זיך בעהאַלטען אין הויז פון דעם וואָרמסער בישאָף אַלעבראַנד. דער בישאָף האָט ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט זיי בעשיצען און ער האָט זיי אַן עצה געגעבען זיי זאָלען זיך רעטען דורך שמד. די אידען האָבען געבעטען מען זאָל זיי געבען צייט זיך צו בעקלערען. פאַר'ן פּאַלאַץ פון דעם בישאָף האָבען די קרייץ־טרעגער זיך אויסגעלעגט גרייט צו פיהרען די אידען ענטוועדער אין קירכע אָדער צום טויט. ווען די בעשטימטע צייט איז פאַריבער האָט דער בישאָף געעפענט די טיר וואָס האָט געפיהרט צו דער בעהעלטעניש פון די אומגליקליכע, און האָט זיי געפונען אַלע שווימען אין אַ טייך בלוט: זיי האָבען בעשלאָסען בעסער זיך צו טויטען איידער זיך אָבצוזאָגען פון זייער גלויבען. די צעווילדעטע קרייץ־טרעגער האָבען זיך לוסטיג געמאַכט איבער די טויטע קערפּער פון די אידישע מאַרטירער און די איבערגעבליבענע אידען פון וואָרמס האָבען זיי טיילווייז אויסגע'הרג'ט און טיילווייז אויסגע'שמד'ט (25טען מאַי). איין אײנגעל מיט'ן נאָמען שמחה כהן, וועלכער האָט פערלאָרען אין

דער שחיטה זיין פאָטער און זיינע ברידער האָט בעשלאָסען צו שטארבען, אָבער פריהער נעהמען נקמה פון די מערדער. ווען מען האָט איהם אוועקגעשלעפּט אין קלויסטער האָט ער פון אונטער זיינע מלבושים ארויסגעכאַפּט א שווערד וואָס ער האָט נאָך פריהער בעהאַלטען און האָט דערשטאָכען דעם בישאָפ'ס פּלימעניק: די צורייצטע מאַסע האָבען דעם אינגעל צוריסען אין שטיקער אויפ'ן אָרט. ערשט ווען די קרייץ־טרעגער זיינען אוועק פון וואָרמס האָט מען מקבר געווען די אידישע מארטירער. זייער צאָל האָט דערגרייכט אכט הונדערט.

אין דער אייגענער צייט איז אַן אַנדער מחנה קרייץ־טרעגער צוגעקומען צו מאַינץ. די היגע אידען האָבען זיך בעפעסטיגט אין דעם גרויסען שלאָס פון דעם בישאָף ראָטהארד, וועלכער האָט זיי פאַר געלד צוגעזאָגט צו בעשיצען און העלפען מיט זיין וואָך. ווען די קרייץ־טרעגער זיינען צוגעקומען צום שלאָס האָבען זיך די אידען גענומען פאַר די וואַפען, האָפענדיג, אַז דעם בישאָפ'ס וואַך וועט זיי העלפען; אָבער זיי זיינען בימער אָבגענאַרט געוואָרען. אין דעם געפעהרליכסטען מאָמענט איז זיך די וואַך צולאָפען, און ראָטהארד אליין, אוים מורא אָדער אוים פעררעט, איז אַנטלאָפען, איבערלאָזענדיג די אומגליקליכע אליין. זעהענדיג אַז צו שטעלען זיך אַנטקעגען וועט זיין אומזיסט האָבען טייל אידען זיך אליין גע־טויט און די איבעריגע האָבען זיך געלאָזט טויטען דורך די הענד פון די קרייץ־טרעגער. מעהר מענשליך איז שוין געווען דער בי־שאָף פון קעלן. דערזעהענדיג אַז די קרייץ־טרעגער קומען אָן, האָט ער א סך אידען ארויסגעפיהרט פון שטאָדט און ער האָט זיי בע־האַלטען אין די דערבייאיגע קליינע שטעדטלעך, וואָס האָבען בע־לאַנגט צו איהם; די אידען וואָס זיינען געבליבען אין קעלן האָבען זיך בעהאַלטען אין די הייזער פון זייערע קריסטליכע שכנים. אויף אַזא אופן האָבען זיך אייניגע געראַטעוועט פון טויט, אָבער די מעהרסטע וואָס האָבען זיך בעהאַלטען אין די ארומיגע שטעדטלעך זיינען אומגעקומען דורך די קרייץ־טרעגער. איבעראַל פלעגען די אידען שטארבען העלדיש פאַר זייער גלויבען און פאָלק, און די וואָס זיינען מיט גוואַלד גע'שמד'ט געוואָרען פלעגען זיך אומקערען צום יודענטום אָדער פלעגען זיך אליין נעהמען דאָס לעבען כדי

אויסצוקויפען זייער זינד, צו וועלכער זיי זייגען געצוואונגען גע־וואָרען.

פון די ברעגען פון רהיין האָט די מחנה קרייץ־טרעגער זיך אַ רוק געטהאָן ווייטער, צו די ברעגען פון דאָנוי, אומברענגענדיג אויף זייער וועג די אידען אין די שטעדט פון דייטשלאַנד און בעהמען. פערניכטענדיג און פארוויסטענדיג אַלץ אויף זייער וועג, פלעגען דיזע באנדעס אליין אומקומען אין די טויזענדע פון הונגער און נויט, אָדער זיי פלעגען אומגעבראכט ווערען פון די פעלקער אין וועמעס לענדער זיי האָבען געבושעוועט. און אויף צו געהן צום הייליגען לאַנד האָט זיך געבילדעט אַ נייע ארמיי פון קרייץ־טרעגער אונטער דער פיהרערשאפט פון הערצאָג גאָטפריעד פון בוליאָן. נאָך אַ שווערען וואנדערען פון דריי יאָהר און נאָך אַ סך פערלוסטען אויפ'ן וועג (אין ביזאנטיען) האָט דיזער קרייצצוג דערגרייכט דאָס הייליגע לאַנד. ירושלים איז גענומען געוואָרען מיט שטורם (15טען יולי 1099). די צעווילדעטע קרייץ־טרעגער האָבען אויס־גע'הרג'ט אַלע מאַהמעדאנער, און די אידען, די תלמודיסטען אזוי גוט ווי די קאראימער, האָבען זיי צונויפגעטריבען אין איין שוהל און זי אונטערגעצונדען. אַלע אידען זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען און זייער פערמעגען איז צורויבט געוואָרען. די קרייץ־טרעגער האָבען איינגענומען אַ טייל פון ארץ־ישראל און האָבען דאָרט געגרינדעט דאָס „ירושלים'ער קעניגרייך".

די צרות פון די אידען אין דייטשלאַנד האָבען אין גיכען אויפגעהערט, אַ דאַנק דעם גוטען קעניג היינריך דעם 4טען, וועלכער האָט זיך פאַר זיי איינגעשטעלט. ניט אַכטענדיג אויף די פּראָ־טעסטען פון די גלחים און פון דעם פּאַבסט, האָט דער קעניג ער־לויבט אַלע אידען, וואָס זיינען מיט גוואלד גע'שמד'ט געוואָרען, זיך אומצוקערען צוריק צו זייער אמונה. ער האָט אויך בעשטראָפט איינינגע גלחים און איינינגע בעאַמטע, וועלכע האָבען דערלאָזען די הריגות אויף די אידען אין זיין ממשלה.

§15. דער צווייטער קרייצצוג. אין עטליכע צעהנדליג יאָהר ארום איז דאָס „קעניגרייך פון ירושלים" געפאַלען און די מאַהמעדאנער האָבען ווידער גענומען דריקען די קריסטען. דאַן האָט מען אין אייראָפּאַ זיך גענומען גרייטען צו אַ נייעם קרייצ־

צוג. בראש פון די קרייץ־טרעגער זיינען געשטאנען: דער פראנ־צויזישער קעניג לודוויג דער 7טער און דער דייטשער אימפעראטאר קאנראד דער 3טער (1146). דער פראנצויזישער מאנאך בערנארד פון קלערוואָ האָט איינגערעדט דעם עולם צו געהן גלייך אין דעם הייליגען לאנד, אָבער אנדערע מאנאכען האָבען געפּרעדיגט, אז די קרייץ־טרעגער, איידער זיי געהען געגען די מאחמעדאנער, דאר־פען זיך נעהמען צו די אידען און זיי ענטוועדער אויס׳שמד׳ן אָדער פערניכטען. מיט אזעלכע דרשות האָט דער גרויזאמער דייטשער מאנאך רודאָלף געהעצט די קריסטען. אין אויגוסט פון יאָהר 1146 האָבען זיך אין די רהיין־שטעדט ווידער אָנגעהויבען אטאקען אויף די אידען. אין דער אומגעגענד פון טריער און שפּייערן זיינען געפאלען די ערשטע אידישע מארטירער פון דעם נייעם קרייצצוג. זייענדיג אָנגעלערנט מיט דער טרויעריגער ערפאהרונג פון 1096, האָבען די אידען אין א סך ערטער בעצאָלט ריעזיגע סומען געלט צו בישאָפען און פעאָדאלע פירשטען פאר דער ערלויבניש זיך צו בעהאלטען אין זייערע בעפעסטיגטע שלעסער און הויפען. קעניג ריכארד זעלבסט האָט געלאָזט די אידען זיך בעהאלטען אין זיינע גיטער, אין נירנבערג און אין אנדערע פעסטונגען. דער קעלנישער בישאָף ארנאָלד האָט אָבגעגעבען אין רשות פון די אידען די וואָלקענבורגער פעסטונג און ער האָט זיי ערלויבט זיך צו פערטיידיגען מיט וואפען געגען זייערע אָנגרייפער. אָבער אזעלכע בעהעלטענישען האָבען די אידען ניט פיעל בעקומען. די שוצלאָזע אידען פון ווירצבורג זיינען אטאקירט געוואָרען: צוואנציג מענשען זיינען גע׳הרג׳ט געוואָרען, צווישען זיי אויך דער בעשיידענער רב יצחק בן־אליקים, וועלכער איז דערשטאָכען געוואָרען מיט א שווערד זיצענדיג פערטיעפט איבער זיינע ספרים.

אין פריהלינג פון 1147 האָבען זיך די פּאָגראָמען איבערגע־חזר׳ט אין עטליכע ערטער אין פראנקרייך. אין קאראנטאָן האָבען זיך די אידען פארשפארט אין איין הויף און האָבען זיך לאנג פער־טיידיגט געגען די אָנפאלער, האָבען איינינע קרייץ־טרעגער פער־וואונדעט און דער׳הרג׳ט, גאָר ענדליך זיינען זיי אלע געפאלען אונטער די קלעפּ פון די שונאים, וועלכע זיינען אריינגעדרונגען אין הויף הינטען ארום. אין דער שטאָדט ראמערו איז די פינס־

טערע מאַסע בעפאַלען די אידען אין דעם אַנדערען טאָג שבועות. די רויבער האָבען זיך אריינגעריסען אין הויז פון דעם בעריהמטען רבנו יעקב תם, האָבען צורויבט זיין פערמעגען, צוריסען די ספרים און איהם אַליין אוועקגעשלעפּט אין פעלד. דאָ האָבען זיי דעם גרויסען רב געמאַכט פינף וואונדען אין קאָפּ, זאָגענדיג: „דו ביזט א גרויסער מאַן ביי אידען, דערפאַר דארפען מיר זיך אין דיר נוקם זיין פאַר די ליידען פון אונזער ערלייזער". גראד דעמאָלט איז אין פעלד פערביייגעפאָהרען עפּעס א ריטער. רבנו תם האָט זיך געווענדט צו איהם ער זאָל איהם רעטען, צוזאָגענדיג איהם דערפאַר א טייערען פערד. דער ריטער האָט איינגערעדט דעם עולם אָבצוגעבען דעם רב צו איהם, צוזאָגענדיג זיי אַז ער וועט איהם איבעררעדען צום קריסטענטום. זיי האָבען איהם געגלויבט און אויף אַזא אופן איז גערעטעט געוואָרען איינער פון די גרעסטע פּאָרשטעהער פון רבני'שען יודענטום אין יענער צייט. ערשט ווען די פריינצויזישע און דייטשע קרייץ־טרעגער זיינען אוועק אין מזרח האָבען די אידען פרייער אָבגעאַטעמט. די וואָס זיינען געווען פערשפּארט אין די שלעסער און פעסטונגען האָבען אָנגעהויבען ארויסצוגעהן פון זייערע בעהעלטענישען, און די וואָס זיינען מיט גוואלד געשמד'ט געוואָרען האָבען זיך אומגעקערט צו זייער פריהעריגען גלויבען.

§16. דער דריטער קרייצצוג. אין יאָהר 1187 האָט דער עגיפּטישער סולטאַן סאַלאדין (§12) אָבגענומען ירושלים ביי די קריסטען און האָט געמאַכט א סוף צום „ירושלים'ער קעניגרייך". דאָס האָט געבראַכט צו א דריטען קרייצצוג אין וועלכען עס האָבען אַנטייל גענומען דער דייטשער אימפּעראַטאָר פרידריך באַרבאַראָסאַ, דער פראַנצויזישער קעניג פיליפּ־אויגוסט און דער ענגלישער קעניג ריטשארד דער לייבען־הערציגער. דאָס מאָל זיינען די הכנות צום קרייצצוג בעגלייט געוואָרען מיט אָנפאַלען אויף די אידען אין ענגלאַנד. די אידישע קהילות אין ענגלאַנד, וועלכע זיינען פערשטאַרקט געוואָרען פון די אָנגעלאָפענע אידען פון פראַנקרייך, האָבען אין 12טען יאָהרהונדערט פערנומען א חשוב'ען אָרט אין דעם האַנדעל פון לאַנד. די אידען האָבען געוואוינט אין לאָנדאָן און אין אַנדערע שטעדט, און האָבען זיך בעשעפטיגט מיט האַנדעל

און באַנק־געשעפטען. די קעניגע האָבען זיי געגעבען די פרייהייט זיך צו בעוועגען, קויפען און פערקויפען איבער'ן גאַנצען לאַנד, אָבער זיי האָבען דערפאַר גענומען גרויסע שטייערען. צווישען די אידען פון לאָנדאָן און אַנדערע פּראָווינץ־שטעדט פלעגען זיך בעגעגנען רייכע אידען, וועלכע פלעגען וואוינען אין געמויערטע הייזער, „אַזוי ווי פּאַלאַצען". די גרויסע סוחרים און די באַנקירען פלעגען צוציהען אַלעמענס אויגען און אויפוועקען דעם חשק פון די קעניגע און די קנאה פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג, וועלכע האָט געהאַלטען אַלע אידען פאַר גבירים. אָט דיזע געפיהלען, צוזאַמען מיט רעליגיעזען פאַנאַטיזם, האָבען צוגעגרייט דעם באָדען פיר די אויפגערעגטע ליידענשאַפטען פון די מאַסען ערב דעם דריטען קרייצצוג.

די הכנות צו דיזען צוג זיינען פאָרגעקומען אין דער צייט ווען ריטשאַרד דער 1טער (דער לייבען־הערציגער) איז אַרויף אויפ'ן טראָהן. אין דעם טאָג פון דער קרוינונג זיינען אין לאָנדאָנער קעניגליכען פּאַלאַץ אָנגעקומען אַ סך דעפּוטאַציעס צו בעגריסען דעם נייעם קעניג. צווישען זיי איז אויך געווען אַ דעפּוטאַציע פון די אידען, וועלכע האָט געבראַכט מתנות דעם קעניג. דעם ענגלישען ערצבישאָף באַלדווין איז ניט געפעהלען געוואָרען וואָס אַ אידישע דעפּוטאַציע איז אויך געקומען. האָט ער אַ זאָג געטהאָן צום קעניג, אַז די „אונגלויביגע" אידען פאַרדיענען ניט אַזאַ הויכען כבוד און אַז אָנצונעהמען פון זיי מתנות איז אַן עבירה. דער קעניג האָט בעפעהלען אַרויסצופיהרען די אידישע דעפּוטאַציע פון דעם קרוינונגס־זאַל. די הויף דיענער הערענדיג אַזאַ בעפעהל, האָבען די אידען מיט גראָבקייט אַרויסגעשטויסען. אין שטאָדט האָט זיך פערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער קעניג האָט ערלויבט צו רויבען די אידען. אַ צורייצטער לאָנדאָנער המון, צוזאַמען מיט די פערזאַמעלטע קרייצטרעגער, האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף די אידען, האָבען זיי גע'הרג'ט, צושטערט זייערע הייזער און צורויבט זייער פערמעגען. די רייכע אידען האָבען זיך פערשפּאַרט אין זייערע הויכע און שטאַרקע הייזער, אָבער די רויבער האָבען די הייזער אונטערגעצונדען און די אומגליקליכע זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען (1189). אייניגע אידען זיינען געשטאָרבען פון זייער אייגענער האַנד, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט מיט גוואַלד גע'שמד'ט צו ווערען.

וועַן אין גיכען נאָכדעם איז ריטשאַרד, בראש פון די קרייץ־טרעגער אוועק אין מזרח, האָבען זיך די פּאָגראָמען איבערגע׳חזר׳ט אין אַנדערע שטעדט אין ענגלאַנד. אַ שרעקליכע טראַגעדיע איז פאָרגעקומען אין דער שטאָדט יאָרק. דאָ האָבען זיך אַ סך אידען פערשפּאַרט אין דעם טהורם פון דער פעסטונג. זעקס טאָג האָבען די קריסטען בעלאַגערט דעם טהורם, די בעלאַגערטע האָבען געוואָרפען אויף זיי שטיינער און גע׳הרג׳ט איין מאָנאַך. נאָר אין גיכען איז די שפּייז אין טהורם אויסגעגאַנגען און עס איז געוואָרען אונמעגליך זיך ווייטער אָבצושלאָגען. די בעלאַגערטע האָבען זיך בעראַטען וואָס צו טהאָן. צווישען זיי איז געווען זייער רב ר׳ יום־טוב און ער האָט געזאָגט: „עס זעהט אויס, אַז גאָט וויל אַז מיר זאָלען שטאַרבען פאַר אונזער הייליגער תורה. דער טויט שטעהט הינטער׳ן טיר און איהר ווערט ניט וועלען פעלשען אין גאָט כדי צו לעבען אַביסעל לענגער אויף דער ערד. דער בעשעפער האָט אונז געגעבען דאָס לעבען, לאָמיר עס איהם אַליין אָוועקגעבען מיט אונזערע אייגענע הענד. אַזאַ ביישפּיעל האָבען אונז געוויזען אַ סך הייליגע לייט און גאַנצע קהילות אין די אַמאָליגע צייטען און אויך אין דער נייער צייט". די ווערטער האָבען געווירקט און די פערשפּאַרטע, מיט דער אויסנאַהם פון איניגע קליינמוטיגע, האָבען בעשלאָסען זיך אָנצוטהאָן אַ מיתה. דער ראש־הקהל, דער רייכער ר׳ יעקב (איינער פון דער דעפּוטאַציע צום קעניג) האָט צוערשט געטויט זיין געליעבטע פרוי און דערנאָך איז ער אַליין געשטאָרבען פון דער האַנד פון דעם רב. אַזוי האָבען אַ סך געמאַכט אַ סוף צו זייער לעבען. די איבעריגע זיינען אויסגע׳הרג׳ט געוואָרען אויף מאָרגען, ערב שבת הגדול 1190, דורך די שונאים, וועלכע האָבען זיך אַריינגעריסען אין פעסטונג. דער שטעלפערטרעטער פן דעם קעניג האָט בעפעהלען צו בעשטראָפען די שולדיגע פון דעם פּאָגראָם. אָבער מען האָט די שולדיגע ניט געכאַפּט; די קרייץ־טרעגער זיינען זיך צולאָפען אין אַלע זייטען און זייערע פיהרער זיינען אַנטלאָפען קיין סקאָטלאַנד. די לאַגע פון די אידען אין ענגלאַנד איז אימער ערגער געוואָרען.

**§17. די אידישע רעכטלאָזיגקייט אין פראַנקרייך און דייטשלאַנד.** די קרייצצוגען האָבען שטאַרק פערערגערט די גע־

זעלשאפטליכע און עקאנאמישע לאגע פון די אידען אין מערב־אייראפא. די מאסען־וואנדערונג פון אייראפא קיין אזיען האט צו־זאמענגעבראכט נעהענטער דיזע צוויי וועלט־טיילען און די קריסט־ליכע סוחרים האבען ארויסגעשטויסען די אידען אלס די האנדעלס־פערמיטלער צווישען די פערשיידענע פעלקער. אין אייראפא אליין, וואס מעהר עס האט זיך ענטוויקעלט דאס לעבען פון די שטעדט, אלץ גרעסער איז געווארען די צאל פון קריסטליכע סוחרים, וועלכע האבען פערנומען דעם פלאץ פון די אידישע. די אידישע סוחרים זיינען אבגעשטויסען געווארען צום קליין־האנדעל. זייענדיג דער־ווייטערט פון ערד־ארבייט און פון א סך מלאכות זיינען די פאר־מעגליכע אידען געצוואונגען געוועזן צו פערנעהמען זיך מיט דעם געשעפט פון געלד־לייהען. דאס האט ניט זעלטען געפיהרט צו צוזאמענשטויסען צווישען די לייהער און זייערע בעלי־חובות און האט שפעטער געבראכט אויף אידען אונבעשרייבליכע צרות. צו־זאמען מיט זייער עקאנאמישער לאגע איז אויך שלימער געווארען די לאגע פון די אידען אין דער קריסטליכער געזעלשאפט. די בייזע געמיטער, וואס די העצעס פון די קרייצצוגען האבען ארויסגערופען, און דער ליידענשאפטליכער רעליגיעזער פאנאטיזם, וואס האט ארומגעכאפט גאנצע שיכטען פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג, האבען אוועקגעשטעלט די אידען אויף א געפעהרליכען ווולקאני־שען באדען: זיי האבען געדארפט שטענדיג ציטערען; יעדער אויסברוך פון פאלקס־צארן האט געקענט ברענגען אויף זיי אומ־גליקען און חורבן. דער אבערגלויבען פון פאלק איז געשפייזט גע־ווארען פון פערשיידענע בייזע קלאנגען, וועלכע האבען ארויסגע־שטעלט די אידען אין די שוידערליכסטע געשטאלטען.

אין דיזער צייט האט זיך צום ערשטען מאל פערשפרייט די פאלשע און געמיינע בעשולדיגונג, אז די אידען הרג'ענען קריסטליכע קינדער ערב פסח און זיי מישען אריין זייער בלוט אין די מצות און וויין. די מענשען וואס האבען אליין פערגאסען אידיש בלוט האבען רעכטפערטיגט זייער ווילדקייט מיט דעם עלילת־דם. אין יאהר 1171, אין דער פראנצויזישער שטאדט בלוא, איז א דיענער פון א שטאדט־בעאמטען געגאנגען צום טייך אנטרינקען זיין פערד. דער פערד האט זיך פאר עפעס איבערגעשראקען און איז אבגע־

שפּרונגען, און דער דערשראָקענער דיענער האָט זיך אומגעקערט אין שטאָדט און דערצעהלט, אז ער האָט געזעהן ווי א איד האָט אריינגעוואָרפען אין טייך דעם קערפּער פון א קריסטליכען אינגעל. אויפ׳ן סמך פון דיזער בעשולדיגונג זיינען אויסגע׳הרג׳ט געוואָרען ארום 30 פּערזאָן פון דער דאָרטיגער אידישער קהילה. כדי צו דער־געהן דעם אמת, האָבען די ריכטער זיך בענוצט מיט דעם דעמאָלדי־גען אבערגלויבישען מיטעל פון דער „וואסער־פּרוב": מען האָט דעם דיענער אריינגעזעצט אין א שיפעל, וועלכען מען האָט אָנגעפּילט מיט וואסער, און אזוי ווי דאָס שיפעל איז ניט געזונקען איז דאָס געווען א סמן, אז דער דיענער האָט געזאָגט דעם אמת. דאַן האָט מען די ארעסטירטע אידען פערשלאָסען אין א הילצערנעם טהורם נעבען וועלכען מען האָט פאנאנדערגעלעגט א גרויסען פייער. ווען מען האָט די אידען פאָרגעשלאָגען זיי זאָלען זיך שמד׳ן און דער־מיט זיך רעטען האָבען זיי זיך שארף ענטזאָגט. האָט מען זיי אריינ־געוואָרפען אין פייער און פערברענט (כ׳ סיון פון יאָהר 1171). די אידען זיינען געשטאָרבען העלדיש, זינגענדיג „עלינו", אזוי ווי אויף חוזק זייערע פּייניגער. אין אָנדענק פון די מאַרטירער האָבען די רבנים פון בלויס פעסטגעשטעלט א בעזונדערען תענית.

פיליפ־אויגוסט, וועלכער האָט זיך בעטייליגט אין דעם דריי־טען קרייצצוג און איז געווען שרעקליך געלד־גייציג, האָט גרויזאם פערפאָלגט זיינע אידישע אונטערטאַנען. ער האָט זיך שטענדיג גע־נויטיגט אין געלד צו פיהרען זיינע מלחמות און ער האָט מיט אלע קרעפטען געצאפּט געלד ביי די אידען. אין יאָהר 1181 האָט ער בע־פעהלען צו ארעסטירען אלע אידען אין פאריז אין א שבת, ווען זיי זיינען געשטאנען אין די שוהלען און געדאווענט, און לעגען א חתימה אויף זייער אייגענטום. די אידען האָבען אויפגעקליבען 15,000 מארק אין זילבער און געגעבען דעם קעניג; דעמאָלט האָט מען זיי ארויסגעלאָזט אויף דער פריי. נאָר מיט א יאָהר שפּעטער האָט פיליפ־אויגוסט גענאָסען נאָך א געשמאַקערען ביסען: ער האָט ארויסגעגעבען א בעפעהל אז אלע אידען וואָס וואוינען אויף די קעניגליכע לענדערייען זאָלען זיך ארויסציהען אין פערלויף פון דריי חדשים, פון אפּריל ביז יולי. די ארויסגעטריבענע האָבען געמעגט מיטנעהמען אָדער פערקויפען בלויז זייער בעוועגליכען

**איינענטום: אָבער זייער גאַנצען אונבעוועגליכען פאַרמעגען:** הייזער, גערטנער, שפּייכלער און וויין־קעלער — געהערען צום קעניג (1182). די פּערלאַזטע שוהלען זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין קירכען. די אידען, וועלכע זיינען פאַרטריבען געוואָרען פון די קעניגליכע לענדערייען (דער קרייז פון פּאַריז) האָבען געמוזט זוכען וואוינערטער אין די לענדערייען פון די פאַרנצויזישע פעאָדאַלען — באַראָנען און גראַפען, וועלכע האָבען זיי געגעבען שוץ. אין זעכצעהן יאָהר אַרום, אַז דער קעניג האָט זיך ווידער גענויטיגט אין געלד, האָט ער צוריק ערלויבט די אידען זיך צו בעזעצען אויף זיינע לענדער, נעהמענדיג פון זיי גרויסע אָבצאָלען פאַר דאָס רעכט צו וואוינען און האַנדלען (1198).

פון אַזעלכע נגישות און ערנידערונגען זיינען פריי געוועזען בלויז די אידען פון דער דרום־פראַנצויזישער פּראָווינץ פּראָוואַנס. דאָ האָבען די פעאָדאַלע גראַפען זיך גוט פערהאַלטען צו די אידען; די קריסטליכע בעפעלקערונג פון דאָרטען, וועלכע פלעגט קומען אין בעריהרונג מיט די איינוואוינער פון דעם שכני׳שען אַראַבישען שפּאַניען, זיינען געוועזען וועניגער אָבערגלויביש איידער אין צפון. די אידען פון פּראָוואַנס זיינען געוועזען די פערשפּרייטער פון בילדונג: זיי האָבען אַרויסגעגעבען אַ סך געלערטע, איבערהויפּט דאָקטוירים.

טרויעריגע רעזולטאַטען האָט די עפּאָכע פון די קרייצצוגען געבראַכט פאַר דעם בירגערליכען און אינערליכען לעבען פון די אידען אין דייטשלאַנד. דער וויכטיגסטער רעזולטאַט פון דיזער טרויעריגער צייט איז געוועזען דאָס, וואָס די אידען האָבען זיך צופּיעל אָבגעזונדערט פון דער אַרומיגער קריסטליכער בעפעלקערונג. אַזוי ווי אַ דערשראָקענע סטאַדע שעפּסען, ערוואַרטענדיג דעם אָנפאַל פון אַ ווילדער חיה, שלאָגט זיך צוזאַמען אין אַ הויפען, אַזוי האָבען די אידען, זיך געפינענדיג צווישען שונאים און ערוואַרטענדיג יעדען טאָג אַן אויסברוך פון זייערע לײדענשאַפטען, אַלץ מעהר זיך דערווייטערט פון דער פיינדליכער סביבה און האָבען זיך פערשלאָסען אין דעם קרייז פון זייערע אייגענע נאַציאָנאַלע אינטערעסען. דער צווייטער רעזולטאַט פון דער ביטערער צייט איז געוועזען דאָס, וואָס די אידען זיינען געוואָרען דאָס **א י י ג ע נ ט ו ם** פון די דייטשע **קעניגע, וואָרום זיי זיינען געוועזען זייערע וויכטיגסטע בעשיצער**

אין דער צייט פון די ווילדע מאסען־אויסברוכען. פון 12טען יאָהר־הונדערט אָן האָבען די אידען פון דייטשלאַנד זיך גערעכענט פאַר „קאַמער־קנעכט" פון די דייטשע הערשער. זיי זיינען געשטאַנען ניט אונטער'ן שוץ פון אַלגעמיינע בירגערליכע רעכט, נאָר אונטער'ן שוץ פון קעניג, אַזוי ווי זיין פּערזענליכעס אייגענטום. און פון דיזען אייגענטום האָט מען געזוכט ארויסצוקריגען וואָס מעהר הכנסה. די אידען האָבען געדאַרפט צאָלען אי די בעשטענדיגע שוץ שטייערען אי ספּעציעלע שטייערען, וואָס זיינען געפאַלען זעהר שווער אויף זיי. אויסער די שטייערען צום קעניג האָבען די אידען נאָך געצאָלט בע־דייטענדע שטייערען די פּעאָדאַלע פירשטען און די שטאָדטישע מאַגיסטראַטען, אויף וועמעס לאַנד זיי האָבען געוואוינט; פון זייער אונבעוועגליכען אייגענטום האָבען זיי געדאַרפט צאָלען צעהן פּראָצענט צו דער קירכע. דאָך ווען דער המון פלעגט די אידען בעפאַלען פלעגען זיי מוזען צאָלען בעזונדער אויב זיי האָבען גע־וואָלט קריגען שוץ. אַזוי צום ביישפּיעל, האָט פרידריך באַרבאַראָ־סאַ, אוועקגעהענדיג אויפ'ן דריטען קרייצצוג, אָנגענומען שטרענ־גע מיטעל געגען אָנפאַלען אויף די אידען, אָבער דערפאַר האָבען די אידען געמוזט געבען גרויסע סומען געלט פאַר'ן קרייצצוג.

§18. **רש"י און די בעלי־התוספות.** די שווערע ליידען און ערנידערונגען האָבען פונדעסטוועגען ניט געקענט דערשטי־קען אין די אידען יענע גייסטיגע טהעטיגקייט, וועלכע איז, לויט דעם אויסדרוק פון רבי עקיבא, נויטיג פאַר'ן אידען ווי וואַסער פאַר דער פיש. זייענדיג פערפאָלגט האָבען די אידען געפונען טרייסט בלויז אין זייער גייסטיגען לעבען, אין זייער רעליגיאָן, אין דער ירושה פון זייער גרויסער פערגאַנגענהייט. נאָך פאַר די קרייצצוגען איז צווישען די פראַנצויזישע און דייטשע אידען געווען שטאַרק פאַרשפּרייט דאָס לערנען פון תלמוד, וועלכען עס האָבען געגעבען אַ שטויס פאָרוועטס רבנו גרשם און די „חכמי לותרניה" (לאָטרינגען). אין זעלבען יאָהר ווען עס איז געשטאָרבען רבנו גרשם (1040) איז אין דער פראַנצויזישער שטאָדט טרואַ געבאָרען געוואָרען אַ מענש, וועלכער האָט געמאַכט דעם תלמוד צוגענגליך פאַר'ן גאַנצען פאָלק — דאָס איז געווען רבנו שלמה יצחקי, וועלכער איז בעוואוסט מיט דעם פערקירצטען נאָמען — רש"י.

אין דער יוגענד האָט רש"י געלערנט תלמוד אין די ישיבות פון די „חכמי לותרגיה". אזוי ווי דער פארצייטיגער תנא רבי עקיבא, האָט רש"י שוין נאָך דער חתונה פערלאָזען זיין פאמיליע און האָט זיך געוואָנגעלט פון שטאָדט צו שטאָדט צו הערען גאָט'ס וואָרט פון די ליפען פון גרויסע לעהרער. „איך האָב געארבייט — דערצעהלט ער — אונטער דער השגחה פון מיינע לעהרער אין א צייט ווען איך האָב ניט געהאט קיין ברויט, קיין קליידער און האָב געהאט אויף מיינע פלייצעס דעם יאָך פון א הויזגעזינד". ערשט



רש"י'ס בית-מדרש.

נאָך לאנגער מיה, ווען ער האָט דערלערנט די גאנצע ביבלישע און תלמוד'ישע ליטעראטור, האָט זיך רש"י אומגעקערט צו זיין פאמיליע אין טרוא. אין גיכען האָט דער שם פון דעם יונגען גע־לערטען זיך פארשפרייט אין גאנץ פראנקרייך און דייטשלאנד; מען האָט זיך אָנגעהויבען צו ווענדען צו איהם מיט שאלות ותשובות, א סך לערנער זיינען געקומען אין דער ישיבה פון רש"י אין טרוא. ערקלערענדיג זיינע צוהערער דעם תנ"ך און איבערהויפט דעם תלמוד, האָט רש"י זיך מעהר פון אלץ געמיהט צו מאכען דעם

ענין אזוי א י י נ פ א ך , און אזוי פערשטענדליך, אז אפילו א קינד זאָל עס קענען בענעהמען. נאָר רש״י האָט זיך ניט בענוגענט דערמיט; ער האָט געוואָלט מאַכען גרינג דאָס לערנען פון דער אידישער חכמה אויך פאַר די קומענדע דורות. אין יענער צייט איז דאָס לערנען פון תלמוד געווען בעגלייט מיט א סך שוועריג־קייטען. אָהן דער הילף פון געניטע לעהרער און רבנים איז ניט מעגליך געווען צו פערשטעהן ניט די שווערע שפּראַך פון דעם תלמוד, ניט דעם צוזאַמענהאַנג פון זיין אינהאַלט. מען האָט געדאַרפט זיך לאַנג וואָגלען איבער פערשיידענע ישיבות כדי צו ווערען א געלערענטער תלמודיסט. און נון האָט רש״י זיך גע־נומען צו פערפאַסען א ג ע ש ר י ב ע נ ע ם פירוש אויפ׳ן תלמוד. אין זיין פירוש צום תלמוד בבלי ערקלערט ער קורץ, קלאָר און פערשטענדליך סיי די שווערע איסדריקען פון טעקסט, סיי דעם גאַנצען פערוויקעלטען געדאַנקען־גאַנג פון די פאַרצייטיגע חכמים. מיט איין קורצער בעמערקונג בעזייטיגט רש״י אָפט די גרעסטע שוועריגקייטען אין פאַרשטעהן דעם טעקסט. א דאַנק דעם מוסטער־האַפטען פירוש פון רש״י איז מעגליך געוואָרען צו לערנען דעם תלמוד אָהן דער הילף פון לעהרער, און אפילו מיט יונגע קינדער. ריכטיג פלעגען זאָגען די מענשען פון יענער צייט, אז אָהן דעם פירוש פון רש״י וואָלט דער תלמוד געבליבען אזוי ווי א פּאַלאַץ אָהן א שליסעל. דיזער פירוש ווערט ביז היינטיגען טאָג געדרוקט צוזאַמען מיט׳ן תלמוד בבלי, זייט ביי זייט מיט׳ן טעקסט. רש״י האָט אויך געמאַכט א פירוש אויפ׳ן תנ״ך, וואו דער טעקסט ווערט ערקלערט ניט אזוי אין בוכשטעבליכען זין ווי לויט די ער־קלערונגען און די אגדות פון תלמוד.ביידע פירושים פון רש״י זיינען שפּעטער איינגעפיהרט געוואָרען אין אלע חדרים.

רש״י׳ן איז באַשערט געווען איבערצולעבען די שרעקליכע יאָהרען פון דעם ערשטען קרייצצוג. ער איז געשטאָרבען אין וואָרמס, אין יאָהר 1105, איבערלאָזענדיג דריי טעכטער, פון וועלכע איינע איז געווען זיין מיטהעלפערין אין זיינע געלערנטע ארבייטען. דיזע טעכטער זיינען געוואָרען די ווייבער פון בעוואוסטע תלמוד׳יס־טען און האָבען געבאָרען זיהן, וועלכע זיינען בעריהמט געוואָרען פאַר זייער לומדות. אי די איידעמס אי די אייניקלעך פון רש״י

האָבען פאַרטגעזעצט זיין ארבייט. איינער פון זיינע אייניקלעך איז געווען יענער רב יעקב תם, וועלכער איז שיער ניט אומגעקומען אין דער צייט פון צווייטען קרייצצוג (§15). רבנו יעקב תם האָט געהאַט אַ שם פאַר'ן גרעסטען בעל־תורה פון זיין צייט. ער איז געווען דער גדול הדור. ער האָט געלעבט אין ראַמערו, אין פראַנק־רייך, און איז געווען דער פיהרער פון אַ ישיבה, פון וועלכער עס זיינען ארויסגעקומען אַ סך גרויסע רבנים. ער האָט פערפאַסט עטליכע טיעפזיניגע ספרים איבער'ן תלמוד, פון וועלכע עס איז בּעזונדערס בעוואוסט דער „ספר הישר". פון צייט צו צייט פלעגט רבנו תם צונויפרופען אסיפות פון רבנים, וואו עס פלעגען בע־שפּראָכען ווערען פראַגען און מיטלען פון אידישען לעבען. צווישען אנדערע זאַכען האָבען די רבנים מתקן געווען, אַז אידען זאָלען זיך משפט'ן צווישען זיך און ניט געהן אין קריסטליכען געריכט, נאָר אין דעם רבנישען „בית־דין", וואו עס פלעגט גע'משפּט ווערען לויט'ן אידישען דין און לויט די אידישע מנהגים.

אַלע איידעמס און אייניקלעך פון רש"י און זייערע תלמידי"ם זיינען געווען בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „בעלי־התוספות", ד. ה., די „צוגעבער", ווארום זיי האָבען געשריבען זייערע געלערנטע ערקלערונגען אַלס הוספות (צוגעבונג) צו רש"י'ס פירוש. אין די ישיבות פון די בעלי־התוספות, אַזוי ווי אַמאָל אין די ישיבות פון בבל, פלעגט מען זוכען צו שאַרפען די מחות דורך טיעפזיניגע וכוחים אין תורה און תלמוד. די בעלי־התוספות פלעגען אריינ־דרינגען אין די טיעפענישען פון שווערע תלמוד'ישע פערהאַנד־לונגען און דינים, פלעגען אויפדעקען זייערע קוועלען און פלעגען אויסגלייכען זייערע סתירות. די צאָל פון די בעלי־התוספות אין 12טען און 13טען יאָהרהונדערט האָט דערגרייכט ביז 150. „תוספות", ד. ה., די ערקלערונגען פון די בעלי־התוספות, דרוקען זיך נאָך עד היום אין אַלע אויסגאַבען פון תלמוד, זייט ביי זייט מיט רש"י.

די פראַנצויזישע און די דייטשע אידען האָבען זיך ניט אָבגעגעבען מיט וועלטליכער בילדונג און פילאָזאָפיע אַזוי ווי די שפּאַנישע אידען, נאָר האָבען זיך אינגאַנצען געווידמעט דעם תלמוד. בלויז אין פּראָוואַנס, וועלכע איז געשטאַנען אונטער'ן

איינפלוס פון שפּאַניען, איז די ליטעראַרישע שעפּפונג געווען מעהר פערשיידענאַרטיג. די געלערטע פון דער פאַמיליע אבן־תבון האָבען איבערזעצט פון אַראַביש אויף העברעאיש די פילאָזאָפישע ווערק פון רבי יהודה הלוי, רמב״ם און אַנדערע דענקער. די קמחי׳ס (איבערהויפּט איינער פון דיזער פאַמיליע, — רב דוד קמחי, אָדער דער רד״ק) האָבען בעאַרבייט דעם העב־רעאישען דקדוק און האָבען געשריבען פּירושים אויפ׳ן תנ״ך. אָבער אין צפון־פראַנקרייך און דייטשלאַנד איז ניט געווען קיין באָדען פאַר פרייער פאָרשונג. דאָ אין מיטען פון די נאַציאָנאַלע אומגליקען, האָבען זיך די געלערטע פערטיעפט איינגאַנצען אין זייער רעליגיעזער ליטעראַטור, און האָבען אין איהר געזוכט טרייסט און מוט. אויסער דעם תלמוד האָבען זיי זיך אָבגע־געבען מיט רעליגיעז־מאָראַלישע לעהרען. ר׳ יהודה חסיד, איינער פון די בעלי־התוספות (אַרום 1200) האָט אָנגעשריבען דעם „ספר חסידים״, וואו צוזאַמען מיט ערהאַבענע מאָראַלישע לעה־רען געפינען זיך מעשות, וואָס יאָגען אַרויף אַ שרעק אויפ׳ן לעזער. אָט זיינען איניגע שטעלען פון דיזען ספר: „מען טאָר ניט ריידען קיין פאַלשקייט; מען טאָר ניט מיט דער צונג ריידען איינס און אין געדאַנק טראַכטען עפּיס אַנדערש, וואָרום דער געדאַנק און די צונג דאַרפען שטימען. דיזען כּלל דאַרף מען אבהיטען אַפילו צו די מענשען פון אַנדערע גלויבענס. מען טאָר ניט אָבנאַרען ניט קיין אידען און ניט קיין גוי, וואָרום גאָט היט אַלע פריעדליכע מענשען, סיי אידען, סיי גוים.״ „אויב מען זידעלט דיך אָדער מען רעדט פאַר דיר גראָבקייטען, שוויג. דער כּלל פון דעם קלוגען איז שוויינען: ווען איך רעד קען עס נאָך מיר שפּעטער באַנג טהאָן; אָבער ווען איך שוויג וועט מיר קיינמאָל ניט באַנג טהאָן״. „איינגלעך און מיידלעך זאָלען ניט קומען צוזאַמען און ניט שפּיעלען צוזאַמען. איינמאָל איז אַ מאַן געפאָהרען ביינאַכט. ביים שיין פון דער לבנה האָט ער דערזעהן אַ סך גרויסע וועגען אין וועלכע עס זיינען געזעסען מענשען און אין וועלכע עס זיינען געווען איינגעשפּאַנט אויך מענשען, און ווען מען האָט די לעצטע געפרעגט וואָרום זיי שלעפּען די וועגען, האָבען זיי געענטפערט: ווען מיר האָבען

געלעבט פלעגען מיר זיך לוסטיג מאכען מיט פרויען, און איצט קומען מיר אזוי אַפּ דערפאר". דער ספר איז פול מיט מעשות פון מתים, שדים און ניט־גוטע. אין דיזען ספר בעגעגענט זיך צום ערשטען מאָל דער פאָלקס־גלויבען, אז אין מיטען נאכט שטעהען אויף די מתים פון די קברים און קלייבען זיך צוזאמען אין די לעדיגע שוהלען, און דאווגען; און ווער עס זעהט די מתים דאווגען אָדער הערט זייער קול דער שטארבט אין פער־לויף פון עטליכע טעג.

די שווערע ליידען וואָס די אידען האָבען איבערגעלעבט אין דער צייט פון די קרייצצוגען, זיינען אויסגעדריקט געוואָרען אין א סך סליחות, וועלכע מען זאָגט אין די טעג פון תעניתים.

---

פיערטער קאפיטעל.

## די דורות פון מארטירערטום ביז גירוש פראַנקרייך.

.(1215—1394)

§19. **פאבסט אינאָקענטי דער 3טער.** די קרייצצוגען האָבען זעהר פיעל פערשטארקט די גייסטליכע און וועלטליכע מאכט פון די רוימישע פאבסטען. גאַנץ מערב אייראָפּא איז געוואָרען אזוי ווי איין מלוכה, וואו עס האָט געהערשט אונבעגרענצט דער עלטסטער פון דער קאטוילישער קירכע, וועלכער האָט געוואוינט אין רוים, און וועלכער פלעגט פאנאנדערשיקען זיינע בעפעהלען צו קעניגע און פעלקער. די מאכט פון די פאבסטען האָט דער־גרייכט איהר העכסטע שטופע אין דער צייט פון פאבסט אינאָקענטי דעם 3טען אין אָנהויב פון 13טען יאָהרהונדערט. דאָס איז געווען א שטרענגגער מענש און האָט ליעב געהאַט צו הערשען. ער האָט גרויזאם געשטיקט די מינדסטע סמנים פון פרייען געדאנק און ער האָט געזעהן א געפאהר אין דעם וואָס די אידען לעבען צווישען די קריסטען און פארגיפטען זיי מיט זייער אפיקורסות. נאָר אזוי ווי אומצוברעננגען אַלע אידען איז געווען אונמעגליך, האָט

דער פּאַבסט געוואָלט לכל הפּחות זיי פּערוואַנדלען אין אַ רעכט־לאָזען קלאַס. די אידען — פלעגט ער שרייבען אין זיינע קירכליכע צושריפטען צו די קעניגע און פירשטען — זיינען פאַר'משפּט צו אייביגער קנעכטשאַפט דערפאַר וואָס זייערע עלטערען האָבען גע־קרייציגט יעזוס'ען; זיי מוזען, אַזוי ווי דער ברודער־מערדער קין, זיך אייביג וואַגלען איבער דער וועלט און אָבקומען פאַר זייער זינד; קריסטליכע הערשער דאַרפען זיי דעריבער ניט בעשיצען, נאָר פאַר־קערט, דאַרפען זיי פאַרקנעכטען און האַלטען אָבגעזונדערט פון די קריסטען, אַזוי ווי אַ געדולדעטען, רעכטלאָזען נידעריגען קלאַס מענשען, כדי עס זאָל זיין אַ קענטיגער סימן צווישען די געטרייע קינדער פון דער קירכע און די פאַרשטויסענע קינדער פון דער שוהל.

די שנאה פון אינאָקענטי דעם 3טען צו די אידען האָט געהאַט אַ שטאַרקע שייכות מיט דער בעוועגונג פון די „אַלביגענזער", וואָס איז אין יענער צייט אויפגעשפּרונגען אין דרום פראַנקרייך. אונטער דעם איינפלוס פון דער אידיש־אַראַבישער בילדונג וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אין פּראָוואַנס האָבען די אָרטיגע קריסטען אָנגעהויבען לייענען און פריי טייטשען די ביבעל און זיי האָבען איינגעזעהן, אַז די לעהרע פון דער רוימיש־קאַטוילישער קירכע אונטערשיידט זיך שטאַרק פון די אמת'ע לעהרען פון דעם עוואַנ־געליום. עס האָט זיך געגרינדעט אַ סעקטע „אַלביגענזער", וועלכע האָט געפּרעדיגט אַ ריינעם קריסטענטום און האָט זיך פּער־האַלטען מיט פיינדשאַפט צו דער רוימישער קירכע. דער פּאַבסט האָט אָנגעהויבען שרעקליך צו רודפ'ן די אַלביגענזער און ער האָט געמאַכט אַ קרייצצוג געגען זיי. די קרייץ־טרעגער האָבען זיך אריינ־געריסען אין פּראָוואַנס, האָבען דאָרט אויסגעה'רג'עט צעהנדליגע טויזענדע "אַפּיקורסים" און האָבען פּערוויסט דאָס לאַנד. עס האָבען געליטען אויך די אידען, וועלכע זיינען בעטראַכט געוואָרען פאַר די ערשטע שולדיגע. ווען די פאַנאַטישע מחנות פון דעם מאָנאַר אַרנאָלד האָבען גענומען די שטאָדט בעזיער האָט מען צווישען די נע'הרג'עטע געפונען צוויי הונדערט אידען (1209). „שלאָגט אַלעמען — האָט אַרנאָלד אָנגעזאָגט די קרייץ־טרעגער — און דאָרט אויפ'ן

הימעל וועט•שוין גאָט אליין דערקענען ווער עס זיינען די שולדיגע און ווער ניט!"

אין דרום־פראנקרייך איז איינגעפיהרט געוואָרען די „אינק־וויזיציע", אָדער א געהיימער קירכליכער געריכט צו אויסשפירען און אויסראָטען פריידענקענדע קריסטען און אידען. אין דיזער צייט איז אויך געגרינדעט געוואָרען דער מאָנאכישער אָרדען פון די ד אָ מ י נ י ק א נ ע ר, וועלכער האָט זיך געשטעלט פאר א ציעל צו פערהיטען די קירכע פון יעדען סימן פון פרייען געדאנק. די דאָמיניקאנער זיינען געוואָרען די ביטערסטע פיינד פון די אידען, האָבען זיי שטענדיג פערפאָלגט און ערנידריגט.

דער רוימישער פאבסט און זיין ארמיי מאָנאכען האָבען גע־זוכט אָבצושניידען יעדע בעציהונג צווישען אידען און קריסטען. אין יאָהר 1215 האָט אינאָקענטי דער דריטער צוזאמענגערופען אן אסיפה פון דער קירכע, מיט'ן צוועק אָנצונעהמען מיטעל גע־גען די אפיקורסים און די אנהענגער פון אנדערע אמונות אין אלע לענדער. צווישען אנדערעס האָט די אסיפה אָנגענומען א רייהע געזעצען געגען די אידען. די קריסטליכע הערשער זיינען פערזאָגט געוואָרען: ניט צוצולאָזען קיין אידען צו שטעלען פון דער רעגירונג; ניט ערלויבען זיי זיך צו ווייזען אין גאס אין דער קריסט־ליכער פסח־וואָך; אכטיג צו געבען אז די גע'שמד'טע אידען זאָלען אין געהיים ניט אָבהיטען זייער פריהערדיגע אמונה; צו צווינגען אידען, וואָס קויפען אָפּ הייזער פון קריסטען, צו צאָלען שטייערען דער קירכע. אָבער דאָס גרויזאמסטע מיטעל וואָס דיזע קירכען־אסיפה האָט אָנגענומען איז געווען דער „שאנד־צייכען". אזוי ווי אין א סך לענדער האָבען זיך די אידען ניט אונטערשיידט אין זייער קליידונג פון די קריסטען און דעריבער איז געווען גרינג זיי צו פארביטען, דעריבער האָט די אסיפה בעשלאָסען, אז די אידען, סיי מענער סיי פרויען, זאָלען טראָגען אן אנדער קליי־דונג, אָדער א בעזונדערען צייכען אויף זייערע קליידער פון עפעס א העלען קאָליר. שפעטער איז ווייטער פעסטגעשטעלט געוואָרען אז דער דאָזיגער צייכען דארף זיין א קיילעכדיגע געלע לאטע, וועלכע זאָל געטראָגען ווערען אויפ'ן הוט אָדער אויפ'ן אויבערשטען מלבוש. דיזער צייכען האָט געדארפט דיענען אלס שאנד־פלעק פאר





אידישע קאָסטומען מיט דער געלער לאַטע
(פון אַן אַלטער ענגלישער ביבעל).

יעדען אידען. בעגעגנענדיג אזא אידען האָט יעדער קריסט איהם געקענט אונבעשטראָפט בעליידיגען, פון איהם חוזק מאכען; און דער איד זעלבסט, טראָגענדיג אזא צייכען, האָט זיך געמוזט פיהלען ערנידריגט און שוצלאָז. צום גליק האָבען ניט אלע הערשער אויסגעפיהרט דעם בעשלוס פון דער קירכען־אסיפה, און ניט אלע אידען האָבען געפאָלגט. די שטאָלצע שפּאַנישע אידען, וואָס האָבען געוואוינט אין קריסטליכע לענדער, האָבען זיך ענטזאגט צו טראָגען די געלע לאטע, און אין אנדערע לענדער פלעגען רייכע אידען זיך אויסקויפען דערפון מיט געלד.

§20. **די רדיפות אויפ׳ן תלמוד און די דיספּוטען.** די הייסעסטע אנהענגער פון דער רוימישער קירכע אין יענער צייט זיינען געווען די פראנצויזישע קעניגע. דער פרומער קעניג „לואיס דער הייליגער" איז געווען א בלינדע געצייג אין די הענד פון די גלחים און האָט פערפאָלגט די אידען מיט דער כונה צו צווינגען זיי צום קריסטענטום. ניט בענוגענדיג זיך מיט די רדיפות אויף די אידען האָט דער קעניג און די גלחים גענומען רודפ׳ן אויך די אידישע אמונה. איין גע׳שמד׳טער איד, ניקאָלאי דאָנין, פון וועלכען זיינע געוועזענע אידישע פריינד האָבען זיך אָבגעקערט מיט פעראכטונג, האָט פאר׳מסר׳ט פאר׳ן פּאבסט גרעגאָר דעם 9טען, אז אין תלמוד געפינען זיך א סך שעדליכע מיינונגען און בעליידיגענדע אויסדריקען אנטקעגען קריסטען. דער פּאבסט האָט בעפעהלען די בישאָפים זיך צו בעקענען מיט׳ן אינהאלט פון דעם תלמוד, און אויב זיי וועלען געפינען אז די מסירה פון דאָנין איז אמת, זאָל מען דעם תלמוד עפענטליך פארברענען. די אויספאָרשונג האָט זיך אָנגעהויבען אין דער פראנצויזישער הויפטשטאָדט, אין פּאריז. ביי אייניגע פּאריזער אידען האָט מען אָבגענומען זייערע גמרא׳ס און מען האָט גערופען די רבנים זיי זאָלען ערקלערען. אין גיכען איז אין פּאריז בעשטימט געוואָרען אן עפענטליכער וכוח אָדער דיספּוט צווישען דעם מוסר ניקאָלאי דאָנין און פיער רבנים, בראָש פון וועלכע עס איז געשטאנען דער אנגעזעהענער פּאריזער רב יחיאל. דער דיספּוט איז פאָרגעקומען אין יוני, 1240, אין דער אנוועזענהייט פון די העכסטע בעאמטע פון הויף, פון דער קירכע און אדעלינע. רבי יחיאל האָט גלענצענד אָבגעשלאָגען די בע־

שולדיגונגען פון דעם משומד, דערווייזענדיג אז אין תלמוד זיינען ניטאָ קיינע בעליידיגענדע מיינונגען וועגען פרעמדע רעליגיאָנען בכלל און געגען קריסטענטום בפרט. אָבער אומזיסט איז געווען די מיה פון די רבנים. דער שיקזאל פון תלמוד איז געווען בעשטימט פאָראויס. פון אַלע עקען פראַנקרייך האָט מען צוזאַמענגעפיהרט די גמרא׳ס וואָס מען האָט אָבגענומען ביי די אידען, און פיער און צוואַנציג שווער אָנגעלאָדענע וועגען מיט דיזע ספרים האָט מען עפענטליך פאַרברענט אין איינער פון די פּאַריזער גאַסען (1242). די נאַכריכט וועגען דער פאַרברענונג פון די הייליגע ספרים האָט ארויסגערופען גרויס טרויער ביי די אידען אין אַלע לענדער. עס איז פערפאַסט געוואָרען א „קינה" וועגען דיזען אומגליק, וועלכע מען האָט געזאָגט אין די שוהלען. די קינה הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

פרעג, אָה, פאַרברענטע (תורה) וואָס מאַכען
די וואָס וויינען אויף דיין שרעקליכען מזל.

די פאַרברענונג פון תלמוד האָט געבראַכט א שווערען קלאַפּ צו דער אידישער געלערנטקייט אין פראַנקרייך. די צאָל פון די ישיבות האָט אָנגעהויבען קלענער צו ווערען, און די טעטיגקייט פון די בעלי־התוספות האָט גיך אויפגעהערט.

דיספּוטען צווישען די רבנים און גלחים זיינען פאָר־געקומען דעמאָלט אויך אין דעם קעניגרייך אַראַגאָניען, אין דעם קריסטליכען טייל פון שפּאַניען. דער קעניג פון אַראַגאָניען, יאַקאָב דער 1טער, איז געווען א הייסער קאַטאָליק און האָט געטרוימט וועגען איבער׳שמד׳ן די אידען און די אַראַבער. די דאָמיניקאַנער האָבען אין זייערע שולען געלערנט העברעאיש און אַראַביש, כדי די מאָנאַכען זאָלען קענען מיט ערפאָלג פאַרשפּרייטען דאָס קריס־טענטום צווישען דיזע צוויי פעלקער. צווישען די דאָזיגע מאָ־נאַכען־מיסיאָנערען איז געווען דער אידישער משומד פּוילוס קריס־טיאַני. פּוילוס האָט אומגערייזט איבער דרום־פראַנקרייך און שפּאַניען און האָט געפּרעדיגט די קאַטוילישע אמונה צו זיינע געוועזענע פאָלקס־ברידער, און פלעגט זיך אָפט שטיצען אויף פערשיידענע שטעלען אין תנ"ך און תלמוד. מיט איהם האָבען זיך די דאָמיניקאַנער בענוצט פאַר זייערע צוועקען. זוי האָבען

בעשלאָסען צו מאַכען אַן עפענטליכען דיספוט צווישען איהם און איינעם פון די גרעסטע רבנים, האָפענדיג דאָס אויב פּוילוס וועט מנצח זיין, וועלען די אידען געצוואונגען זיין אָנצונעהמען דאָס קריסטענטום. דער קעניג יאַקאָב האָט מסכים געווען דערצו און האָט גערופען צום וכוח פון דער אידישער זייט דעם בעריהמטען רב דעם רמב״ן (רבנו משה בן נחמן).

דער רמב״ן, אָדער ווי ער הייסט אויך נחמני (1195—1270), איז געווען איינער פון די גרעסטע אידישע דענקער פון 13טען יאָהרהונדערט. אויסער תלמוד און די רבנישע ליטעראַטור האָט דער רמב״ן בעזעסען אויך אַ הויכע וועלטליכע בילדונג, האָט גע־לערנט דאָקטאָריע, און האָט געקענט גוט שפּאַניש און אַראַביש. פונדעסטוועגען איז ער ניט געווען אַזאַ פרייער דענקער ווי דער רמב״ם און האָט געהאַלטען די מיינונג, אַז דער שכל דאַרף זיך אונטערוואַרפען צום גלויבען. אין זיין אויסגעצייכענטען פּירוש אויפ׳ן תנ״ך האָט זיך דער רמב״ן אַרויסגעוויזען פאַר אַן אנהענגער פון דער „קבלה״, ד. ה. די געהיימניספולע לעהרע וועגען גאָט און מלכות השמים, וואָס האָט זיך דעמאָלט נאָר־וואָס אָנגעהויבען צו ווייזען. אָט דיזען רב, וועלכען די אידען האָבען געהאַלטען פאַר אַ הייליגען, האָט דער אַראַגאָנישער קעניג גערופען צו אַ דיספּוט מיט די דאָמיניקאַנער. דער רמב״ן האָט אָנגענומען די איינלאַדונג, ביט־ווילענדיג, און צום בעשטימטען טערמין איז ער אָנגעקומען קיין באַרצעלאָנאַ, וואו דער דיספּוט האָט בעדאַרפט פאָרקומען (1263). דער קלוגער רב האָט קודם־כל אויסגענומען אַ תנאי אַז מען זאָל איהם אין דעם דיספּוט לאָזען ריידען פראַנק און פריי; ווען מען האָט איהם נאָכגעגעבען דיזען פערלאַנג איז ער מוטיג און ווירדיג צוגעטראָטען צום וכוח. דער וכוח איז פאָרגעקומען אין קעניגליכען הויף, אין דער אַנוועזענהייט פון דעם קעניג, די הויפּלייט, בעאַמטע פון דער קירכע, ריטער און מענשען פון אַנדערע פעלקער. די וכוחים האָבען געדויערט פיער טעג. זיי האָבען זיך געדרעהט אַרום פאָל־גענדע פראַגען: 1) איז שוין משיח געקומען אָדער ער דאַרף ערשט קומען? 2) איז משיח גאָט אָדער אַ מענש? 3) וועמעס גלויבען איז דער ריכטיגער? פּוילוס קריסטיאַני האָט זיך געשטיצט אויף פּסוקים פון תנ״ך און אויף שטעלען פון תלמוד צו דערווייזען אַז

די קריסטליכע אמונה איז די אמת׳ע. דער רמב״ן האָט בעוויזען אַז משיח איז נאָך ניט געקומען, ווארום לויט די ווערטער פון די נביאים דאַרף משיח ברענגען פריעדען אויף דער וועלט און זיין קומען דאַרף מאַכען אַ סוף צו אַלע מלחמות, אָבער איצט הערשט נאָך איבעראַל גוואַלט און עס גיסט זיך בלוט אין אונאויפהערליכע מלחמות צווישען די פעלקער. דער רמב״ן האָט אַזוי מוטיג און ענטשלאָסען אָבגעשלאָגען די בעווייזע פון זיין געגנער, אַז די אידען פון באַרצעלאָנאַ האָבען אָנגעהויבען זיך שרעקען אַז ער זאָל דערמיט ניט אויפרייצען די דאָמיניקאַנער און אַרויסרופען רדיפות אויף דער גאַנצער אידישער קהילה. פונדעסטוועגען איז דער דיספוט בשלום געבראַכט געוואָרען צו אַן ענדע—און דער רמב״ן איז אַרויסגעקומען דער זיעגער. דער קעניג האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ער האָט נאָך „קיינמאָל ניט געהערט אַזאַ קלוגע פערטיידיגונג פון אַן אומגערעכטער זאַך״. די צורייצטע דאָמיניקאַנער האָבען זיך בעקלאָגט פאַר׳ן פּאַבסט אין רוים, אַז דער רמב״ן האָט מיט זיינע רייד בעליידיגט די קאַטוילישע אמונה און האָבען געצוואונגען דעם גרויסען רב צו פערלאָזען שפּאַניען. דער זיבעציגיעהריגער זקן איז אַוועק קיין ארץ־ישראל, וואוהין עס האָט שוין איהם לאַנג געצויגען. ער איז אָנגעקומען אַהין אין יאָהר 1267 און האָט מיט צער צוגעזעהן די חורבות פון דער הייליגער שטאָדט ירושלים, וואָס איז פאַרוויסט געוואָרען אין די לאַנגע מלחמות צווישען די קריסטען און מאַחמעדאַנער. פּאַלעסטינאַ האָט זיך דערמאָלט געפונען אונטער די הערשאַפט פון דעם עגיפּטישען סולטאַן און עס האָבען דאָרט געלעבט צעוואָרפענע קליינע אידישע קהילות. דער רמב״ן האָט געוואָלט פאַראייניגען די דאָזיגע אידען און האָט זיי געוועקט צו בויען שוהלען און ישיבות; עס איז איהם געלונגען צו פערזאַמלען אַרום זיך אַ קליינעם קרייז תלמידים. נאָר ניט לאַנג האָט דער רמב״ן געלעבט אין דעם הייליגען לאַנד. אַרום יאָהר 1270 איז ער געשטאָרבען און מען האָט איהם מקבר געווען אין דער שטאָדט חיפה.

§21. שפּאַניען און פראַנקרייך; דער קאַמפּף צווישען רעליגיאָן און וויסענשאַפט. אין 13טען יאָהרהונדערט האָבען די קריסטליכע קעניגע פון קאַסטיליען און אַראַגאָניען אָבגעהאַלטען

א רייהע נצחונות איבער די שפּאנישע אראבער און האָבען זיי ארויסגעשטויסען פון דעם גרעסטען טייל פון לאנד. אין די הענד פון די אראבער איז געבליבען בלויז א קליינעם קעניגרייך אויפ'ן דרום־ברעג פון שפּאניען, מיט דער הויפּטשטאָדט גראנאדא. אויף אזא אופן האָבען אין שפּאניען, אזוי ווי אין די אנדערע אייראָפּע־אישע לענדער, זיך בעפעסטיגט די קאטוילישע גייסטליכע, וועלכע האָבען געהאסט די אידען. די גלחים האָבען געשטרעבט איינצו־פיהרען דאָ דיזעלבע בעלייידיגענדע געזעצען, וואָס האָבען געהערשט אין פראנקרייך פאר די אידען. די קירכליכע געזעצען האָבען פארבאָטען די אידען צו פארנעהמען רעגירונגס־שטעלען, בויען נייע שוהלען, האלטען קריסטליכע דיענער, עסען צוזאמען אָדער זיך באָדען אין איין מרחץ מיט קריסטען. איבערהויפּט איז געווען די שטראָף גרויס פאר ניט טראָגען די „געלע לאטע" אויף די קליידער. אָבער דיזע אלע געבאָטען פון דער קירכע זיינען זעלטען אָבגעהיט געוואָרען צווישען די שפּאנישע אידען: די שפּאנישע אידען זיינען דעמאָלט געווען צו פיעל געבילדעט און צו מעכטיג, אז זיי זאָלען זיך אונטערוואַרפען צו אזעלכע שענדליכע געזעצען; און די פיהרער פון דער רעגירונג, וויעדער, האָבען זיך שטענדיג גענויטיגט אין די לייסטונגען פון די געבילדעטע אידען און האָבען ניט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט צו די פאָדערונגען פון דער קירכליכער הערשאפט. די שפּאנישע קעניגע האָבען געהאט אידען פאר מי־ניסטאָרען און ראטגעבער. אזוי צום ביישפּיעל איז פאר'ן קאסטי־לישען קעניג אלפאָנס דעם קלוגען (1252—82) דער איד מאיר דע־מאליאה געווען פינאנץ־מיניסטער, און נאָך מאיר'ס טויט איז דער אמט אריבער צו זיין זוהן. דער לייב־דאָקטאָר פון דעם קעניג איז אויך געווען א איד. זייענדיג א ליעבהאָבער פון אסטראָנאָמיע און אסטראָלאָגיע פלעגט דער קעניג איינלאדען צו זיך אין הויף מאַ־טעמאטיקער און אסטראָנאָמען פון פערשיידענע פעלקער, און דעם חשוב'סטען פּלאַץ צווישען די האָט פערנומען א איד פון טאָלעדאָ, דער גרויסער אסטראָנאָם יצחק אבן־סעיד, וועלכער האָט צונויפ־געשטעלט אויפ'ן פערלאנג פון קעניג „אסטראָנאָמישע טאבעלען", וועלכע רופען זיך די „אלפאָנסישע טאבעלען". די דאָזיגע טאבעלען האָבען געדיענט אלס מיטעל פאר די געלערטע אזש ביז די אסטראָ־

נאָמישע ענטדעקונגען פון דער נייער צייט. די אידישע קהילה אין טאָלעדאָ, די הויפּטשטאָדט פון קאסטיליען, איז געווען די רייכסטע און געבילדעטסטע אין גאַנץ שפּאַניען.

דאָס גייסטיגע לעבען פון די אידען אין דעם קריסטליכען שפּאַניען איז געווען פּונקט אַזוי פערשיידען ווי אונטער דער שפּאַנישער הערשאַפט. די טהעטיגקייט פון די געלערנטע און שרייבער איז נעגאַנגען אין צוויי הויפּט־ריכטונגען: אייניגע האָבען בעאַרבייט דעם תנ"ך און תלמוד און האָבען זיך פאַרטיעפט אין דער לעהרע פון יודענטום; אנדערע האָבען זיך אָבגעגעבען מיט וועלטליכער בילדונג, מיט רעליגיעזער פילאָזאָפיע, און מיט פּאָעזיע. דער רמב"ם איז דעמאָלט געווען דער קעניג אין דער פילאָזאָפיע. זיינע ווערק האָט מען געלערנט מיט גרויס פלייס און פיעלע האָבען זיי נאָכגעמאַכט. די פרייע געדאַנקען פון דעם רמב"ם האָבען צוגעצויגען די אידישע יוגענד. שטרעבענדיג צו פעראייניגען גלויבען מיט וויסענשאַפט פלעגען די נאָכפאָלגער פון דיזען פילאָזאָף קומען אָפט צו געוואַגטע בעשלוסען. איינע פלעגען לערנען דעם תנ"ך אין אַ וויסענשאַפטליכען גייסט און האָבען בעהויפּטעט, אַז די נסים וואָס ווערען דאָרט דערצעהלט זיינען פאָרגעקומען אויף אַ נאַטירליכען אופן; אנדערע האָבען געלערנט, אַז אַלע דינים און מנהגים פון יודענטום האָבען בלויז דעם צוועק אויפצואוועקען אין הארצען רעליגיעז־מאָראַלישע געפיהלען און ברענגען צו גוטע מעשים; דעריבער, ווען אַ מענש בעזיצט שוין אַ הויכע רעליגיעזע מאָראַל דאַן זיינען פאַר איהם די דאָזיגע דינים און מנהגים ניט קיין חוב אָבצוהיטען. די פארשפּרייטונג פון אָט דיזע פרייע גדאַנקען צווישען דער יוגענד האָט שטאַרק בעאונרוהיגט די פרומע רבנים, און זיי האָבען בעשלאָסען אריינצוטרעטען אין אַ קאַמפּף מיט דער וויסענשאַפט און דער פילאָזאָפיע.

דיזער קאַמפּף האָט זיך אָנגעהויבען אין דרום־פראַנקרייך, אין ניכען נאָכ'ן טויט פון רמב"ם. דאָ האָבען עטליכע רבנים, אונטער דער פיהרערשאַפט פון ר' שלמה פון מאנפעליע, ערקלערט פאַר אפּיקורסים אַלע די, וואָס לערנען פילאָזאָפיע, און די ווערק פון רמב"ם האָבען זיי אריינגעלעגט אין חרם (1232). דאָס האָט אויפגערעגט די אנהענגער פון פרייען גדאַנק, און עס האָט זיך צו־

פלאקערט א ביטערע מחלקה. די געגנער האבן געשריבן איינע אויף די אנדערע שארפע אנגריפען, וועלכע פלעגען זיך פארשפרייטען איבער אלע קהילות. דאן האבן די קנאים פון מאנפעליע געמאכט נאך א געפעהרליכערען שריט. זיי זיינען אוועק צו די דאָמיניקאנישע מאנאכען, וועלכע האבן גע'רודפ'ט די אלביגענזער אין פראוואנס און האבן געזאגט צו זיי: „זייט וויסען אז אין אונזער פאלק זיינען אויך פארהאן א סך אפיקורסים און גאטלעסטערער, וועלכע קוויקען זיך מיט דער לעהרע פון דעם רמב"ם, דעם מחבר פון אפיקורס'ישע פילאזאפישע ספרים. אויב איהר וואָרצעלט אויס אייערע אפיקורסים, דאן וואָרצעלט אויס אונזערע אויך און פארברענט די שעדליכע ספרים". די דאמיניקאנער האבען זיך דערפרעהט דערמיט און האבען באלד בעשלאסען, מיט דער ערלויבניש פון די העכערע גלחים, צו פארברענען די ספרים פון דעם רמב"ם. אין מאנפעליע האט מען געמאכט א הויז־אונטערזוכונג ביי די אידען און אלע עקזעמפלארען פון דעם „מורה נבוכים" און „ספר המדע" וואס מען האט ביי זיי געפונען האט מען עפענטליך פארברענט (1233). דאס זעלבע האט מען געטהאן אין פאריז, וואו עס ווערט דערצעהלט, אז דעם פייער צו פארברענען די ספרים האט מען אנגעצונדען מיט א ליכט וואס איז געבראכט געווארען פון א קאטוילישען קלויסטער. דיזער שרעקליכער בונד צווישען א הייפעל רבנים מיט די מאנאכען האט ארויסגערופען דעם צארן פון אלע בעסערע פארשטעהער פון יודענטום. א סך רבנים האבען זיך אליין דערשראקען זעהענדיג צו וואס עס קען ברענגען די אינערליכע רעליגיעזע מלחמה. די רדיפות געגען דער פילאזאפיע האבען אויפגעהערט און דער קאמפף פון די פארטייען האט זיך געענדיגט פאר'ן אנהויב פון 14טען יאהרהונדערט.

אין אנהויב פון 14טען יאהרהונדערט זיינען אין שפאניען בעריהמט געווארען צוויי רבנים: דער רשב"א (ר' שלמה בן אדרת) און דער רא"ש (ר' אשר בן יחיאל). דער רשב"א איז געווען רב פון בארצעלאנא און האט פערפאסט אסך פארשונגען וועגען דעם תלמוד. ער האט זיך גערעכענט פאר'ן גרעסטען רב אין שפאניען און פראנקרייך אין זיין צייט. זיין בן־דורו דער רא"ש האט פון אנפאנג געלעבט אין דייטשלאנד, וואו ער האט געלערנט ביי די בעלי־

התופסות. זיך אַריבערציהענדיג קיין שפּאַניען איז ער געוואָרען אַ ראש ישיבה אין טאָלעדאָ. צו זיין ישיבה האָבען זיך צוזאַמענגעצויגען תלמידים פון אַלע עקען אייראָפּאַ. אין דער רבני'שער ליטעראַטור האָט דער רא"ש פעראייביגט זיין נאָמען מיט זיין פירוש „פּסקי הרא"ש", וואָס דיענט אַלס הילף צו לערנען דעם תלמוד. אַלס געבוירטיגער פון דייטשלאַנד און אַ תלמיד פון די בעלי תוספות, האָט דער רא"ש ניט געהאַלטען פון די וועלטליכע וויסענשאַפטען און האָט זיי אַפילו געהאַלטען אַלס געפעהרליך פאַר דער אמונה. זעהענדיג אַז אין שפּאַניען איז די וועלטליכע בילדונג און די פילאָזאָפיע שטאַרק פאַרשפּרייט צווישען די אידען האָט ער זיך אָנגעשלאָסען צו דער פּאַרטיי פון די געגנער פון פילאָזאָפיע. צו דיזער פּאַרטיי האָט געהערט אויך דער רשב"א. אין יענער צייט איז דיזע פּאַרטיי ווידער אריין אין אַ קאַמפּף מיט די פריידענקער. די רבנים פון דרום־פראַנקרייך און שפּאַניען האָבען געשריבען צו די קהילות פון זייערע בעצירקען, אַז די אידישע יוגענד וואָס בעשעפטיגט זיך מיט בילדונג און פילאָזאָפיע צום שאַדען פון תלמוד, זיינען עובר אויף מאַנכע עיקרים פון דער אמונה. ענדליך האָט דער רשב"א מיט דער הסכמה פון דעם רא"ש אויסגערופען אין דער שוהל פון באַרצעלאָנאַ די פאָלגענדע גזרה: פיר אַלע אידען ביז'ן עלטער פון 25 יאָהר ווערט פאַרבאָטען צו לייענען ביכער פון נאַטור־וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע; די וואָס טייטשען דעם תנ"ך אין פילאָזאָפישען גייסט ווערען בעטראַכט פאַר אפיקורסים, אויף וועלכע עס ליגט אַ חרם אויף דער וועלט און וועלכע זיינען פאַר'משפט צו גיהנום אויף יענער וועלט, און זייערע ווערק דאַרפען פאַרברענט ווערען; עס ווערט ערלויבט נאָר צו לערנען מעדיצין, אַלס אַ פּראָפעסיאָן. דיזע גזרה איז אויסגערופען געוואָרען אין די שוהלען אין אַ סך שטעדט (1305). אָבוואָהל די בעריהמטע געלערטע פון דעם אַנדערען צד האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט געגען דער גזרה פון די רבנים, דאָך האָבען זיי געזיגט. די צאָל פון וועלטליכע געלערטע, דענקער און פּאָעטען אין שפּאַניען איז אַלץ קלענער געוואָרען, און אין דער זעלבער צייט איז די צאָל פון תלמוד'יסטען געוואַקסען.

איינער פון די לעצטע בעדייטענדע דענקער פון יענער צייט

איז געווען דער דאָקטאָר ר' לוי בן גרשם (דער רלב"ג). ער האָט געלעבט אין אווינאָן, דרום-פראַנקרייך (געשטאָרבען 1345). אין זיין ספר „מלחמות ד'" שטעלט ער די פילאָזאָפיע פונקט אזוי הויך ווי די געטליכע אנטפּלעקונג, און בעמיהט זיך פעסט־צושטעלען אין דער רעליגיאָן א נאטירליכען אָנפאַנג אנשטאַט אַן איבערנאַטירליכען. די געגנער פון פרייען געדאַנק פלעגען זאָגען אין לצנות אַז דער מחבר פון די „געטליכע מלחמות" פיהרט ניט קיין מלחמה פאַר גאָט, נאָר נעגען גאָט. זיי איז ניט געפעלען דאָס דאָזיגע ווערק, אָבער זיי האָבען אנערקענט פאַר נוצליך דעם אַנדערען ספר פון דעם רלב"ג „תועליות",— א פירוש אויפ'ן תנ"ך.

דער גרעסטער תלמוד'ישער געלערטער נאָכ'ן רא"ש איז געווען זיין זוהן ר' יעקב בן־אשר (געשטאָרבען 1340). ער האָט צונויפגעשטעלט א נייע זאַמלונג פון דינים און געזעצען מיט'ן נאָמען „בעל־הטורים", אין וועלכען עס קומען אריין אַלע געזעצען, צערעמאָניעס און מנהגים פון יודענטום. דער אונטער־שייד צווישען איהם און דעם רמב"ם בעשטעהט אין דעם, וואָס דער מחבר פון די „טורים" בעשעפטיגט זיך ניט מיט די יסודות פון דער אידישער אמונה און מאָראַל, נאָר ער לעגט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף די אויסערליכע צערעמאָניעס און די פּראַקטישע דינים. דער בעל־הטורים בעשטעהט פון פיער חלקים: 1) „אורח חיים", ענטהאַלט די פליכטען פון דעם מענשען צו גאָט; 2) „יורה דעה", ענטהאַלט אַלע דינים פון אסור און היתר; 3) „אבן העזר", ענטהאַלט אַלע דינים פון פאַמיליען־לעבען, און 4) „חשן משפט", ענטהאַלט אַלע דינים פון געזעלשאַפטליכען לעבען. דער „בעל הטורים" האָט בײַ־לעכווייז אַרויסגעשטויסען דעם רמב"מ'ס „יד החזקה" און דיענט ביז היינטיגען טאָג אַלס דער וועגווייזער פיר רבנים און לומדים אין אַלע לענדער.

§22. די „קבלה" און דער „זהר". וואָס שוואַכער עס איז געוואָרען דער גייסט פון פרייען פאָרשען אַלץ מעהר האָט זיך צווישען די אידען פאַרשפּרייט אַן אייגענאַרטיגע געהיימע לעהרע (חכמה נסתרה, ח"ן), וועלכע האָט געפיהרט איהר אָנפאַנג פון

אַלטע דונקעלע טראַדיציעס און האָט זיך דעריבער גערופען „קבלה" (איבערליפערונג). דעם רמב"מ'ס נאָכפאָלגער האָבען ערקלערט די רעליגיאָן על פּי שכל און וויסענשאַפט; אָבער די אַנהענגער פון דער קבלה האָבען אַריינגעטראָגען אין דער רעליגיאָן בעגריפען, וואָס קומען פון דעם געפיהל און דער פאַנטאַזיע. ווי בעוואוסט ווערט אין תנ"ך ווייניג גערעדט וועגען גאָט'ס וועזען, וועגען דעם לעבען פון מלאכים און גייסטער, וועגען אַן עקזיסטענץ נאָכ'ן טויט; אָבער די קבלה רעדט זעהר פיעל דערפון. די דאָזיגע „געהיימע לעהרע" איז געבאָרען געוואָרען נאָך אין דער עפּאָכע פון תלמוד און האָט זיך בעוויזען אין בבל אין דער צייט פון די גאונים; נאָר ברייט פערשפּרייט האָט זי זיך ערשט אין שפּאַניען און פראַנקרייך נאָכ'ן טויט פון רמב"ם. דער רמב"ן האָט שוין אין זיין פירוש אַרויסגעוויזען אַ נייגונג צו טייטשען די פּסוקים פון תנ"ך אויפ'ן גרונד פון „געטליכע סודות", וועלכע זיינען איבער־געגאַנגען פון מויל צו מויל. אין גיכען נאָך זיין טויט האָבען צווי־שען די אידען אין שפּאַניען זיך גענומען פאַרשפּרייטען שטיקלעך פון אַ הייליגען ספר מיט'ן נאָמען „זהר" (שיינונג, גלאַנץ). עס זיינען דערצעהלט געוואָרען וואונדער וועגען דער ענטשטעהונג פון דיזען ספר. מען האָט דערצעהלט אַז דער רמב"ן האָט פאַר'ן טויט געפונען אין ארץ־ישראל אַן אַלטען כתב־יד, וועלכען עס האָט פער־פאַסט מיט טויזענד יאָהר פריהער דער גרויסער תנא ר' שמעון בן־יוחאי, אין דער צייט ווען ער האָט זיך אויסגעבעהאַלטען פון די רוימער אין אַ הייהל (זעה 2טען טייל 50§). דער ענטדעקטער כתב־יד איז אַריבערגעשיקט געוואָרען קיין איירּאָפּאַ, און דאָ האָט מען פון איהם אַרויסגעשריבען שטעלען, וועלכע זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען אין פאָלק. דער ערשטער אַרויסצוגעבען דיזע אַרונטער־געשריבענע שטיקלעך פון זהר איז געווען דער מקובל ר' משה דע לעאָן (געשטאָרבען אין יאָהר 1305). די געגנער פון דער קבלה האָבען בעהויפּטעט אַז ר' משה דע לעאָן האָט אַליין פערפאַסט דעם „זהר" און האָט איהם בכיוון אַרויסגעגעבען פאַר אַן אַלטען כתב־יד, כדי צו ציהען אויף איהם אויפמערקזאַמקייט.

דער „זהר" איז געשריבען אין אַן אַלטער אַראַמייאישער שפּראַך, ענליך צו דער שפּראַך פון תלמוד, און ענטהאַלט די רייד

פון שמעון בן־יוחאי און אנדערע פארצייטיגסטע חכמים. זייערע רייד זיינען אנגעקניפט אן פסוקים פון דער תורה און זיינען אויס־געשטעלט לויט דער ארדנונג פון די חומשים. ר' שמעון בן־יוחאי ווערט פארגעשטעלט אין זהר אין דער געשטאלט פון א הייליגען צדיק, צו וועמען עס ענטפלעקען זיך מלאכים און ער זיצט אין א קרייז פון צדיקים און דערצעהלט זיי די גרויסע סודות פון הימעל, פון דער ערד און דער מענשליכער נשמה. דער גרונד־געדאנק פון „זהר" בעשטעהט אין דעם, אז אין די ערצעהלונגען און געבאטען פון דער תורה זיינען פערבארגען טיעפע סודות. מיט וואס וואלט די תורה הייליג געווען — טענה'ט ר' שמעון בן־יוחאי, — ווען גאט זאל וועלען אין איהר דערצעהלען אזעלכע פשוט'ע זאכען ווי למשל די מעשה פון הגר און עשו, יעקב און לבן? אזעלכע מעשיות קען דאך פערפאסען יעדער שטערבליכער. ניין, די ביבלישע ערצעהלונגען זיינען נאר די אויסערליכע קלייד פון די געטליכע סודות, וואס נאר אויסגעוועהלטע מענשען קענען בענעהמען. ר' שמעון האט ארונטערגענומען דיזע קלייד, און ניט לאנג פאר זיין טויט האט ער צוזאמענגערופען זיינע תלמידים און האט פאר זיי ענטפלעקט די געטליכע סודות. „דער הייליגער זקן („עתיקא קדישא", גאט)—האט ער געלערנט—איז פארבארגען, ווייט פון דער וועלט וואס מיר זעהען מיט די אויגען, דאך איז זי מיט איהם צונויפגעבונדען, ווארום אלץ האלט זיך אויף איהם און ער איז ענטהאלטען אין אלץ. ער האט און האט ניט קיין געשטאלט; ער האט אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל ער איז אין אלץ; ער האט ניט אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל ער איז אונבעגרייפליך. ווען ער האט זיך געשטאלטעט האט ער ארויסגעגעבען ניין ליכטער, וועלכע שיינען מיט זייער גלאנץ און וועלכע געהען זיך פאנאנדער אין אלע זייטען. ער איז איינס מיט זיי; דאס זיינען די שטאפלען איבער וועלכע עס בעווייזט זיך דער הייליגער זקן, דאס זיינען זיינע געשטאלטען. זיין קאפ איז די העכסטע חכמה, זיינע האר זיינען די פערשיידענע וועגען פון דער חכמה, זיין שטערן איז די בארמהערציגקייט, א. א. וו. אט אזעלכע געהיימניספולע רייד פארנעהמען א בעדייטענדען טייל פון דעם „זהר". צו־זאמען דערמיט בעגעגנען זיך שעהנע פאעטישע בעשרייבונגען.

עס ווערען בעשריבען די געהיימניסען פון גן־עדן און גיהנום, פון גוטע און שלעכטע גייסטער. די שלעכטע גייסטער דרינגען אָפט אריין אין דער נשמה פון דעם מענשען און וועקען אין איהם זינדיגע געדאנקען. יעדע עבירה גיט איבער דעם מענשען אין דער שליטה פון שדים, און יעדע מצוה גיט איהם איבער אין דער שליטה פון די גוטע מלאכים. אין „זהר" רעדט זיך אויך, אין זעהר טונ־קעלע ווערטער, וועגען דעם „קץ", ד. ה. משיח'ס צייטען, וועלכער וועט קומען דעמאָלט ווען עס וועט ווערען זעקס טויזענד און זעבציג, אָדער זעקס־און־זעבציג יאָהר זינט די וועלט איז בעשאפען געוואָרען. דעמאָלט וועט פאָרקומען א שרעקליכע מלחמה צווישען אדום און ישמעאל (די קריסטליכע און מאהמעדאנישע וועלט), און א דריטע קראפט וועט זיי בעזיעגען. אויף'ן גרונד פון דיזע און אנדערע פאָראויסזאָגונגען אין דעם „זהר" האָבען פיעלע ערוואַר־טעט דאָס קומען פון משיח'ן אין פערשיידענע צייטען, נאָר זייערע ערוואַרטונגען זיינען ניט מקוים געוואָרען. פונדעסטוועגען איז דער „זהר" געוואָרען דער הייליגער ספר פון די מקובלים, דער תנ"ך פון דער „קבלה" און האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דער ענטוויקלונג פון רעליגיעזע סעקטען אין יודענטום.

§23. **דער גירוש פון ענגלאַנד.** אין דער צייט פון די קרייצצוגען האָבען די אידען אין ענגלאנד שטארק געליטען פון דעם קריסטליכען המון, וועלכער איז געהעצט געוואָרען צו א קאמפף פאר'ן גלויבען. נאָך די קרייצצוגען האָבען די אידען א סך געליטען פון די קעניגע, פון די פעאָדאלע פירשטען און די גלחים. די קעניגע און פירשטען האָבען בעטראכט די אידען פאר זייערע קנעכט, און דאָס פערמעגען וואָס זיי האָבען ערוואָרבען דורך האנדעל—פאר זייער אייגענטום. קעניג ריטשארד דער לייבענהערציגער האָט זיך שטענדיג גענויטיגט אין געלט און פלעגט עס אויספרעסען פון די אידען דורך סטראשונקעס און גוואלדטהאטען. אין יאָהר 1210 איז פון די אידען אויפגעמאָנט געוואָרען א גוואלטיגע סומע געלד. ביי איין גביר אין בריסעל מען האָט געפאָדערט צעהן טויזענד זילבערנע מארק, נאָר אזוי ווי ער האָט ניט געהאט אָדער האָט ניט געוואָלט געבען, האָט דער קעניג בעפעהלען איהם רייסען איין צאָהן נאָכ'ן אנדערען, אזוי לאנג ביז ער וועט ניט געבען דאָס

געלט. נאָך דער קירכליכער אסיפה פון 1215 האָבען זיך צו די אידען גענומען די גלחים, וועלכע האָבען אָנגעהויבען דורכפיהרען די בעפעהלען פון אינאקענטי דעם 3טען. זיי האָבען אכטונג געגעבען, אַז אַלע געזעצען וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען אויף דער דאָזיגער אסיפה געגען די אונגלויביגע זאָלען שטרענג אָבגעהיט ווערען, און זיי האָבען נאָך אפילו צוגעגעבען נייע. דער שאַנד־פלעק אויפ'ן אויבערשטען בגד האָט געדאַרפט בעשטעהן פון אַ וואָלענער קאָלירטער לענטע אויפ'ן בוזים, פיער פינגער די לענג און צוויי פינגער די ברייט. צו בויען נייע שוהלען איז פאַרבאָטען געוואָרען, און די אידען האָבען געמוזט צאָלען אַ בעזונדער שטייער פאַר דער קירכע. ביי אַזאַ רעכטלאָזער לאַגע האָט דער אינערליכער געבוי פון די אידישע קהילות אין ענגלאַנד זיך ניט געקענט בעפעס־טיגען און דאָס גייסטיגע לעבען האָט זיך אָבגעשטעלט. אַ סך געלערטע און רבנים, ניט געפינענדיג קיין פעלד פאַר זייער ארבייט אין ענגלאַנד, האָבען אויסגעוואַנדערט אין אַנדערע לענדער פון איירָאָפּאַ אָדער קיין פאַלעסטינא.

אין דער צייט פון די וויטערע קעניגע האָט מען די אידען אַזוי שטאַרק געדריקט, אַז ניט איינמאָל האָבען זיי געבעטען מען זאָל זיי ערלויבען צו פערלאָזען דאָס לאַנד. אָבער מען האָט זיי ניט ארויסגעלאָזט, ווארום מען האָט אין זיי געזעהן אַ קוואַל פון הכנסה. איין ענגלישער שרייבער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די אידען אין ענגלאַנד טהוט מען אָן דיזעלבע צרות וואָס זיי האָבען געהאַט אין מצרים, נאָר מיט דעם איין חלוק, וואָס אנשטאַט ציגעל פאָדערט מען פון זיי—גאָלדענע ציגעל. פאַר קעניג עדוארד דעם 1טען האָבען די גלחים אָנגעווענדט אַלע מיטעל צו ברענגען די אידען אונטער'ן קריסטענטום. דער קעניג האָט ערלויבט די דאָ־מיניקאַנישע מאָנאַכען צו פּרעדיגען דאָס קריסטענטום צו די אידען און האָט געמאַכט פאַר אַ פליכט אויף די אידען אויסצוהערען זייערע דרשות אויפמערקזאַם, ניט ריידען דאַגעגען און ניט לאַכען (1282). אַ קריסטליכער פּרעדיגער פון יענער צייט, דער בעוואוס־טער דונס סקאָט, האָט אָן עצה געגעבען דעם קעניג מען זאָל צו־נעהמען ביי די אידישע עלטערן זייערע קליינע קינדער און ער־ציהען זיי אין קאַטוילישען גלויבען. אין דערזעלבער צייט האָט

דער לאַנדאָנער עריו־בישאָף בעפעהלען צו שליסען אלע שוהלען אין זיין בעצירק.

ביי אזעלכע אומשטענדען איז אונמעגליך געוואָרען פאַר די אידען וויטער צו בלייבען אין ענגלאַנד, און דעם קעניג איז נאָר געבליבען ארויסצולאָזען זיי פון לאַנד, א זאך וואָס זיי האָבען שוין לאנג געבעטען. און אין יולי פון יאָהר 1290 האָט עדווארד, ניט אָנפרעגענדיג ביים פּארלאמענט, ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז אלע אידען זאָלען פערלאָזען ענגלאַנד. צייט איז זיי געגעבען גע־וואָרען ביז'ן ערשטען נאָוועמבער צו פערקויפען זייער אייגענטום און ענדיגען זייערע געשעפטען. טויט־שטראָף איז געווען בעשטימט פאַר יענע אידען וואָס מען וועט געפינען אין ענגלאַנד נאָך דיזען טערמין. אָבער די אידען, אויסגעמאַטערט פון די רדיפות, האָבען זיך ניט געלאָזט לאנג בעטען. נאָך פאַר'ן בעשטימטען טערמין (אָקטאָבער, 1290) האָבען זיך די 16,500 ענגלישע אידען געזעצט אין שיפען און האָבען אויף אייביג פערלאָזען זייער גרויזאם פאַ־טערלאַנד. די מעהרסטע ארויסגעטריבענע זיינען אוועק קיין פראנק־רייך, אָבער זיי זיינען אריינגעפאלען אהין גראד אין א צייט ווען די פראנצויזישע אידען אליין זיינען אויסגעשטאנען מורא'דיגע רדיפות. זיי האָבען אויסגעטרונקען דעם בעכער פון לייד ביז'ן דעק, איבערטראָגענדיג אלע צרות, וואָס זיינען אויסגעפאלען אויפ'ן גורל פון זייערע פראנצויזישע ברידער אין דעם משך פון דעם קו־מענדען יאָהרהונדערט.

§24. דער גירוש פון פראַנקרייך. אין 14טען יאָהרהונ־דערט האָט מען די אידען אין ערגעץ ניט אזוי געמאַטערט ווי אין פראנקרייך און דייטשלאנד. די פראנצויזישע קעניגע האָבען גע־וואָלט קריגען זייער געלט, אזוי ווי פיליפּ אויגוסט, אנדערע — פון רעליגיעזער שנאה, אזוי ווי לואיס דער הייליגער. קעניג פיליפּ דער שעהנער—א געמיינער און נייציגער מענש, וועלכער האָט חרוב געמאכט זיין לאנד—האָט געבראכט צו פאָלקאָמענהייט די סיסטעמע פון ארויספּרעסען געלט פון זיינע אונטערטאנען. ניט נאָר פלעגט ער ארויפלעגען אויף די אידען גוואלטיגע שטייערען, נאָר ער פלעגט פּשוט ארעסטירען און איינשרעקען פערמעגליכע לייט און צונעהמען א טייל פון זייער אייגענטום. אָבער אפילו די דאָזיגע

שטענדיגע ארויספרעסונגען האָבען ניט צופריעדענגעשטעלט דעם אונערזעטליכען קעניג. אזוי ווי דער קארגער בעל־הבית אין דער בעוואוסטער פאבעל האָט ער בעשלאָסען צו קוילען די הוהן, וואָס האָט געלעגט גאָלדענע אייער: ער האָט בעשלאָסען ארויסצוטרייבען די אידען פון פראנקרייך און מיט אמאָל צונעהמען זייער פארמעגען. אין יאָהר 1306 האָט פיליפּ בעפעהלען מודיע צו זיין אלע אידען, אז זיי זאָלען אין פערלויף פון א מאָנאט זיך ארויסקלייבען פון פראנקרייך, איבערלאָזענדיג דאָרט זייער פארמעגען. מען האָט זיי ערלויבט מיטצונעהמען בלויז די סאמע נויטיגסטע קליידער און שפּייז אויפ'ן וועג. ביז'ן בעשטימטען טערמין האָבען ארום הונדערט טויזענד אידען פארלאָזען פראנקרייך. זייער גאַנצעס בעוועגליכעס און אונבעוועגליכעס אייגענטום איז אָנגעקומען דעם קעניג און איז פארקויפט געוואָרען צו קריסטען. גרויס איז געווען דאָס אומגליק פון די בערויבטע און ארויסגעטריבענע אידען. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך בעזעצט אין די זעלבסטשטענדיגע פראָווינצען פון דרום־פראנקרייך און אין די דערבייאיגע שפּאנישע לענדער. די פארטריבענע האָבען זיך געהאלטען נעהנטער צום פראנצויזישען גרעניץ, האָפענדיג אז סוף כל סוף וועט מען זיי ערלויבען זיך אומצוקערען צו זייער פאָטערלאנד. און זיי האָבען ניט געהאט קיין טעות אין חשבון. אין ניין יאָהר ארום איז געשטאָרבען פיליפּ דער 4טער און אויפ'ן טראָהן איז ארויף זיין זוהן לואיס דער 10טער. דער נייער קעניג האָט ערלויבט די אידען זיך אומצוקערען קיין פראנקרייך; ווארום — אזוי ווערט געזאָגט אין זיין בעפעהל — „דאָס פאָדערט די אלגעמיינע שטימע פון פאָלק". די פערטריבענע האָבען זיך מאסענווייז א לאָז געטהאָן צוריק אין זייער פאָטערלאנד (1315). נאָר ניט אויף פריד האָבען זיי זיך אומגעקערט אהין.

אין 1320 האָבען זיך אין פראנקרייך אָנגעהויבען צוזאמענקלייבען נייע מחנות קרייץ־טרעגער, פון פויערים און פאסטוכער. איין יונגער פאסטוך האָט דערצעהלט, אז פון הימעל איז צו איהם ארונטערגעפלויגען א צויבערליכע טויב און האָט איהם געהייסען צוזאמענצונעהמען אן ארמיי און געהן מלחמה האלטען מיט די ניט־קריסטען. דאָס פראָסטע פאָלק האָט געגלויבט אין דיזער גע־

שיכטע, און אין דער נייער אַרמיי פון די קרייץ־טרעגער זיינען אַריינגעטראָטען די פויערים פון זיד־פראַנקרייך. דיזע אַרמיי איז געגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט, מיט פאָהנען אין די הענד, און אויפ'ן וועג זיינען צו איהר צוגעשטאַנען נאָך מאַסען הפקר־יונגען, וועלכע האָבען נאָר אין זינען געהאַט רויב. אַזוי ווי אין די ערשטע קרייצצוגען האָט דער פריינגעלאָזטער המון זיך קודם־כל געוואָרפען אויף די אידען. אין ווערדון, טולוז, באָרדאָ און אַנדערע שטעדט זיינען די אידען שווער געשלאָגען געוואָרען דורך דיזע בלוטדורשטיגע באַנדעס. די פעסטונג פון ווערדון, וואוהין עס האָבען זיך פאַרשפאַרט אַרום 500 אידען, האָבען די קרייץ־טרעגער גענומען מיט שטורם; די אידען זעהענדיג אַז קיין רעטונג איז פאַר זיי ניטאָ, האָבען פריייווילּיג אויסגעקוילעט איינער דעם אַנדערען. די בעאַמטע פון די שטעדט און פון קעניגליכען חיל האָבען אָפט פאַרטיידיגט די אידען, אָבער עס איז ניט גרינג געווען איינצושטילען די קרייץ־טרעגער, אויף וועלכע דאָס פאָלק האָט געקוקט ווי אויף הייליגע קעמפפער. ערשט ווען די פאָלקס־אונרוהען האָבען אָנגעהויבען שרעקען דער רעגירונג זעלבסט און די העכערע קלאַסען, האָט מען אָנגענומען, אויפ'ן קעניגליכען בעפעהל, שטרענגע מיטעל. די אַרמיי פון די קרייץ־טרעגער איז צוטריבען געוואָרען. קליינע אבטיילונגען קרייץ־טרעגער האָבען נאָך געבושעוועט אין די שטעדט פון דער שכנ'ישער שפאַניען. אַרום און אַרום האָבען פון דעם „פאַסטובער־צוג" („גזרת הרועים") אין פראַנקרייך געליטען אַרום 120 אידישע קהילות.

די לאַגע פון די אידען אין פראַנקרייך איז געוואָרען אַלץ מעהר וואַקעלדיג. די קעניגע, זיך נויטיגענדיג אין געלט פאַר מלחמות, פלעגען ערלויבען די אידען צו וואוינען אין לאַנד בלויז צייטווייליג, אויף בעשטימטע טערמינען, און די אידען האָבען געמוזט צאָלען גרויסע סומען פאַר דיזען וואוינרעכט. צו אַנגעזעהענע פראָפעסיעס פלעגט מען די אידען ניט צולאָזען. דעריבער האָבען אַ סך אידען געמוזט זיך בעשעפטיגען מיט וואוכער. דיזע פראָצענטניקעס האָבען געמוזט צאָלען צו דער רעגירונג שטייערען איבער זייערע קרעפטען, און זיי האָבען דעריבער פון זייער זייט געדריקט זייערע קריסטליכע קונדען, נעהמענדיג גרויסע פראָצענטען.

דאָס פאָלק האָט געהאַסט די פראַצענטניקעס און האָט אויסגעלאָזט דעם כעס צו אַלע אידען. אויף אַזאַ אופן האָבען די פראַנצויזישע קעניגע גערויבט די אידען און אין דערזעלבער צייט זיי געמאַכט פאַרהאַסט ביים פאָלק. די גלחים פון זייער זייט האָבען געהעצט די קריסטען געגען די אידען, אַלס די שונאים פון דער קירכע. די לאַגע איז געוואָרען אונערטרעגליך, און פאַר די אידען איז געבליבען נאָר דער איינציגער וועג ביסלעכווייז אויסצוואַנדערען פון דעם אומגליקליכען לאַנד. עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגע־פאַנגען דיזער ארויסגאַנג פון דעם נייעם מצרים ווען קעניג קאַרל דער 6טער האָט ארויסגעגעבען אַ בעפעהל ארויסצוטרייבען די אידען פון פראַנקרייך אויף אימער (1394). „דער קעניג — ווערט געזאָגט אין דיזען בעפעהל — האָט צוגעהערט די קלאַגען וועגען די פאַרברעכענס פון די אידען געגען דעם הייליגען גלויבען און וועגען זייער מיסברויכען די רעכט וואָס זיינען זיי געגעבען געוואָרען, און האָט דעריבער בעשלאָסען אין דער צוקונפט צו פאַרביטען זיי צו וואוינען אין אַלע געביטען פון פראַנקרייך, אין צפון אַזוי גוט ווי אין דרום". ביז'ן דריטען נאָוועמבער איז זיי געגעבען געוואָרען צייט צו בעזאָרגען זייערע געשעפטען און אויס־פאַרקויפען זייער אייגענטום. אין סוף פון יאָהר 1394 האָבען פיעל טויזענדע אידישע פאַמיליען פערלאָזען דאָס לאַנד וואו די האַב־גיריגקייט פון די הערשער, דער פאַנאַטיזם פון די גלחים און דער גראָבער אַבערגלויבען פון די מאַסען האָבען זיי געבראַכט צו שענד־ליכער קנעכטשאַפט. איינציגע בעזיצער פון שטעדט און גיטער האָבען געוואָלט איבערלאָזען ביי זיך די אידען, אָבער זיי זיינען געצוואונגען געוואָרען צו ערפילען דעם קעניג'ס גזרה. אידען זיינען געבליבען בלויז אין געצעהלטע פּראָווינצען פון זיד־פראַנקרייך. די פאַרטרי־בענע האָבען זיך בעזעצט אין דייטשלאַנד, איטאַליען און שפּאַניען. נאָך דיזען גירוש איז שוין אין פראַנקרייך ניט געווען קיין אידישע קהילות גאַנצע דריי הונדערט יאָהר, ביז'ן סוף פון 17טען יאָהר־הונדערט.

**§25. דייטשלאַנד; די גהעטאָ און די בלבולים.** אין דער צייט ווען אין ענגלאַנד און פראַנקרייך האָט מען די אידען געטריבען, האָט מען זיי אין דייטשלאַנד געדריקט און ערנידריגט,

אָבער ניט ארויסגעטריבען פון לאנד. טרויעריג איז געווען דאָס לעבען פון די אידען אין דייטשלאנד נאָך די קרייצצוגען. הונדערטע אידישע קהילות האָבען זיך געפונען אין די שטעדט פון דייטשלאנד, עסטרייך, בעהמען און די שווייץ, אָבער געלעבט האָבען זיי בעזונדער פון די קריסטליכע געמיינדען, אזוי ווי פארשטויסענע. אין די מעהרסטע שטעדט זיינען פאר די אידען צום וואוינען אָבגעצייכענט געוואָרען בעזונדערע קווארטאלען אָדער גאסען („גהעטאָ"); צו דער גהעטא פלעגט פיהרען א טויער, וועלכער פלעגט אויף ביינאכט פערשלאָסען ווערען. דיזע געשלאָסענע קווארטאלען האָבען צייטענווייז געדיענט אלס שוץ פאר די איינוואינער, אין די צייטען ווען דער קריסטליכער המון פלעגט זיי בעפאלען; דערפאר אָבער ווען דער שונא פלעגט זיך שוין אריינרייסען אהין פלעגט ער פערניכטען גאנצע קהילות אויף איין מאָל. ענג און פארשטיקט איז געווען אין דיזע קווארטאלען, וואו אין יעדען הויז האָבען זיך געפונען צעהנדליגע געזינדען. דער „אידישער שאנדפלעק"—א געלע לאטע אויף די קליידער אָדער אן עקעלהאפטע הוט מיט שארפע שפיצען—איז געווען א מוז; דער איד וואָס האָט זיך געוויזען אין גאס אָהן דיזען צייכען האָט געמוזט צאָלען שטראָף. דער רוב פון די דייטשע אידען איז געווען זעהר אָרים. די געוועהנליכע בעשעפטיגונג פון די אומגליקליכע איז געווען דער קליין האנדעל, איבערהויפט דער האנדעל מיט אלטע קליידער, און די פארמעגליכע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט לייהען געלד אויף פראָצענט. צו די מעהר חשוב'ע מלאכות האָט מען די אידען ניט צוגעלאָזען, אָדער אלענפאלס זעהר זעלטען. די קריסטליכע ארביטער־צעכען פלעגען ניט אריינגעהמען קיין אידען, און די סוחר'ישע פערבאנדען פלעגען זיי ניט לאָזען זיך פארנעהמען מיט גרויסען האנדעל. די קעניגע און פירשטען פלעגען בעהאנדלען די אידען אזוי ווי קנעכט, פלעגען זיי רואינירען מיט שווערע שטייערען און טאקסעס. די דאָזיגע שטייערען פלעגט מען אויף זיי ארויפלעגען פאר'ן „שוץ" וואָס זיי פלעגען בעקומען, וועלכער פלעגט פונדעסטוועגען זיי ניט איינהיטען פון פאָגראָמען.

בעזונדערס אָפט פלעגען די דייטשע אידען ליידען פון בלבולים, וואָס פלעגען געבאָרען ווערען אין דעם אבערגלויבען פון מיטעל־



דאָס „שמש-געסעל" אין דער גהעטאָ פון פּראַג.

אַלטער. פון פראַנקרייך איז אהער אַריינגעדרונגען דער בייזער עלילת־דם (§17). נאָך אַן אַבערגלויבישע איינרעדעניש איז אומ־געגאַנגען, אַז די אידען נעהמען דאָס קינדליכע ברויט, וואָס איז דער סימבאָל פון יעזוס׳עס קערפּער, און שניידען און שטעכען עס ביז עס הויבט אָן רינען בלוט. אויב ערגעץ־וואו פלעגט פערפאַלען ווערען אַ קריסטליך קינד אָדען מען פלעגט צופעליג געפינען זיין קערפּער, פלעגט די צואוווילדעטע מאסע זיך וואַרפען אויפ׳ן אידישען קוואַרטאַל, טויטענדיג און בערויבענדיג דאָרט מענשען וואָס האָבען ניט געוואוסט פון נישט צו זאָגען. עס איז ניט געווען כמעט אַ שטאָדט אין דייטשלאַנד וואו עס זאָלען ניט פאָרקומען אזעלכע אָנפאַלען. איינמאָל נעבען דער שטאָדט פולדא האָט מען געפונען פינף טויטע קריסטליכע אינגלעך, די קינדער פון אַן אָרטיגען מילנער (1235). די אַבערגלויבישע מאַסע האָט באַלד בעשלאָסען אַז עס האָבען זיי גע׳הרג׳עט צוויי אידען, וועלכע האָבען אויסגעצאַפּט פון זיי דאָס בלוט און בעהאַלטען עס פאַר זייערע פסח׳דיגע צערעמאָניעס. אַ המון קרייץ־טרעגער און שטאָדט־לייט זיינען בעפאַלען די אידען פון פולדא און האָבען גע׳הרג׳עט דרייסיג מענער און פרויען. די אידען האָבען זיך בעקלאָגט צו קעניג פרידריך דעם 2טען, און דיזער האָט בעשטימט אַ קאָמיסיע פון געלערנטע קריסטען, וועלכע האָבען געדאַרפט אויספאָרשען די פראַגע: צי דאַרפען די אידען ווירקליך האָבען בלוט אויף פסח. אויב עס זאָל זיך ארויסווייזען אַז יאַ, דאַן האָט דער קעניג גע־סטראשעט צו פארניכטען אַלע אידען אין זיין מלוכה. דער ענטפער פון דער קאָמיסיע איז געווען אַז מען קען ניט פעסטשטעלען גענוי די ריכטיגקייט פון דער בעשולדיגונג געגען די אידען. דער קעניג האָט פונדעסטוועגען אַרויפגעלעגט אַ גרויסע געלט־שטראָף אויף די אידען פון פולדא, ניט קוקענדיג דערויף וואָס דער חשד געגען זיי איז ניט בעשטעטיגט געוואָרען. אויפגעבראַכט איבער דער שרעקליכער בעשולדיגונג האָבען זיך די אידען געווענדט מיט אַ קלאַגע צום דעמאָלדיגען פּאַבסט אינאָקענטי דעם 4טען. דיזער פּאַבסט, וועלכער איז געווען עהרליכער ווי זיינע פאָרגענגער, האָט פאַנאַנדערגעשיקט צו די בישאָפס אין יאָהר 1247 אַ „בולא" (אַ

פאבסטליכער בעפעהל), וואו די בלוט־בעשולדיגונג איז עוקלערט געוואָרען אלס א געמיינער און בייזער ליגען.

אָט איז דער אינהאלט פון דער דאָזיגער בולא: מיר האָבען געהערט די וויינעדיגע קלאָגען פון די אידען אז מען מאכט אויף זיי אונעהרליכע בלבולים אלס אַ אויסרייד צו רויבען זיי און צוצונעהמען זייער אייגענטום. אין דער צייט וואָס די תורה בעפעהלט „לא תרצח!" (זאָלסט ניט הרג'ענען) מאכט מען געגען די אידען די פאלשע בעשולדיגונג אַז זיי עסען אום פסח דאָס הארץ פון א גע'הרג'ט קינד. עס ווערט בעהויפטעט אַז דאָס געזעץ ערלויבט עס זיי, וועלכעס פארקערט, פארביט זיי שטארק אַזאַ טהאט. ווי נאָר מען געפינט ערגעץ דעם טויטען קערפער פון א מענשען, וואָס מען ווייסט ניט ווער עס האָט איהם גע'הרג'עט, זאָגט מען בכיוון אַז דאָס האָבען די אידען געטהאָן. דאָס אַלץ דיענט פאר אַן אויסרייד זיי ביטער צו פערפאָלגען. אָהן דין און אָהן משפט, אָהן עדות און אָהן זייער אייגענעם מודה זיין זיך, נעהמט מען ביי זיי צו זייער אייגענטום, מען מוטשעט זיי מיט הונגער, מען פערשפאַרט זיי אין תפיסה און מען מאטערט זיי אויף אַלערליי אופנים און מען פאראור־טיילט זיי צו א שענדליכען טויט. דער גורל פון די אידען אונטער אזעלכע פירשטען און הערשער איז דעריבער שרעקלי־כער ווי דער גורל פון זייערע עלטערען אין מצרים אונטער דער הערשאפט פון די פרעה'ס. צוליעב דיזע רדיפות זיינען זיי געצוואונגען צו פערלאָזען יענע ערטער, וואו זייערע עלטערען האָבען געלעבט פון די עלטסטע צייטען. ניט וועלענדיג אַז מען זאָל די אידען אומזיסט מאטערען, בעפעהלען מיר אייך, אַז איהר זאָלט זיך בעגעהן מיט זיי מיט פריינדשאפט און מיט גוטען ווילען. אויב איהר וועט הערען פון אונגערעכטע אָנפאלען אויף די אידען זאָלט איהר ניט דערלאָזען דערצו, און דערלאָזט ניט אַז מען זאָל אין דער צוקונפט זיי דריקען מיט אזעלכע מיטעל.

נאָר אפילו דעם פאבסט'ס בולא האָט די אידען גאָרניט גע־האָלפען. יאָהר איין יאָהר אוים פלעגען זיך יעדען פסח ווידערהאָלען די אָנפאלען אויף די אידען אין די דייטשע שטעדט. אפטמאָל פלעגען אזעלכע פאָגראָמען ארומכאפען גאנצע פראָווינצען. אין די

מעהרסטע פעלען פלעגען די פאַלשע בלבולים דיענען בלויז אלס אויסריד לפנים צו פארדעקען די אמת'ע כונה פון די רדיפות. און די אינוועניגסטע סבות זיינען געוועןִ—די קנאה פון די קריסט־ליכע סוחרים און ארבייטער צו זייערע אידישע קאָנקורענטען, דער פערלאנג ארויסצושטויסען די אידען פון דער אָדער יענער שטאָדט, און פערנעהמען זייער פלאץ.

§26. דער שווארצער טויט. די רדיפות אויף די אידען אין דייטשלאנד האָבען דערגרייכט זייער העכסטען שטאַפּעל אין 14טען יאָהרהונדערט. „זינט די אידען לעבען אויף דער וועלט — שרייבט אַן אלטער דייטשער שרייבער — האָבען זיי ניט איבער־געלעבט אַ שרעקליכערע צייט ווי דעם 14טען יאָהרהונדערט. עס איז נאָר אַ וואונדער ווי אַזוי, נאָך אַזעלכע שחיטות, עס איז גע־בליבען נאָך איין איד אין דייטשלאנד". אין יאָהר 1348 האָט אין אייראָפּא געבושעוועט אַ שרעקליכע מגפה, בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „דער שווארצער טויט". הונדערטע טויזענדע מענשען זיינען געפאַלען פון דיזער געהיימניספולער קראנקהייט; עס פלעגען אויסשטארבען גאנצע שטעדט און פּראָווינצען. מענשען פלעגען משוגע ווערען פון שרעק; אַ ווילדער אבערגלויבען האָט ארומגע־כאפּט דעם פינסטערען המון און איהם געפיהרט צו פארברעכענס; יעדע צאהם פון געזעץ איז פארשוואונדען. אין דיזער צייט איז ארויסגעלאָזט געוואָרען אַ מאָדנער קלאנג, אַז די אידען האָבען עס פערארורזאכט די מגפה, פארגיפטענדיג בכיוון דאָס וואסער אין די ברונימער און טייכען כדי אומצוברענגען די קריסטען. דיזע בעשולדיגונג האָט נאָך צוגעקראָגען קראפט דערפון וואָס די אידען, צוליעב זייער מעהר ניכטערען און זויבערען לעבען און צוליעב זייער בעסערער אָבאכט אויף די קראנקע, זיינען געשטאָרבען פון דער חולאת אין אַ קלענערער צאָל ווי די קריסטען. און נון האָט מען אָנגעפאנגען זיך אָבצורעכענען מיט די „פארגיפטער". די הריגות אויף די אידען האָבען זיך אָנגעפאנגען אין דרום־פראנקרייך און אראגאָניען, אָבער שרעקליכע פאָרמען האָבען זיי אָנגענומען אין דייטשלאנד. אין די רהיין־פּראָווינצען, אין עלזאַס, עסטרייך, די שווייץ, בעהמען, וואו דער שווארצער טויט האָט געשניטען די איינוואוינער ווי אַ פעלד־מעסער, האָט מען די אידען גע'הרג'עט

טויזענדערווייז. מען פלעגט זיי ברענגען אויף שייטער־הויפען, מאַ־טערען, הענגען, ערטערווייז פלעגט מען זיי אַרויסטרייבען אָדער צווינגען אָנצונעהמען דאָס קריסטענטום. אומזיסט האָט זין דער פּאַבסט קלעמענס דער 6טער געווענדעט צו די קאַטאָליקען מיט אַ בולא, אין וועלכער ער האָט אויפגעוויזען דעם אונזין פון דעם בלבול אויף די אידען, אָנווייזענדיג אַז די אידען גופא שטאַרבען פון ער מגפה, און אַז דער שוואַרצער טויט בושעוועט אפילו דאָרט וואו קיין אידען זיינען גאָר ניטאָ. די ווערטער פון דעם פּאַבסט האָט מען ניט געהערט: די ליידענשאַפטען האָבען זיך צופלאַקערט או עס איז אונמעגליך געווען זיי איינצושטילען. אין שטראַסבורג און קעלן האָבען דער בירגערמייסטער און דער שטאָדט־ראַטה זיך אָנ־גענומען פאַר די אומשולדיגע אידען; זיי האָבען איינגערעדט דאָס פאָלק אַז די מגפה איז אָנגעשיקט געוואָרען פון גאָט, און ניט פון מענשען; אָבער דער המון האָט פאַרטריבען דיזע פערטיידיגער. די שטראַסבורגער אידען האָט מען אוועקגעשלעפּט אויפ'ן בית־עולם, זיי פערשפּאַרט אין אַ גרויסען הילצערנעם שטאַל און זיי פאַרבּרענט. געראַטעט האָבען זיך בלויז איניגע, וועלכע האָבען אין פערצווייפלונג בעשלאָסען אָנצונעהמען קריסטענטום (1349). אַן ענליכער שיקזאַל האָט געטראָפען די אידען פון קעלן, נאָך אַ ניט־געלונגענעם פערזוך זיך צו פערטיידיגען מיט געוועהר. די רהיין־שטעדט, די עדות פון די שרעקען פון די קרייצצוגען, זיינען ווידער פאַרהילכט געוואָרען פון די וועה־געשרייען פון די אידישע קרבנות. אין וואָרמס האָט דער שטאָדט־ראַטה בעשלאָסען צו פאַרברענען די אידען, נאָר די לעצטע, ניט וואַרטענדיג אויפ'ן טויט פון די הענד פון די הענקער, האָבען אַליין אונטערגעצונדען זייערע הייזער און זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען. דאָס זעלבע האָבען געטהאָן די אידען אין פראַנקפורט און אַנדערע שטעדט. אין מאַינץ האָבען זיך אַ טייל אידען געשטעלט מיט געוועהר געגען זייערע פאַרפאָל־גער און האָבען געטויט אַרום צוויי הונדערט פערזאָן. אָבער ווען אַ ווייטערער קאַמפּף איז געוואָרען אונמעגליך האָבען די אידען פון מאַינץ זיך אַליין פאַרברענט אין זייערע הייזער. פון דייטש־לאַנד זיינען די אידען מאַסענווייז געלאָפען אין דעם שכנ'ישען

פוילען וואו זייערע ברידער האָבען געלעבט רוהיגער אונטער'ן שוץ פון די קעניגע און דער רייכער שליאַכטע.

די ליידען, די ערנידערונג און אָרימקייט האָבען פינסטער געמאַכט דאָס לעבען פון די דייטשע אידען און האָבען אָבגעשוואַכט זייער גייסטיגע טעטיגקייט. דער געביט פון גייסטיגען לעבען איז געווען פונקט אַזוי ענג ווי די גאַס פון אידישען קווארטאל. אפילו די רבנישע לומדות איז פעראָרימט געוואָרען. די געלערנטע תלמודיסטען האָבען בעארבייט און ערקלערט די פריהעריגע ליטעראטור, אָבער זיי האָבען גאָרניט געשאַפען קיין נייעס. וועגען פרייהייט פון געדאנק האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. די רעליגיעזע צערעמאָניעס זיינען אָבגעהיט געוואָרען מיט דער גרעסטער שטרענגקייט אין דער היים אַזוי גוט ווי אין שוהל. די היים און די שוהל—דאָס זיינען געווען די צוויי ערטער וואו דער געיאָגטער, ערנידריגטער איד האָט אָבגערוהט אין זיין נשמה, וואו ער האָט זיך געפיהלט אַלס מענש מיט הויכע גייסטיגע שטרעבונגען. דאָס פאַמיליען־לעבען פון דעם דייטשען אידען איז געווען אַ מוסטער פון מאָראַלישער ריינקייט, פון זעלבסט־אויפאָפּפערונג, פון מעסיגקייט און ניכטערקייט. די גאַנצע געמיינדע איז געווען אַזוי ווי עפּיס איין גרויסע פאַמיליע, וואָס איז פעראייניגט מיט דיזעלבע שטרעבונגען, געוואוינהייטען און מנהגים. דאָס לעבען פון דער קהילה האָט זיך קאָנצענטרירט אין שוהל, וואו אין הויף פלעגט זיך דאָס רוב געפינען די וואוינונג פונ'ם רב. דאָ פלעגען בעטראַכט און בעשלאָסען ווערען די עסקים פון דער קהילה; דאָ פלעגען אָפט, אין צייטען פון אָנפאַלען, די ראשי הקהל בעשליסען פרייוויליג צו שטאַרבען, כדי זיך ניט איבערצוגעבען דעם שונא: די שוהל פלעגט מען אונטערצינדען און אַ גאַנצע מחנה מאַרטירער פלעגט אויסהויכען דעם אָטעם מיט די אויסגעשרייען: „שמע ישראל!" דער אנדענק פון אַזעלכע מאַרטירער פלעגט געהאַלטען ווערען הייליג פון די קומענדע דורות. זייערע נעמען, יעדער מיט'ן טיטעל „קדוש", פלעגען פאַרשריבען ווערען אין די „פּנקסים" פון די שוהלען און פלעגען דערמאָנט ווערען אין ריהרענדע תפלות, וואָס פלעגען געזאָגט ווערען פאַר „די וואָס זיינען געשטאָרבען אויף קדוש השם".

אין 15טען יאָהרהונדערט זיינען די רדיפות אויף די אידען

אין דייטשלאַנד שוואַכער געוואָרען. בלויז פון צייט צו צייט פלעגען די קאַטוילישע גלחים אויפרייצען געגען זיי דעם פינ־סטערען המון. אַרום יאָהר 1450 איז איבער'ן לאַנד אַרומגע־פאָהרען דער מאָנאַך קאַפיסטראַנאָ, וועלכער האָט געקראָגען דעם צונאָמען „דער בייטש פון די אידען", און האָט געהעצט דעם המון געגען די אידען; אונטער דער ווירקונג פון זיינע דרשות האָט די שווארצע מאַסע אין עטליכע שטעדט צורויבט די אידישע קוואַרטאַלען. פון אַ סך שטעדט זיינען די אידען פאַר־טריבען געוואָרען.

די ליטעראַטור פון די דייטשע אידען אין 13טען ביז'ן 15טען יאָהרהונדערט בעשטעהט כמעט איינגאַנצען פון תלמודישע פאַרשונגען. פון די תלמודיסטען פון דיזער עפּאָכע זיינען בע־זונדערס בעריהמט געוואָרען: רבי מאיר פון רוטענבערג (דער מהר"ם), ר' ישראל איסרלין פון עסטרייך און ר' ישראל ברונאָ פון רעגענסבורג (15טען יאָהרהונדערט). דער פּאַריזער רב ליפּמאַן מילהויזען (ר' יום־טוב) האָט אָנגעשריבען דעם פּאָ־פּולערען ספר „הנצחון", וועלכער האָט געדאַרפט דיענען אַלס האַנדבוך פאַר די אידישע חכמים און רעליגיעזע וכחים מיט גלחים.

§27. איטאַליען. אין מערב־אייראָפּא אין מיטעלאַלטער איז איטאַליען געווען דאָס איינציגע לאַנד, וואו די אידען האָבען ניט געליטען קיין מאַסען־פערפאָלגונגען: צווישען דעם געדיכטען וואָלקען פון דעם באַרבאַריזם פון דעם מיטעלאַלטער האָט אין דיזען לאַנד צום ערשטען אַ בליץ געטהאָן דער שטראַהל פון דער „רענע־סאַנס" (אויפלעבונג, 13טען—15טען יאָהרהונדערט), וואָס איז געווען אַ בענייאונג פון דעם גייסטיגען און געזעלשאַפטליכען לעבען. די רוימישע פּאַבסטען זיינען ניט געווען קיין פּראָפּעטען אין זייער אייגען לאַנד. אינאָקענטי דער 3טער און זיינע נאָכפאָלגער, וועלכע האָבען מיט ערפאָלג פאַרזייהט רעליגיעזע אונטאָלעראַנץ אין אַלע לענדער פון אייראָפּאַ, האָבען ניט געקענט פאַרפלאַנצען דיזען בייזען גייסט אין איטאַליען גופא, וועלכע איז געווען פאַנאַנדערגעטיילט אין זעלבסטשטענדיגע פּראָווינצען און פרייע האַנדעלס־שטעדט. אידען האָבען געלעבט אין דעם פּאַבסט'ס פּראָווינץ, אין די פרייע

שטעדט פון לאָמבארדיען און אין דרום—אין נעאַפּאָל און סיציליען. די קירכליכע געזעצען זיינען ניט אָנגעווענדט געוואָרען שטרענג געגען זיי אפילו אין רוים. די אידען האָבען דאָ נאָך פון אַמאָל געלעבט אין אַ בעזונדער קווארטאַל, נאָר אין זייערע זיטען זיינען זיי ניט געווען שארף אָבגעשיידט פון די קריסטען. לויט'ן געזעץ זיינען זיי געווען אנערקענט פאַר „רוימישע בירגער" פון אַ בעזונדער־ קלאַס, אונטערגעוואָרפען צו דער פּאַבסטליכער קוריע. בראש פון די קהילות זיינען געשטאַנען אויסגעקליבענע פאָרשטעהער („פּרנסים") וועלכע זיינען געווען פעראַנטוואָרטליך צום פּאַבסט פאַר די שטייערען, האָבען געהאַט דאָס רעכט צו רופען אסיפות, משפט'ן און ארויסגעבען אַ פּסק, ארויפלעגען שטראָפען אָדער חרם פאַר פאַרברעכענס.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידען אין איטאַליען איז געווען אָחן אַן ערך בעסער, ווי אין אַנדערע לענדער. דאָ זיינען זיי ניט געווען צוגעשמיעדט צום קליין־האַנדעל און צו וואוכער־געשעפט, נאָר זיי האָבען געקענט זיך פאַרנעהמען מיט מלאכה און האַנדעל אויפ'ן ברייטען אופן. אין דרום־איטאַליען און סיציליען האָבען זיך די אידען בעשעפטיגט אפילו מיט ערד־ארבייט און מיט דער זייד־ אינדוסטריע. אין אַזעלכע אַלוועלטליכע האַנדעלס־פּאָרטען ווי ווע־ נעדיג און גענוא האָבען די אידישע סוחרים ניט געקענט קאָנקו־ רירען מיט די גרויסע קריסטליכע סוחרים, נאָר דאָך האָבען זיי אויך אַנטייל גענומען אין דעם אַלוועלטליכען פעלקער־האַנדעל, וועלכער איז אָנגעגאַנגען דורך דיזע פּאָרטען. אינוועניג אין לאַנד, וואו עס זיינען ניט געווען קיין בעקוועמע און זיכערע וועגען, האָבען די אידען געלייסטעט אַ גרויסע דיענסט צו די פּויערים און דעם האַנדעל דורך אריבערפיהרען ברויט און אַנדערע פּראָדוקטען פון אָרט צו אָרט, און שפּילענדיג די ראָלע פון דעם פאַרמיטלער צווישען דעם פּראָדוצירער און דעם פאַרברויכער. די רייכע פלעגען זיך אויך אָבגעבען מיט'ן פּראָצענט־געשעפט, נאָר אויף דיזען געביט זיינען זיי נאָר געווען שוואַכע תלמידים פון די איטאַליענישע פּראָצענט־ ניקעס, וועלכע זיינען געווען בעוואוסט אונטער'ן נאָמען די „לאָמ־ באַרדער". שרייבער פון יענער צייט האָבען איבערגעלאָזט עדות, אַז די קריסטליכע פּראָצענטניקעס פלעגען אַ סך ערגער בעהאַנדלען

זייערע קריסטליכע קונדען, ווי די אידען זייערע קריסטליכע בעל־חוב׳עס. אין יאָהר 1430 האָבען די שטאָדט־בעאַמטע פון פלאָרענץ איינגעלאַדען אידישע באַנקירען צו קומען זיך בעזעצען אין זייער שטאָדט, כדי זיי זאָלען אַרונטערזעצען די פּראָצענטען פון 33 אויף 20. אַ דאַנק דעם זיינען אין איטאַליען ניט געווען יענע טרויעריגע פאָלגען פון דעם פּראָצענט־געשעפט ווי אין די אַנדערע לענדער.

צווישען די אידען אין איטאַליען זיינען געווען אַ סך בעריהמטע דאָקטוירים, וועלכע האָבען געקראָגען זייער בילדונג אין די העכסטע מעדיצינישע שולען אין פּאַדואַ, סאַלערנאָ און אַנדערע ערטער, אָפטמאָל טאַקע אונטער אויפזיכט פון אידישע פּראָפעסאָרען. ניט פאַרגינענדיג די אידישע דאָקטוירים זייער ערפאָלג האָבען זייערע קריסטליכע חברים געזוכט זיי צו פאַר׳מיאוס׳ן אין די אויגען פון פאָלק, בעשולדיגענדיג זיי אַז זיי שעדיגען בכיוון קריסטליכע פּאַציענטען. האָבען די קאַטוילישע גלחים אָנגעהויבען שטרענג איינפיהרען דאָס קירכליכע געזעץ, וואָס האָט פאַרבאָטען קריסטען זיך צו קורירען ביי אידישע דאָקטוירים. פונדעסטוועגען זיינען די אידישע דאָקטוירים געווען שטאַרק פּאָפּולער אין לאַנד און צו זיי פלעגען זיך ווענדען ניט נאָר עולם׳שע מענשען, נאָר אויך קאַטוילישע גלחים, און אָפטמאָל אפילו די פּאַבסטען אַליין. פּאַבסט באָניפאַציוס דער 9טער האָט געהאַט אַלס זיינע לייב־דאָקטוירים די אידען מענועלאָ און אַנדזשעלאָ. דיזע צוויי דאָקטוירים האָבען געקראָגען פון דעם פּאַבסט און דעם רוימישען מאַגיסטראַט אַ שריפט, וועלכע האָט בעפרייט זיי און זייערע קינדער פון שטייערען דערפאַר וואיל זיי האָבען געהיילט אָרימע קראַנקע אומזיסט (1399). דער אידישער דאָקטאָר פּאָליניאָ, פּראָפעסאָר אין דעם אוניווערזיטעט פון פּאַדואַ, איז געפאַלען אַ קרבן פון דעם „שוואַרצען טויט", אַרומגעהענדיג בשעת דער מגפה אַרום געפעהרליכע קראַנקע (1348). אין די הויפען פון די קעניגע און הערצאָגען זיינען אידישע לייב־מעדיקער געווען אַ גאַנץ אָפטע זאַך.

די צימליך גינסטיגע געזעלשאַפטליכע לאַגע פון די איטאַליענישע אידען צוזאַמען מיט דער „רענעסאַנס" וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבען אין איטאַליען, האָבען אַרויסגערופען ביי די

דאָרטיגע אידען אַ פּיעלזייטיגע גייסטיגע שאַפונג. אַזוי ווי זייערע שפּאַנישע ברידער האָבען די איטאַליעניש אידען ארויסגעגעבען פון צווישען זיך פרייע דענקער, וועלכע האָבען אָנגענומען די געדאַנקען פון דעם רמב"ם (דער איבערזעצער פון די אַראַבישע פילאָזאָפען, יעקב אַנאַטאָלי, און דער דאָקטאָר הלל ווערָאָנאַ פון 13טען יאָהרהונדערט), און בעגאַבטע פּאָעטען. פון די פּאָעטען איז בעזונדערס בעריהמט געוואָרען עמנואל הרומי (געשטאָרבען 1330), אַ חבר פון דאַנטע. אַנדערש ווי די איבעריגע אידישע פּאָעטען האָט עמנואל געשריבען ניט קיין רעליגיעזע שירים, נאָר וועלטליכע ליעדער, אין וועלכע עס איז בעזונגען געוואָרען די ליעבע, פרייד און גליק, אָדער עס זיינען אויסגעלאַכט געוואָרען נאַרישקייט און דומהייט. די העברעאישע שירים פון עמנואל צייכנען זיך אויס מיט זעלטענער שענקייט און קלינגעוודיגקייט. ער האָט אויך אָנגעשריבען אַ שיר „התפת וגן־עדן" (גיהנם און גן עדן), וועלכע איז אַ שאַרפע סאַטירע אויף די מענשען פון זיין צייט. צווישען די איינוואוינער פון גיהנום זעצט דער דיכטער אריין יענע תלמודיסטען, וועלכע פעראַכטען די וועלטליכע וויסענשאַפטען, דאָקטוירים־שאַרלאַטאַנעם און אונבעגאַבטע שרייבער; אין גן־עדן מאַכט ער פּלאַץ אפילו פאַר גוטע גויים, וועלכע גלויבען אין אחדות הבורא. די שפּעטערע רבנים האָבען ערקלערט עמנואל'ן פאַר אַן אפּיקורס און אריינגעלעגט זיינע ווערק אין חרם.

---

פינפטער קאַפּיטעל.

## דאָס לעצטע יאָהרהונדערט פון שפּאַנישען יודענטום.

(1391—1492).

**§28. אידישע הויפּלייט און די שחיטה אין סעווילאַ.** ליכט און שאָטען בייטען זיך אין דעם לעבען פון די שפּאַנישע אידען אין 14טען און 15טען יאָהרהונדערט. צוליעב זייער בילדונג

און האנדעלס־פעהיגקייטען האבען די אידען פערנומען אן אנגעזעהענעם ארט איןביידע קעניגרייכען פון שפאניען—קאסטיליען און אראגאניען. די שפאנישע קעניגע האבען געשעצט דיזע מעלות פון די אידען און פלעגען די פעהיגסטע פון זיי אפט רופען צו פארנעהמען שטעלען אין דער רעגירונג. כמעט יעדער קעניג האט געהאט אין זיין הויף א אידישען שטייער־זאמלער, פינאנץ־מיניסטער, ראטגעבער, הויף־דאקטאר אדער א אידישען געלערטען. די אידישע פאמיליען בענוועניסטע, וואקאר, אבולאפיא, פיכאן און אברבנאל האבען זיך בעוויזען אין די רייהען פון די שפאנישע אדעליגע און הויפלייט. אט דיזע אלע טיטולירטע אידען האבען זיך שטארק פערדיענט געמאכט ביי דער מלוכה, אבער זייער אייגען פאלק האבען זיי ווענינ נוצען געבראכט. די אידישע הויפלייט פון דיזער צייט האבען ניט געהאט יענע טוגענדען, וועלכע האבען אמאל בעשעהנט אזעלכע מענשען ווי ר׳ חסדאי שפרוט אדער ר׳ שמואל הנגיד. נאכטהוענדיג די פארשווענדערישע שפאנישע גראנדען האבען זיי געשטרעבט בלויז צו רייכטום און לוקסוס, וועלכע זאלען מאכען אן אויפזעהן, פלעגען אנטהאן זייערע ווייבער און קינדער אין זייד און בריליאנטען, און פלעגען ארויספאהרען אין גרויסארטיגע עקיפאזשען. פון זיי פלעגען זיך אבלערנען א ביישפיעל די מענער און פרויען פון די פארמעגליכע קלאסען פון דער אידישער בעפעלקערונג. דערמיט פלעגען זיי ארויסרופען קנאה ביי די קריסטען, וועלכע פלעגען זאגען: „אט ווי די אידען ווערען רייך; באלד וועלען זיי אלע ווערען גראנדען״. און דאס וואס איינצעלנע אידען פלעגען שנעל רייך ווערען, אפטמאל דורך געלונגענע קניות אדער פראצענט־נעהמען, פלעגט מען צורעכענען אלס עולה דער גאנצער אידישער בעפעלקערונג, וועלכע האט געפיהרט א בעשיידענעם און ארבייטסזאמעס לעבען. די אידען־פיינד פלעגען זיך דערמיט בענוצען צו פארגיפטען די מאסען געגען די אידען.

א בעזונדערע שנאה צו די אידען האבען געפיהלט דער העכערער אדעל און די גייסטליכע. די שטאלצע שפאנישע אדעללייט האבען ניט געקענט פארטראגען אין זייער מיט מענשען פון פרעמדען גלויבען און געבורט, און זיי פלעגען זיין אונצופריעדען ווען אזעלכע מענשען פלעגען דערגרייכען הויכע רעגירונגס־

שטעלען. און די גייסטליכע, וועלכע זיינען בעשטאַנען דאָס רוב פון די מאָנאַכען־דאָמיניקאַנער, האָבען געזעהן אין דער דערהוי־בונג פון די אידען אַ דירעקטע בעליידיגונג געגען דער קירכע. לויט דער מיינונג פון די קאַטוילישע מאָנאַכען האָבען די אידען, אַלס די „שונאים פון דער קירכע" אומעטום גערדאַרפט געהאַלטען ווערען אַלס קנעכט. פונדעסטוועגען האָבען די אידישע קהילות אין שפּאַניען געבליהט און האָבען גענאָסען אינערליכע פרייהייט. אין קאַסטיליען אַליין זיינען געווען 80 קהילות, וועלכע האָבען פאַרמאָגט אַרום אַ מיליאָן אידען. די וויכטיגסטע קהילות האָבען זיך געפונען אין טאָלעדאָ, בורגאָסאָ און סעווילאַ. בראש פון יעדער קהילה זיינען געשטאַנען די רבנים און דיינים, וועלכע האָבען געהאַט אַ רעכט צו משפט'ן ציווילע און קרימינעלע פּראָ־צעסען צווישען אידען. אַזוי ווי אַמאָל אין בבל און אין דעם אַראַבישען קאַליפאַט, אַזוי האָבען איצט אויך די אידען גענאָסען ברייטע אויטאָנאָמיע, וועהרענד די איינפלוסרייכערע אידען האָבען אַנטייל גענומען אויך אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג. אָט דיזער פאַקט וואָס פון איין זייט האָבען די אידען געלעבט אָבגעזונדערט אין זייער איי־גענעם לעבען און פון דער אַנדערער זייט זיך בעטייליגט אין דער רעגירונג—האָט גערייצט דעם קאַטוילישען אַדעל און די גייסטליכע.

איין פאַנאַטישער גלח פון סעווילאַ, פערנאַנדו־מאַרטין, האָט זיך אוועקגעשטעלט אַלס ציעל אויפצוהעצען די קריסטען צו אַן אָנפאַל אויף די אידען. אין זיינע דרשות אין די קירכען פלעגט ער גיסען פּעך און שוועבעל אויף דער אידישער „פאַלשער" אמונה, פלעגט אָנווייזען אויפ'ן וואַקסענדען רייכטום פון די אידען און זייער שעדליכקייט פאַר'ן פאָטערלאַנד. דאָן איז מאַרטין געוואָרען געהילף פון עריץ־בישאָף און ער האָט אָנגעהויבען פאַנאַנדערשיקען צירקולאַרען צו די גלחים אין זיין עפּאַרכיע, אין וועלכע ער פלעגט זיי אויפפאָדערען זיי זאָלען איינריידען דאָס פאָלק „צו צושטערען ביז'ן גרונד די שוהלען, אין וועלכע די שונאים פון גאָט און דער קירכע, וועלכע רופען זיך אידען, פראַווען זייער געצענדיענסט". איינמאָל, דעם 15טען מערץ 1391, האָט מאַרטין געהאַלטען אַ

פייערדיגע דרשה פאר א גרויסען עולם. דער אויפגערייצטער המון האט זיך א ווארף געטהאן אויף דער פריעדליכער אידישער בע־פעלקערונג פון סעווילא און עס האט זיך אנגעהויבען א פאגראם. נאר דאס מאל האבען זיך פאר די אידען געשטעלט די שטאדט־בעאמטע, דער פאגראם איז אבגעשטעלט געווארען, און איינגע פון די אנהויבער זיינען בעשטראפט געווארען. צווישען די אנ־הויבער איז אבער ניט געווען דער אמת'ער שולדיגער אין די אונרוהען, פערנאנדו־מארטין. אונטער דעם שוץ פון דער קירכע האט ער ווייטער אנגעפיהרט זיין פארברעכערישע אגיטאציע, ביז ער האט ענדליך זיך דערשלאגען צו זיין ציעל. אין דריי מאנאטען ארום איז דער פאגראם אין סעווילא אויסגעבראכען אויף דאס ניי מיט אזא קראפט, אז עס איז אונמעגליך געווען איהם אבצושטעלען. די קאטויליקען, אזוי ווי לויט אן אבמאך פון פריהער, זיינען זיך איין פריהמארגען צוזאמענגעלאפען פון אלע עקען שטאדט צום אידישען קווארטאל („יודעריא״), האבען איהם אונטערגעצונדען און זיך א נעהם געטהאן צו הרג'ענען און רויבען די איינוואוינער (6טען יוני). ארום פיער טויזענד אידען זיינען געווארען גע'הרג'ט אדער אוועקגעפיהרט אין געפאנגענשאפט און פארקויפט צו אראבער פאר קנעכט; און די איבעריגע, כדי צו ר'עטען זיך פון טויט, האבען מסכים געווען זיך צו לאזען שמד'ן; די בליהענדע אלטע קהילה איז חרוב געווארען; איינגע שוהלען האט מען פערניכטעט און די איבעריגע האט מען פערוואנדעלט אין קירכען.

די געשיכטע אין סעווילא איז געווען א סיגנאל צו בעפאלען די אידען אין אנדערע שטעדט. א סך זיינען געשטארבען אויף קידוש השם; נאר גרוים איז אויך געווען די צאל פון די שוואכ־מוטיגע, וועלכע האבען לפנים אנגענומען קריסטענטום כדי צו רעטען זיך דאס לעבען. פון קאסטיליען האט זיך די פאגראם־חוואליע אריבערגעווארפען אין דעם קעניגרייך אראגאניען. אין וואלענציא האבען זיך די קאטאליקען אריינגעריסען אין אידישען קווארטאל מיט געשרייען: „אט קומט מארטין, ער וועט אייך אלעמען אויס'שמד'ן!״ די אידען האבען זיך געפרובט שטעלען אנטקעגען, אבער דאס האט נאך מעהר צורייצט דעם ווילדען המון. די אידישע קהילה, פון פינף טויזענד נפשות, איז צושטערט

געוואָרען: אייניגע זיינען געשטאָרבען דורכ'ן שווערד, אנדערע זיינען אוועק צום שמד, און נאָך אנדערע זיינען אנטלאָפען. אין באַר־צעלאָנא האָבען זיך די אידען פערשפּאַרט אין פעסטונג, נאָכדעם ווי דער גובערנאַטאָר און דער אדעל האָבען זיי צוגעזאָגט צו בע־שיצען. נאָר דער צעווילדעטער המון האָט די פעסטונג בעלאַגערט און אונטערגעצונדען. די בעלאַגערטע, פאַרלירענדיג די האָפנונג זיך צו רעטען, האָבען אליין דערשטאָכען איינע די אנדערע מיט שווערדען אָדער האָבען זיך אַרונטערגעוואָרפען פון טהורם פון פעסטונג און זיינען צושמעטערט געוואָרען; אנדערע האָבען גע־קראָגען א שרעקליכען טויט פון דעם שונא'ס הענד, און די איבע־ריגע האָבען געפעלשט אין זייער גלויבען; בלויז אייניגע איז גע־לונגען צו אנטלויפען.

די אנטלאָפענע פון שפּאַניען זיינען אוועק אין דעם שכני'שען פּאָרטוגאַל. די אידען האָבען שוין לאַנג געלעבט אין פּאָרטוגאַל רוהיג, העלפענדיג אין דער קאָמערציעלער ענטוויקלונג פון דיזען האַנדעלס־לאַנד. דאָ האָבען זיי געהאַט פרייע קהילות, בראש פון וועלכע עס איז געשטאַנען אַן אויבער־רב, וועלכער איז בעזעסען א גרויסע מאַכט. אויך דאָ האָבען אין דעם קעניגליכען הויף אָפט זיך אויסגעצייכענט אידישע מיניסטאָרען און ראַטגעבער. נאָך דער סעווילער הריגה אין 1391 האָבען א סך אידישע אנטלאָפענע פון שפּאַניען געפונען שוץ אין פּאָרטוגאַל; די וואָס זיינען מיט גוואַלד גע'שמד'ט געוואָרען האָבען דאָ אָנגעהויבען פראַנק און פריי צו היטען זייער פריהערינגען גלויבען. פאַר דיזען אָבטרעטען פון קאַ־טאָליציזם האָט זיי געשראָקען א שווערע שטראָף. נאָר דער אויבער־רב פון פּאָרטוגאַל, ר' משה נאַווארא, וועלכער איז אויך געווען דעם קעניג'ס לייב־דאָקטאָר, האָט פאַרהיט פון אַן אומגליק. ער האָט פאָרגעבראַכט פאַר'ן קעניג צוויי בוללאָס פון דעם פּאַבסט, וועלכע האָבען פאַרבאָטען צו שמד'ן אידען מיט גוואַלד. דאַן האָט דער קעניג ארויסגעלאָזט א בעפעהל (1392), אז קיינער זאָל ניט אָנריהרען א אידען וואָס איז גע'שמד'ט געוואָרען מיט גוואַלד און וואָס האָט זיך אומגעקערט צוריק צו זיין גלויבען; ער האָט אויך בעפעהלען אז מען זאָל איבעראַל בעקאַנט מאַכען דעם אינ־האַלט פון דעם פּאַבסט'ס בוללאָס. אויסער פּאָרטוגאַל האָבען א סך

שפאנישע אידען אויסגעוואנדערט אין די מאחמעדאנישע לענדער פון צפון־אפריקא און האבען דארט אויף דאס ניי געגרינדעט גרויסע קהילות (אזוי ווי אמאל, אין די צייטען פון רמב״ם).

צווישען די בעריהמטע אידישע מענער, וואס האבען געליטען פון די פאגראמען אין יאהר 1391 איז געווען דער בעוואוסטער פילאזאף ר׳ חסדאי קרשקש, פון בארצעלאנא. ר׳ קרשקש׳ם זוהן איז געשטארבען על קידוש השם און דער אומגליקליכער פאטער האט וועגען דעם רוהיג געשריבען: „מיין זוהן האב איך אבגעגעבען צו גאט אזוי ווי א קרבן עולה. איך בין מקבל באהבה גאט׳ס משפט און איך טרייסט זיך דערמיט וואס אזא גליק איז אויסגעפאלען אויף זיין גורל״. די שטירמישע צייט האט ניט געשטערט ר׳ קרשקש צו פערטיעפען זיך אין זיינע רעליגיעזע און פילאזאפישע שטודיען, נאר זי האט ארויפגעלעגט אויף זיי איהר שטעמפעל. אנדערש ווי דער רמב״ם, האט ר׳ קרשקש געלערנט אז דער פערשטאנד דארף אבטרעטען דעם גלויבען, און ניט פארקערט. פון משה׳ס צוויי געבאטען „דע את ד׳״ (זאלסט ווי סען גאט) און „ואהבת את ד׳ אלהיך״ (זאלסט ליעבען דיין גאט) האלט ער דאס צווייטע פאר וויכטיגער. אין זיין ספר „אור ד׳״ זאגט ער ארויס געדאנקען וואס זיינען געגען דעם רמב״מ׳ס. אין דעם זעלבען וועג איז געגאנגען א אינגערער דענקער פון יענער צייט, ר׳ יוסף אלבו (געשטארבען 1444), וועלכער האט פערפאסט א וויכטיגען ספר „העקרים״. דער מחבר פיהרט־צו די דרייצעהן עיקרים פון דעם רמב״ם צו דריי וויכטיגסטע: גאט׳ס וועזען, אז די תורה איז מן השמים און תחית המתים.

§29. **די אנוסים.** די געשעהענישען פון יאהר 1391 האבען איבערגעלאזט נאך זיך טיעפע שפורען אין דעם לעבען פון די שפאנישע אידען. זעהר גרויס איז געווען די צאל פון די יעניגע, וועלכע האבען אין דיזען שרעקליכען יאהר, אונטער דער מורא פון טויט, אנגענומען דאס קריסטענטום. דיזע מענשען האבען געגלויבט אז ווען די געפאהר וועט אריבער וועלען זיי מעגען זיך אומקערען צוריק צום גלויבען פון זייערע אבות. אבער זיי האבען געמאכט א טעות. אפען צו היטען זייער אלטען גלויבען האבען

נעקענט נאָר יענע פון די גע׳שמד׳טע, וועלכע זיינען אנטלאָפען אין אנדערע לענדער. אָבער די אַלע „ניי־קריסטען", וועלכע זיינען געבליבען אין שפּאַניען האָבען זיך געפונען אונטער דעם שטרענגען בליק פון די קאַטוילישע גלחים. זיי האָבען געקענט בלויז בעהאַל־טענערהייד אָבהיטען די צערעמאָניעס פון דער אידישער אמונה, אָבער עפענטליך זיינען זיי געגאַנגען אין קירכע און האָבען זיך געהאַלטען פאַר קאַטאָליקען. אָט דיזע צוויי־פּנימ׳דיגקייט האָט זיי פאַר׳סמ׳ט דאָס לעבען. די אידען האָבען גערופען אַזעלכע מענשען „אנוסים" (געצוואונגענע), און די שפּאַניער האָבען זיי גערופען ניי־קריסטען אָדער „מאַראַנען", ד. ה. פערשטויסענע.

די צאָל פון די מאַראַנען אין שפּאַניען איז אַלץ געוואַקסען. ערמוטיגט פון זייער ערשטען ערפאָלג האָבען די קאַטוילישע גלחים ערפונדען אַלץ נייע מינים מיטעל צו צווינגען די אידען צום שמד. דערין האָבען די מאָנאַכען געהאָלפען אַזעלכע אידען, וועלכע פלעגען, צוליעב אייגענע נוצען, פערראַטען זייער פאָלק און זיך שטעלען אויף דער זייט פון זיינע פריינד. א געוועזענער תּלמודיסט שלמה הלוי, וועלכער האָט זיך גע׳שמד׳ט און אָנגענומען דעם נאָמען פּאָול האָט זיך ענדליך דערדיענט צום טיטעל בישאָף אין בור־גאָסא און איז געוואָרען דער ערציהער פון דעם קאַסטילישען קרוינ־פּרינץ. זייענדיג דער ליעבלינג פון דעם פּאַבסט האָט פּאָול שטענדיג געזוכט צו געפעהלען זיינע קירכליכע אויבערהאַרען און ברענגען וואָס מעהר אידען צום קריסטענטום. ער האָט געפּרעדיגט, אין וואָרט און שריפט, געגען די „פאַרפיהרערישע" רבנים און האָט געוויזען די מעלות פון קריסטענטום איבער׳ן יודענטום. אין דער זעלבער צייט זיינען איבער׳ן לאַנד ארומגעפאָהרען די דאָמיניקאַ־נישע מאָנאַכען, פלעגען זיך אריינרייסען מיט צלמים אין די הענד אין די שוהלען און פלעגען שטרענג פאָדערען אז די אידען זאָלען אָננעהמען דאָס קריסטענטום; און טאַקע אויפ׳ן פּלאַץ איז גע־שטאַנען א מאַסע קאַטאָליקען, כדי אָנצופאַלען אויף די אידען ביים ערשטען סיגנאַל. אונטער דיזע שרעקליכע מעטאָדען האָבען טוי־זענדער אידען אָנגענומען דאָס קריסטענטום, פאַרגרעסערענדיג אויף אזא אופן די צאָל פון די אנוסים.

אין יאָהר 1412 האָט פּאַבסט בענעדיקט דער 3טער ארויסגע־

שיקט צו די וויכטיגערע שפּאַנישע רבנים אַן איינלאַדונג צו קומען קיין טאָרטאָזאַ צו האָבען אַ וכוח מיט פאָרשטעהער פון דער קירכע; פאַר ניט קומען צו דער בעשטימטער צייט איז בעשטימט געוואָרען אַ שטרענגע שטראָף. די רבנים האָבען געמוזט פאָלגען. קיין טאָר־טאָזאַ זיינען אָנגעקומען 22 פאָרשטעהער פון אידישע געמיינדען; צווישען זיי זיינען געווען בעריהמטע רבנים, דאָקטוירים און פילאָ־זאָפען, דארונטער ר׳ יוסף אלבו, דער מחבר פון דעם ספר וועגען די עיקרים פון יודענטום, „העקרים". די פאָרשטעהער פון דער קירכע זיינען געווען: דער פּאַבסט בענעדיקט זעלבסט, אַ סך בי־שאָפען און דער משומד יהודה לאָרקי (קאַטוילישער נאָמען: הע־ראנימאָ דע סאנטאַ־פע). דער דיספּוט, וועלכער האָט זיך אָנגע־הויבען אין פעברואַר 1413 איז פאָרגעקומען אין 69 זיצונגען און האָט געדויערט אַ יאָהר מיט זעקס חדשים. יעדער צד האָט מיט בעגייסטערונג בעוויזען די ריכטיגקייט פון זיין אמונה; נאָר אין דער צייט וואָס די אידען האָבען גערעדט רייזען פאָרזיכטיג און איינגעהאַלטען, האָבען די קאַטאָליקען זיך ערלויבט צו מאַכען בע־ליידיגענדע אַטאַקען אויפ׳ן יודענטום און זאָגאַר שרעקען. מען קען ניט וויסען מיט וואָס דיזער דיספּוט וואָלט זיך געווען ענדיגען ווען אַ קירכליכע אסיפה, וואָס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין קאָנ־סטאַנצאַ, זאָל ניט געווען אַרונטערזעצען בענעדיקט און אויס־קלייבען אַן אַנדער פּאַבסט אויף זיין אָרט

אַ סך יאָהרען האָבען די שפּאַנישע גלחים געאַרבייט שווער צו בעקערען וואָס מעהר אידען צום קאַטאָליציזם; נאָר ווען זיי האָבען שוין דערגרייכט זייער ציעל האָבען זיי איינגעזעהן, אַז עס איז נאָך שווערער איינצוהאַלטען די בעקערטע צו דער אמונה, וואָס איז זיי אָנגעבונדען געוואָרען. אין שפּאַניען האָבען זיך געפונען צעהנד־ליגע טויזענדע מאַראַנען. אַ סך פון זיי האָבען זיך משדך געווען מיט דעם שפּאַנישען אָדעל און זיינען געשטאַנען נאָהנט צום קע־ניגליכען הויף. עס זיינען געווען אַ רעכטע צאָל מיניסטאָרען, קריעגספיהרער און בישאָפען פון צווישען די אנוסים, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט פעהיגקייט און בילדונג. אַ טייל פון זיי האָבען זיךווירקליך צוזאַמענגעגאָסען מיט די אמת׳ע שפּאַניער און האָבען זיך ענטזאָגט פון זייער פאָלק. נאָר די מעהרסטע מאַ־

ראנגען האָבען אין דער שטיל אָבגעהיט דאָס יודענטום. די עלטערען פלעגען לערנען זייערע קינדער די אידישע אמונה און איינגעפלאנצט אין זייערע הערצער אַ ליעבע צו זייער געיאָגטען פאָלק. דאָס אַלץ איז ניט געווען קיין סוד פאַר די גלחים, וועלכע זיינען געווען שטארק אויפגעבראכט דערפאַר. די גייסטליכע פלעגען אין זייערע דרשות העצען דאָס פאָלק געגען די וואָס טרעטען אָב פון דער קאטוילישער אמונה. איינמאָל איז אין קאָרדאָווא געגאנגען אַ רעליגיעזע פראָ־צעסיע איבער די גאַסען. די מאַראַנען האָבען פאַרמאַכט די פענ־סטער פון זייערע הייזער און האָבען זיי ניט אויסגעפוצט. דאָס האָט שטארק אויפגערעגט די קריסטען. פלוצלונג האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג אַז פון אַ פענסטער פון אַ מאַראַנישען הויז, וואו די פראָ־צעסיע איז פערביינגעגאנגען, האָט אַ מיידעלע אויסגעגאָסען עפּעס אַן אומרייגע פליסיגקייט, וואָס איז געפאַלען אויף דעם בילד פון דער געטליכער מוטער. די מאַסע איז שרעקליך אויפגעבראכט געוואָרען. אונטער דער פיהרערשאפט פון אַ שמיעד האָט זיך דער המון אַ לאָז געטהאָן מיט ברענענדיגע פאַקעלען אויף די הייזער פון די מאַראַנען און האָט געצונדען, געראַבעט און געמאָרדעט, גע־שענדעט פרויען, און ניט געשוינט אפילו קיין קינדער. די פינסטערע מאַסע האָט געבושעוועט דריי טעג. אַ גרויסע צאָל מאַראַנען איז דעמאָלט אומגעקומען אין קאָרדאָווא און אין די ארומיגע שטעדט (1473).

§30. די אינקוויזיציע; טאָרקוועמאַדאַ. אַן ענטשיידענ־דער קאמפף געגען די מאַראַנען און אידען האָט זיך אָנגעהויבען פון יענער צייט, ווען אראַגאָניען און קאסטיליען האָבען זיך פאַראייניגט אין איין מלוכה, דורך דער חתונה פון אראַגאָנישען קעניג פערדי־נאַנד מיט דער קאסטילישער קעניגין איזאַבעל (1474). דיזער בונד האָט געדאַרפט באַשאַפען אַן איינציגעס און שטאַרקעס קעניגרייך. נאָר דאָס קעניגליכע פּאָר, וועלכעס האָט זיך געפונען אינגאנצען אונטער'ן איינפלוס פון די גייסטליכע, האָבען אריינגעטראָגען אין דער רעגירונג אַ געפעהרליכען אָנפאַנג פון אונטאָלעראַנץ צו אַנ־דערע גלויבענס—אַ זאַך וועלכע האָט שפּעטער אראָבגעבראכט שפאַ־ניען פון איהר גדולה. די פרומע איזאַבעל האָט נאָך אין דער יוגענד צוגעזאָגט איהר גלח, אַז ווען זי וועט ארויפגעהן אויפ'ן טראָהן

וועט זי ווידמען אלע איהרע קרעפטען אויסצוואָרצלען די „אונ־גלויביגע". באלד נאך זייער חתונה האט דאָס קעניגליכע פּאָר זיך געווענדט אין רוים מיט'ן פאָרשלאג עס זאל געגרינדעט ווערען אין שפּאניען א בעזונדער געריכט פון דער קירכע, וואָס זיין אויפגאבע זאָל זיין אויסצוזוכען און בעשטראָפען אלע קריסטען, וועלכע ווערען פערדעכטיגט אין פריידענקעריי, און דערביי האָט מען דער עיקר אין זינען געהאט די מאראַנען. פּאבסט סיקסטוס דער 4טער האָט געגעבען זיין הסכמה אויף אזא געריכט, וועלכעס זאָל הייסען —די הייליגע אינקוויזיציע. דאָס ערשטע געריכט איז געעפענט געוואָרען אין סעווילא (1480); די ריכטער זיינען געווען דאָמיני־קאנישע מאָנאכען און איין פאָרשטעהער פון דעם קעניג. עס האָבען זיך אָנגעהויבען ארעסטען פון מאראַנען, וועלכע מען האָט חושד געווען אז זיי זיינען געצייגט צום יודענטום. די קריסטען זיינען שטרענג פארזאָגט געוואָרען זיי זאָלען דערטראָגען דער אינקווי־זיציע אויף יעדען מאראַנא, וועלכען זיי וועלען בעמערקען ניט נאָר אז ער היט אָב די וויכטיגערע אידישע צערעמאָניעס, נאָר אפילו אזעלכע קליינינקייטען ווי טראָגען יום־טוב'דיגע קליידער אָדער עסען בעסערע מאכלים אום שבת, שטעהן מיט'ן פּנים צום מזרח אין צייט פון תפילה א. א. וו. די מסירות זיינען אָנגענומען געוואָרען פון יעדען איינעם אויפ'ן וואָרט. אין גיכען זיינען די געפענגניסען פון סעווילא איבערפילט געוואָרען מיט אָרעסטירטע מאראַנען. די אומגליקליכע פלעגט מען שרעקליך פייניגען כדי צו צווינגען זיי זיך מודה צו זיין אז זיי בעלאנגען אין געהיים צום יודענטום, זיי אליין ווי אויך זייערע קרובים און פריינד. הינטער'ן שטאָדט איז בעשטימט געוואָרען א ברייטער פּלאַץ, וואו מען פלעגט הינריכטען די יעניגע, וואָס די אינקוויזיציע האָט פאר'משפּט. דעם 6טען יא־נואר 1481 איז פאָרגעקומען, ביי פייערליכע קירכליכע צערעמאָניעס, דער ערשטער אויטאָ־דאַ־פע („נצחון פון דער אמונה") אין סע־ווילא. זעקס מאראַנען זיינען פארברענט געוואָרען אויפ'ן שייטער־הויפען. אין עטליכע טעג אַרום איז הינגעריכט געוואָרען די צווייטע גרופּע מאראַנען, און דערנאך זיינען די הינריכטונגען געוואָרען אָפטער. ביז נאָוועמבער פון זעלבען יאָהר, ד. ה. פאר צעהן חדשים, האָט די אינקוויזיציע פארברענט אין סעווילא אליין ביז 300

מאַראַנען. פיעלע פון זיי זיינען געשטאָרבען ווי חעלדען, ניט אָב־לייקענדיג זייער יודענטום ביז דער לעצטער מינוט. דאָס אייגענ־טום פון די הינגעריכטעטע פלעגט אוועקגעהן אין דער קעניגליכער קאַסע, און דעריבער איז צו ברענען די מאַראַנען געווען ניט נאָר אַ פרומע טהאַט נאָר אויך אַ נוצליכע און אַן איינטרעגליכע. וואָס מעהר רייכע אפיקורסים עס זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען, אַלץ פולער איז געוואָרען די קאַסע פון דעם גייציגען פערדינאַנד.

די אכזריות׳ן פון דעם סעווילער געריכט האָבען אָנגעצונדען דעם גייסט פון די מאַראַנען און זיי געמאַכט נאָך שטאַרקער זיך צובינדען צו זייער רעליגיאָן, פאַר וועלכער זיי איז געקומען צו ליידען אַזוי פיעל. אַ סך זיינען אַנטלאָפען אין אַפריקאַ און אַנדערע לענדער, וואו זיי האָבען געקענט אָפען האַלטען זייער אמונה; די וואָס זיינען געבליבען אין שפּאַנען האָבען אָנגעהויבען זיך מעהר מתקרב צו זיין מיט די אידען, זייערע ברידער אין גלויבען און ליידען. ניט קוקענדיג אויף דער שרעקענדער געפאַהר, פלעגען זיי אָבהאַלטען געהיימע פערזאַמלונגען, וואו זיי פלעגען צוזאַמען דאַווענען, פּראַווען פסח די סדרים און אָבהיטען אַנדערע אידישע צערעמאָניעס; אין דעם זעלבען גייסט פון זעלבסט־אויפאָפּפערונג פאַר דער אמונה פלעגען זיי ערציהען זייערע קינדער. דאָס אַלץ האָט ניט געקענט בלייבען בעהאַלטען פון דער שאַרפער אויג פון דער אינקוויזיציע. זי האָט זיך איצט גענומען צו די אידען, אַלס די יעניגע וואָס העלפען די מאַראַנען אוועקצוגעהן פון קריסטענטום. אין יענער צייט איז פאַר גרויס־אינקוויזיטאָר אין שפּאַניען בע־שטימט געוואָרען דער קעניגינ׳ס גלח טאָמאַס טאָרקוועמאַדאַ, אַ וויל־דע חיה אין מענשען־געשטאַלט (1483). טאָרקוועמאַדאַ האָט צוגעגע־בען צו דער אינקוויזיציע יענע ווילד־אויסגעקלערטע פאָרמען וועלכע זיינען געוואָרען דער שרעק פון יענער צייט און פון די קומענדיגע דורות. די „געזעצען פון דער אינקוויזיציע”, וועלכע ער האָט אויס־געאַרבייט זיינען געווען אַ חיטרע־אויסגעוועבטע נעץ צו פאַנגען די אפיקורסים. ווער עס איז אַריינגעפאַלען אין דיזער נעץ איז שוין ניט אַרויסגעקומען קיין לעבעדיגער. דאָרט וואו עס זיינען ניט געווען קיין עדות אָדער געגנוג בעווייז צו פאַר׳משפּט׳ן דעם בעשולדיגטען איז זיין שיקזאַל בעשטימט געוואָרען דורך פייניגונגען.



די פייניגונגען פון דער אינקוויזיציע.

אונטער די פּייניגונגען האָט דער אומגליקליכער געזאָגט אַלץ, וואָס די אינקוויזיטאָרען האָבען געדאַרפט, אָפּט פלעגט ער אויך אַרויס־געבען זיינע פריינד, אַזוי אַז יעדע אויספאָרשונג האָט געבראַכט מיט זיך אַ גאַנצע רייהע נייע אונטערזוכונגען, אַרעסטען און פּראָ־צעסען.

אויסער סעווילא זיינען געעפענט געוואָרען אינקוויזיציאָנס־געריכטען אויך אין אַנדערע ערטער. פאַר הויפּט־אינקוויזיטאָר פון אַראַגאָניען איז בעשטימט געוואָרען דער גלח אַרבועס. נאָכטהוענ־דיג דעם ביישפּיעל פון זיין אויבערהאַר טאָרקוועמאַדא האָט אַרבועס אַזוי געבושעוועט אַנטקעגען די מאַראַנען אין סאַראַגאָסא און איהר סביבה, אַז ער האָט געבראַכט אַ ביטערען סוף אויף זיך אַליין אויך. אייניגע רייכע און אַנגעזעהענע מאַראַנען האָבען געמאַכט אַ פאַרשווערונג צו טויטען דעם ווילדען אינקוויזיטאָר. ווען איינ־מאָל אַ פאַרטאָג איז אַרבועס געקומען אין אַ קירכע צו זיין מאָרגען־געבעט, האָבען דריי פון די פאַרשווערער זיך אַריינגעמאַכט אַהין נאָך איהם און האָבען איהם דערשטאָכען מיט קינזשאַלען אין יענעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניה פאַר׳ן אַלטאַר מתפּלל צו זיין (1485). דיזע פאַרשווערונג האָט נאָר געפיהרט דערצו, אַז די אינקוויזיציע איז פאַרשטאַרקט געוואָרען. די פאַרשווערער האָבען געקראָגען אַן אונמענשליכע שטראָף. די אַרעסטען פון מאַראַנען זיינען געוואָרען אָפטער. „אין גאַנץ שפּאַ־ניען און איהרע אינזלען — שרייבט ר׳ יצחק אַראַמאַ פון יענער צייט — טראָגט זיך ביז׳ן הימעל דער רויך פון די שייטערהויפענס, אויף וועלכע מען ברענט די אנוסים. אַ דריטעל פון זיי איז שוין אומגעקומען אין פייער, אַ דריטעל איז זיך צולאָפען, וואָגעלט זיך און בעהאַלט זיך אויס אין פערשיידענע ערטער, און אַ דריטעל לעבט אין גרויס שרעק און ציטערניש״.

אָבער טאָרקוועמאַדא האָט נאָך פונדעסטוועגען ניט גערעכענט זיין ציעל פאַר דערגרייכט. ער האָט געברענט די אנוסים, אָבער ער האָט ניט געקענט בעוועגען די איבערגעבליבענע צו ליעבען דאָס קריסטענטום. דאַן האָט ער גענומען איינרעדען איזאַבעל און פער־דינאַנד אַז די שולד ליגט אין די אידען, וועלכע העלפען אויס אויף אַלערליי אופנים די מאַראַנען זיך צו דערווייטערען פון דער

קירכע. אויפ'ן בעפעהל פון די הערשער האָט מען איינגעשטעלט די שטרענגסטע אויפזיכט, כדי צו שטערען דעם פארקער צווישען די אידען און די מאַראַנען. אויסערדעם האָט מען גענען די אידען זיך גענומען גרייטען בעזונדערע מיטעל, וועלכע האָבען שנעל גע־בראַכט צו די שרעקליכסטע רעזולטאַטען.

§31. **דער גירוש פון שפאַניען און פאָרטוגאַל.** אין יענער צייט האָבען די שפאַניער געפיהרט אַ ביטערע מלחמה מיט די מורען, וועמעס קעניגרייך עס האָט זיך געפונען אין דרום־זייט פון דעם פירענעאישען האַלב־אינזעל. פערדינאַנד און איזאַבעל האָבען זיך אָוועקגעשטעלט אַלס ציעל צו פארניכטען די לעצטע שפורען פון דער אַראַבישער הערשאַפט אין שפאַניען און פער־וואַנדלען דעם גאַנצען האַלב־אינזעל אין איין קריסטליכען קעניג־רייך. דיזער ציעל איז דערגרייכט געוואָרען אין אָנהויב פון יאָהר 1492, ווען דאָס שפאַנישע חיל האָט גענומען מיט שטורם גראַ־נאַדאַ, די הויפּטשטאָדט פון די מורען. די שפאַניער האָבען גע־פייערט זייער נצחון: זיי האָבען זיך געפרעהט וואָס נאָך אַ קאַמפּף פון אַכט הונדערט יאָהר האָט די מאַהמעדאַנישע הערשאַפט אין שפאַניען געמוזט אינגאַנצען מאַכען פּלאַץ פאַר דער קריסטליכער. דיזע בעגייסטערונג פון פאָלק האָט טאָרקוועמאַדאַ אויסגענוצט, כדי צו פאַרווירקליכען זיינע גרויזאַמע פּלענער געגען די אידען. ער האָט איבערצייגט דעם קעניג און די קעניגין אַז די אידען זיינען ניט קיין קלענערע אומגליק פאַר שפאַניען ווי די מורען; אַז די שכנה'שאַפט פון די אידען איז העכסט געפעהרליך פאַר די קריס־טען, און דערהויפּט פאַר די מאַראַנען, וועלכע זיי פיהרען גאָר אַראָב פון גלייכען וועג, און, ענדליך, אַז מיט אַרויסטרייבען אַלע „אונגלויביגע" פון שפאַניען וועלען זיי, די הערשער, אַם בעסטען אָבדאַנקען גאָט פאַר דעם נצחון איבער די מורען. טאָרקווע־מאַדאָ'ס רייד האָבען געווירקט אויפ'ן פרומען קעניגליכען פּאָר, און ווען זיי זיינען נאָך געווען אין גראַנאַדאַ האָבען זיי אַרויס־געגעבען אַ בעפעהל, אַז אַלע אידען, וואָס ווילען ניט אָננעהמען דאָס קריסטענטום, זאָלען אין פערלויף פון פיער חדשים צייט פער־לאָזען גאַנץ שפאַניען (31טען מערץ 1492). די אַרויסגעטריבענע האָבען געמעגט נעהמען מיט זיך זייער אייגענטום אויסער גאָלד,

זילבער און אַנדערע טייערע זאַכען, וועלכע עס איז געוועזען פאַר־באָטען אַרויסצופיהרען פון לאַנד.

דיזע אומגעריכטע גזרה האָט געטראָפען די אידען ווי אַ דונער פון קלאָרען הימעל. די מעהר איינפלוסרייכע פון זיי האָבען בע־שלאָסען זיך משתדל צו זיין, אַז די גזרה זאָל אָבגעשאַפט ווערען. אין יענער צייט האָט אין שפאַניען געלעבט דער אידישער געלערטער און שר דאָן יצחק אברבנאל (1437—1509), וועלכער האָט גע־פיהרט זיין יחוס פון דוד המלך אָן. זיינע יונגע יאָהרען האָט דער אברבנאל פאַרבראַכט אין ליסאַבאָן, די הויפּטשטאָדט פון פּאָרטוגאַל. וואו עס האָט זיך געלעבט די אידען גרינגער ווי אין שפּאַניען. אַ דאַנק זיין ברייטער לומדות און הויכער וועלטליכער בילדונג האָט ער פאַרנומען אַ חשוב'ן אָרט סיי אין דער אידישער סיי אין דער קריסטליכער געזעלשאַפט. זייענדיג אַ פיעלזייטיגער געלערטער, פילאָזאָף און פרומער מענש, און דערצו אַן אַריסטאָקראַט אין זיינע מאַניערען, פלעגט דער אברבנאל מאַכען אויף אַלעמען אַ בעצוי־בערנדען איינדרוק. דער פּאָרטוגעזישער קעניג אַלפאַנזאָ דער 5טער האָט איהם געמאַכט פאַר'ן מיניסטער פון זיינע פינאַנסען; נאָר אַז דיזער קעניג איז געשטאָרבען האָט דאָן יצחק אברבנאל געמוזט פאַרלאָזען ליסאַבאָן, ווייל זיינע שונאים אין הויף האָבען שטאַרק געגראָבען אויף איהם, און ער האָט זיך בעזעצט אין קאַסטיליען. דאָ האָט ער געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון פערדי־נאַנד און איזאַבעל. צוליעב דער פאַרצוייגענער מלחמה מיט די מורען האָבען דער קעניג און די קעניגין זיך שטאַרק גענויטיגט אין אַ פעהיגען מיניסטער, וועלכער זאָל קענען פאַרגרעסערען די הכנסות פון דער מלוכה און פאַרהיטען דאָס לאַנד פון פאַראָרימט ווערען. די ביטערע נויט האָט געצוואונגען דעם קעניג און די קעניגין (נעגען דעם געזעץ פון דער קירכע אַז אידען טאָרען ניט פאַרנעהמען קיין רעגירונגס־שטעלע) צו רופען אברבנאל צו פער־וואַלטען די פינאַנסען פון לאַנד. אַכט יאָהר האָט דער אברבנאל פאַרנומען דיזען אַמט און האָט ניט ווייניג נוצען געבראַכט דער רעגירונג. פונדעסטוועגען האָט אפילו ער, מיט זיין גאַנצען איינ־פלוס אויף דער רעגירונג, גאָרניט געקענט טהאָן צו אָבווענדען

דעם שווערען קלאפּ, וואָס איז אַרונטערגעלאָזט געוואָרען אויפ'ן קאָפּ
פון די אידען אין יאָהר 1492.

אַזוי שנעל ווי עס איז אַרויס די גזרה אַרויסצוטרייבען די
אידען פון שפּאַניען איז דער אַברבנאל, בעגלייט פון די חשוב'סטע
פאָרשטעהער פון דער אידישער קהילה, באַלד אַוועק צום קעניג
און דער קעניגין און מיט טרעהרען געבעטען זיי זאָלען צוריקרו־
פען זייער בעשלוס. ווייסענדיג, אַז אין אַרויסגעבען דיזע גזרה איז
דער קעניג ניט אַזוי בעהערשט געווען פון דער רעליגיעזער קנאות
ווי פון דעם פערלאַנג צו בערייכערען זיך מיט דעם פערמעגען
פון די אַרויסגעטריבענע, האָבען די אידישע פאָרשטעהער איהם
פאָרגעלעגט אויסקויף־געלט, דרייסיג טויזענד דוקאַטען. פערדינאַנד
איז שוין געווען גענייגט נאָכצוגעבען די בקשות פון די אידען. דאַן
האָט זיך פּלוצלינג אין פּאַלאַץ אַריינגעריסען דער גרויס־אינקוויזי־
טאָר, טאָרקוועמאַדאָ, מיט אַ צלם אין די הענד און ווענדענדיג זיך
צו דעם קעניגליכען פּאָר־פּאָלק האָט ער אויסגעשריען: „יהודה
האָט פאַרקויפט קריסטוס'ן פאַר דרייסיג זילבערשטיק, און איהר
וועט איהם פאַרקויפען פאַר דרייסיג טויזענד! אָט איז ער: נעהמט
און פאַרקויפט איהם". און מיט די ווערטער האָט טאָרקוועמאַדאָ
אַנידערגעשטעלט דעם צלם און איז געשווינד אַרויסגעלאָפען פון
פּאַלאַץ. די דאָזיגע סצענע האָט געמאַכט אַ צוטרייסלענדען איינ־
דרוק, איבערהויפּט אויף דער קעניגין איזאַבעל. די אידישע שלוחים
האָבען געקראָגען אַן ענדגילטיגען אָבזאָג. אין סוף פון מאָנאַט
אַפּריל האָבען אָנזאָגערס מיט טרומייטען אויסגערופען אין גאַנצען
לאַנד, אַז עס ווערט די אידען געגעבען צייט ביז יולי צו ענדיגען
זייערע געשעפטען און פערלאָזען שפּאַניען. ווער פון זיי עס וועט זיך
געפינען אויף שפּאַנישער ערד נאָך דיזען טערמין, וועט בעשטראָפט
ווערען מיט'ן טויט, אויב ער וועט ניט מסכים זיין זיך צו שמד'ן.

די לאַגע פון די שפּאַנישע אידען איז געווען אַ געפעהרליכע.
הונדערטע טויזענדע מענשען האָבען געדאַרפט אוועקוואַרפען דאָס
לאַנד, וועלכעס זיי האָבען שטאַרק געליעבט אַלס זייער פאָטערלאַנד,
וואו זייערע עלטערען האָבען געלעבט נאָך פון דער צייט פון דער
רוימישער הערשאַפט, איידער דאָס קריסטענטום איז געבאָרען גע־
וואָרען. דיזער אומגליקליכער גירוש האָט געמיינט פאַלשטענדיגע

רואינע פֿאַר די אַרויסגעטריבענע. צו פֿאַרקויפֿען זייער אונבעוועג־
ליכען אייגענטום איז זיי געגעבען געוואָרען זעהר אַ קורצע צייט.
זיי האָבען געמוזט אַלץ פֿאַרקויפֿען האַלב אומזיסט. אַ שעהן הויז
איז אויסגעביטען געוואָרען אויף אַן עזעל, אַ פּראַכטפֿולער גאָרטען
— אויף עטליכע איילען צייג. דער גרעסטער טייל הייזער איז איב־
גאַנצען געבליבען ניט פֿאַרקויפֿט. אונטערדעסען האָבען די דאָמי־
ניקאַנישע מאָנאַכען, זעהענדיג די פֿאַרצווייפֿלונג פֿון די אידען, פֿלייַ־
סיג צוגערעדט זיי זאָלען זיך שמד'ן און אויף אַזאַ אופֿן זיך ראַטע־
ווען פֿון חורבן און נע־ונד זיין. בלויז ווייניגע האָבען זיך געלאָזט
איינרעדען דורך די זיסע רייד פֿון די מאָנאַכען; אַלע איבעריגע
האָבען בעשלאָסען צו אָפּפֿערען אַלץ פֿאַר זייער הייליגען גלויבען.
אין דעם בעריהמטען טאָג תשעה־באב — דער טאָג אין וועלכען
דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען — זיינען די אידען אַרויס פֿון
שפּאַניען (2טען אויגוסט 1492). די צאָל פֿון די אַרויסגעטריבענע
האָט דערגרייכט ביז דריי הונדערט טויזענד מענער און פֿרויען,
אַלטע לייט און קינדער. פֿאַר'ן אַוועקגעהן האָבען זיי זיך געזעגענט
מיט די קברים פֿון זייערע עלטערען. גאַנצע דריי טעג זיינען טויזענ־
דע אידען, געלעגען אויף די טייערע קברים, מאַכענדיג זיי נאַס מיט
זייערע טרעהרען. אפילו די קריסטען האָבען ניט געקענט קוקען אָהן
טרעהרען אויף דיזע האַרצרייסענדע סצענעס. אַ סך פֿאַרטריבענע
האָבען מיטגענומען די מצבות, אָדער האָבען זיי געגעבען בשתיקה
צו בעהאַלטען צו די מאַראַנען, וועלכע זיי האָבען מיט שמערץ אין
האַרצען איבערגעלאָזט אין לאַנד פֿון דער אינקוויזיציע. די אומגליק־
ליכע אַרויסגעטריבענע זיינען געגאַנגען וואוהין די אויגען האָבען זיי
געטראָגען, אַ סך זיינען אַוועק מיט'ן ים קיין איטאַליען, טערקיי
און צפֿון־אַפֿריקאַ; דאָן יצחק אברבנאל, בראש פֿון אַ גרופּע אויס־
וואַנדערער, איז אַוועק קיין נעאַפּאָל; אַ בעדייטענדער טייל האָט זיך
אַוועקגעלאָזט קיין פּאָרטוגאַל. די ליידען פֿון די אומגליקליכע, וועל־
כע האָבען זיך אַוועקגעלאָזט אין דעם וויטען וועג, זיינען געווען
אונבעשרייבליך: הונגער, קראַנקהייט און טויט האָבען בעגלייט
די אויסוואַנדערער אויף טריט און שריט. — אַרויסטרייבענדיג אַזוי
אונבאַרמהערציג דריי הונדערט טויזענד געבילדעטע און אַרבייטס־
זאַמע בירגער האָט שפּאַניען איינגעפֿיהרט ביי זיך איין איינהייטלי־



אידישע שוהל אין טאָלעדאָ, שפּאַניען, פערוואַנדעלט אין אַ קלויסטער נאָכ'ן גירוש.

כע אמונה, נאָר אין דער זעלבער צייט האָט זי געלעגט דעם אָנהויב פון איהר געזעלשאַפטליכער ירידה. אין די אידען האָט שפּאַניען פאַרלאָרען איהר מהעטיגען האנדעלס־קלאַס, וועלכער האָט געהאָלפען צו ענטוויקלען די נאַטור־רייכטימער פון לאַנד. שפּאַניען איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ לאַנד פון קריעגערישע ריטער און פאַנאַטישע מאָנאַכען, וועלכע האָבען זי שפּעטער געבראַכט צו אַ פאָלשטענדיגען חורבן.

די אידען וואָס זיינען אַנטלאָפען קיין פּאָרטוגאַל (איבער הונדערט טויזענד) האָבען פון אָנפאַנג געקראָגען פון דאָרטיגען קעניג אַן ערלויבניש צו בלייבען אין לאַנד אַ באַשטימטע צייט. אָבער ווען דער טערמין האָט זיך געענדיגט האָט מען זיי אָנגעהויבען פון דאָרט אויך צו טרייבען אָהן רחמנות; יונגע קינדער פלעגט מען צונעהמען פון זייערע עלטערען און זיי שמד׳ן מיט גוואַלד; די גרויסע האָט מען געמאַכט פאַר קנעכט. נאָך פינף יאָהר רדיפות האָט מען די אידען אין גאַנצען פאַרטריבען פון פּאָרטוגאַל אויך (1498). די וואַנדערער האָבען זיך געלאָזט אין צפון־אַפריקא, איטאַליען און טערקיי. צווישען זיי האָט זיך געפונען דער באַריהמטער אַסטראָנאָם און היסטאָריקער אברהם זכותאָ (זאַקוטאָ), דער מחבר פון היסטאָרישען ספר „יוחסין". ניט אַלע אויסוואַנדערער האָבען דערגרייכט צו אַ פרידליכען האַפען. אַ סך זיינען אומגעקומען אין וועג פון הונגער, נויט און קראַנקהייטען; אַנדערע זיינען, פאָהרענדיג אויפ׳ן ים, אריינגעפאַלען אין די הענד פון די ים־רויבער און זיינען פאַרקויפט געוואָרען צו שקלאַפערייי. די אַמאָליגע בליהענדע אידישע קהילות פון פּירענעאישען האַלב־אינזעל זיינען פאַרשוואונדען אין עטליכע טעג. די רעשטען פון די „ספרדים" און „פּאָרטוגעזען" (אַזוי האָבען זיך גערופען די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע אידען) זיינען צוזייהט געוואָרען איבער אַלע לענדער פון אייראָפּא, אַזיען און אַפריקא.

## זעקסטער קאפיטעל

# די אידען אין פוילען און רוסלאנד

(12טען ביז'ן 15טען יאָהרהונדערט)

§32. די פארמעהרונג פון די אידען אין פוילען. דער הויפט טייל פון די אידען וואָס זיינען אוועק פון מערב־אייראָפּא פון די מיטעלאַלטערליכע פערפאָלגונגען, האָבען געפונען א שוץ־אָרט אין פוילען און ליטא, אויף די ברעגען פון דער ווייכסעל און דעם ניעמאן. די איבערוואנדערונג פון די אידען פון דייטשלאנד קיין פוילען איז זיך שטארק פאַנאנדערגעוואקסען אין דער צייט פון די קרייצצוגען. איבערהויפט זיינען א סך אידען אָנגעקומען אהער פון דעם שכנ'ישען בעהמען, וואוהין עס זיינען אריינגעדרונגען די ערשטע באנדעס קרייץ־טרעגער (1098). די פוילישע פירשטען האָבען גערן אריינגעלאָזען צו זיך אין לאנד די אידען און דייטשען, וואָס א דאנק זיי האָט זיך ענטוויקעלט מסחר, האנדעל און מלאָכה. דער פירשט פון קראקוי, מעטשיסלאוו דער אַלטער (1173), האָט שטרענג פערבאָטען יעדע גוואלדטהאט געגען די אידען. די געלט־מינצערייען פון גרויס און קליין־פוילען האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אידישע הענד. אויף דיזע מטבעות, וועלכע זיינען נאָך פארבליבען ביז היינטיגען טאָג, זיינען די נעמען פון די קעניגע געווען אויסגעגאָסען אין אידישע בוכשטאבען. אין יענער צייט האָבען די פוילישע אידען נאָך ניט געהאט צווישען זיך קיין געלערטע און זיי פלעגען זיי אראָבברענגען פון אנדערע לענדער (מסתמא פון דייטשלאנד). דיזע אויסלענדישע לומדים פלעגען ביי זיי פארנעהמען די שטעלען פון רבנים, חזנים און מלמדים. פון דער אנדערער זייט פלעגען א סך אידען פון פוילען פאָהרען קיין אויסלאנד צו לערנען תורה.

דער ערשטער הערשער וואָס האָט בעפעסטיגט די אידישע לאגע אין פוילען אויפ'ן גרונד פון בעזונדערע געזעצען, איז געווען קעניג באָלעסלאוו פון קאליש. אין 1264 האָט ער, מיט דער הסכמה פון די העכערע באאמטע, ארויסגעגעבען א דעקרעט, אין וועלכען עס זיי־

נען פעסטגעשטעלט געוואָרען די אידישע רעכט אין פוילען און וועלכער האָט בעצוועקט צו בעשיצען זיי געגען דעם בייזען ווילען פון די קריסטען. באָליסלאַוו׳ס דעקרעט בעשטעהט פון 37 אַרטיקלען. אין דעם ערשטען אַרטיקעל ווערט אַעוועקגעשטעלט, אַז אין געריכט־אנגעלעגענהייטען איז אַ קריסטליכער עדות געגען אַ אידען בעגלויבט נאָר דעמאָלט ווען עס איז דאָ נאָך אַ אידישער עדות וואָס בעשטעטיגט זיינע רייד. צו משפט׳ן אידען געהער ניט צו די אַלגעמיינע שטאָדטישע געריכטען, נאָר צום קעניג אַליין, זיין בעאַמטען, אָדער צו אַ ריכטער, וואָס ער בעשטימט. ווען אַ קריסט הרג׳עט אָדער פערוואונדעט אַ אידען ווערט דער שולדיגער גע׳משפט אין דעם קעניגליכען געריכט. די פערזאָן און אייגענטום פון די אידען ווערען ערקלערט אַלס אונבעריהרליך. צו פאַנגען אידישע קינדער (כדי זיי צו שמד׳ן) ווערט שטרענג פאַרוועהרט. צו בעשולדיגען די אידען אין דעם עלילת־דם, וואָס זיין פאַלשקייט איז שוין געננוג דערוויזען געוואָרען אין דעם פּאַבסט בולא, ווערט שטרענג פערבאָטען. אויב אָבער אַזאַ בעשולדיגונג שווימט אַרויף דאַרף זי זיין בעשטעטיגט פון זעקס עדות — דריי קריסטען און דריי אידען; אויב די בעשולדיגונג ווערט אויף אַזאַ אופן דערוויזען דאַן קומט דעם שולדיגען אידען טויט־שטראָף; אויב אָבער די שולד ווערט ניט דערוויזען דאַן קומט די זעלבע שטראָף דעם קריסט, וואָס האָט דעם בלבול אויסגעטראַכט. אָט דיזע אַלע רעכט, ווערט געזאָגט אין דער שריפט, דאַרפען בלייבען אין קראַפט אויף „אייביגע צייטען״.

די שוץ וואָס די פוילישע פירשטען האָבען געגעבען די אידען, איז ניט געפעלען געוואָרען די קאַטוילישע גלחים, וועלכע האָבען געקראָגען פון רוים דעם בעפעהל—איבעראַל צו אונטערדריקען און ערנידעריגען דאָס אידישע פאָלק. אַן אסיפה פון קירכליכע בעאַמטע אין ברעסלוי (1266) האָט ערקלערט, אַז די שכנות פון די אידען איז בעזונדערס געפעהרליך פאַר די קריסטען אין פוילען, וואו דאָס פאָלק האָט ערשט ניט לאַנג אָנגענומען דעם קאַטוילישען גלויבען. דעריבער האָט די אסיפה פעסטגעשטעלט: אַז די אידען זאָלען וואוינען אין די שטעדט אָבגעטיילט פון די קריסטען, אין בעזונדערע קוואַרטאַלען, וועלכע זאָלען זיין אָבגעצאַמט מיט אַ וואַנד אָדער אַ גראָבען. וויי־

טער איז פֿאָרגעשריבען געוואָרען, אז אין דער צייט פון קריסט־ליכע פּראָצעסיעס זאָלען די אידען זיך פֿאַרשליסען אין זייערע הייזער, אז אין יעדער שטאָדט זאָלען זיי ניט האָבען מעהר ווי איין שוהל, זאָלען טראָגען א היטעל מיט א שפּיץ ווי א האָרן און ווער עס ווערט זיך ווייזען אין גאַס אָהן דיזען סימן זאָל בע־שטראָפט ווערען. די קריסטען איז פֿאַרוועהרט געוואָרען צו עסען אויף איין טיש מיט די אידען, טאַנצען און זיך פרעהען מיט זיי אויף חתונות אָדער אַנדערע שמחות. קריסטען האָבען ניט געטאָרט קויפען ביי אידען פלייש אָדער אַנדערע שפּייזען, כדי די אידען זאָלען ניט קענען פֿאַרגיפטען די קריסטען. דאַן קומען די אַלע געזעצען פון דער קירכע, אז אידען זאָלען ניט האַלטען קיין קריסטליכע דיענער אָדער אַמען, זאָלען ניט זיין אויפמאָהנער פון שטייערען אָדער אַנדערע רעגירונגס־בעאַמטע א. א. וו. ווען אָט דיזע אַלע שטרענגע געזעצען פון דער קירכע זאָלען געוועזען פֿאַרווירקליכט ווערען וואָלט דאָס אידישע לעבען אין פּוילען פֿאַרוואַנדעלט געוואָרען פּונקט אין אזא גיהנם אזוי ווי דאָס לעבען פון זייערע ברידער אין דייטשלאַנד. נאָר צום גליק האָבען די דעמאָלדיגע פּוילישע הערשער און א גרויסער טייל פון פאָלק ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט צו די העצערייען פון די פאַנאַטישע גלחים און די אידען פון פּוילען האָבען געלעבט רוהיג און פריעדליך מיט דער קריסטליכער בעפעלקערונג.

§33. קאַזימיר דער גרויסער און וויטאַלד דער ליטווי־שער. די צרות פון די דייטשע אידען אין 14טען יאָהרהונדערט, און איבער[illegible]ט אין דער צייט פון „שוואַרצען טויט", האָבען וויי־דער פערטריבען א גרויסע מאַסע אידען קיין פּוילען. פּוילען האָט דעמאָלט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון איהר גרויסקייט, אין דער צייט פון דעם קלוגען קעניג קאַזימיר דעם גרויסען (1370 — 1333). דיזער קעניג האָט פלייסיג געאַרבייט צו אויפהויבען אין זיין מלוכה דאָס לעבען פון דעם בירגער צו א העכערער מדרגה און פֿאַר־בעסערען די לאַגע פון אַלע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג, ניט אויס־שליסענדיג די פּויערען. ער האָט געקראָגען דעם נאָמען „דער קעניג פון די פּויערען". און מען פלעגט וועגען איהם זאָגען, אז „ער האָט דערוויסט א הילצערנע פּוילען און האָט איבערגעלאָזט א שטיינער־

נע", ד. ה. ער האָט זי אָנגעפילט מיט רייכע מויערען אנשטאט היל־צערנע הייזלעך. אזא גערעכטער הערשער האָט זיך ניט געקענט פער־האַלטען שלעכט צו די אידען, וועלכע האָבען ענטוויקעלט אין לאַנד דעם מסחר. אין דעם צווייטען יאָהר פון זיין רעגירונג האָט קאַזי־מיר בעשטעטיגט אין קראַקוי באָליסלאַוו'ס געזעצען וועגען די אידען און האָט אויסגעשפרייט זייער קראַפט אויף דער גאַנצער פוילישער מלוכה. שפּעטער האָט קאַזימיר צוגעגעבען צו באָליסלאַוו'ס גע־זעצען נאָך נייע, וועלכע האָבען בעצוועקט אָוועקצושטעלען די בע־ציהונג פון די אידען צו דער איבעריגער בעפעלקערונג אויף די יסודות פון יושר און געגענזייטיגע נוצען. די אידען איז געגעבען גע־וואָרען דאָס רעכט צו וואוינען אין אַלע שטעדט און דערפער, צו קויפען לאַנד און נעהמען אין ארענדע די גיטער פון די פּריצים. קאַזימיר האָט אויך געזאָרגט וועגען דעם אינערליכען וואוילשטאַנד פון די אידישע קהילות. דער שטאַדטישער ריכטער האָט אנדערש ניט געקענט משפּט'ן א אידען סיידען מיט דער מיטהילף פון דעם רב און די פאָרשטעהער פון דער קהילה. דער שמש פון שוהל פלעגט אָפטמאָל שפּיעלען די ראָלע פון דעם בעאמטען אויסצופיהרען דעם פּסק פון געריכט. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער שפּעטערדי־גער זעלבסטפערוואַלטונג פון דעם „קהל". צו יענער צייט געהערט אויך די ענטשטעהונג פון דער אידישער קהילה אין לבוב (לעמבערג), די הויפּטשטאָדט פון רויט־רוסלאַנד אָדער גאַליציען, וואָס קאַזימיר האָט צוגעשלאָסען צו פּוילען. אין יאָהר 1356 האָט קאַזימיר נעגע־בען די אידען פון לבוב דאָס רעכט „צו משפּט'ן צווישען זיך לויט זייערע אייגענע געזעצען", צוגלייך מיט די רוסען, ארמענער און טאטארען.

א לעגענדע וועלכע איז פארבליבען אין דער פּוילישער געשיכ־טע דערצעהלט, אז די אורזאכע וואָס קאַזימיר דער גרויסער איז גע־ווען אזוי גינסטיג געניינט צו די אידען איז געווען זיין ליעבע צו א אידישער שעהנהייט מיט'ן נאָמען „אסתר'קע". דיזע שעהנהייט, די טאָכטער פון א אידישען שניידער אין אָפּאָטשנאָ, האָט איינגאָנצען געפאַנגען דעם קעניג'ס האַרץ, און ער האָט זי בעזעצט אין זיין פּאַ־לאַץ אין קראָקוי. פון איהר האָט דער קעניג געהאַט צוויי טעכטער, וועלכע די מוטער האָט ערצויגען אין אידישקייט, און צוויי זיהן,

פעלקא און נעמיר, וועלכע זיינען אויפגעצויגען געוואָרען אלס קריס־טען, און פון וועלכע עס זיינען שפעטער ארויסגעקומען אייניגע בע־ריהמטע פוילישע פאמיליען. אסתר'קע איז גע'הרג'ט געוואָרען אין דער צייט פון די רדיפות, וואָס קאזימיר'ס נאָכפאָלגער, לודוויג דער אונגארישער (1382 — 1370) האָט אָנגעפיהרט געגען די אידען. אין דער צייט פון דיזען קעניג, וועלכער איז געשטאנען אונטער דעם איינפלוס פון דעם קאטאָליציזם פון מערב, האָט מען געוואָלט צונעהמען ביי די פוילישע אידען די רעכט וואָס זיי האָבען געהאט; לודוויג האָט אפילו געסטראשעט, אז אויב די אידען וועלען ניט אָננעהמען דאָס קריסטענטום וועט ער זיי פארטרייבען פון לאנד. אָבער ער האָט לאנג ניט געקעניגט. לודוויג'ס טאָכטער יאדוויגא, די יורש'טע פון פוילישען טראָהן, האָט חתונה געהאט מיט'ן ליטווישען קעניג יאגעלאָ, וועלכער איז געוואָרען קעניג פון א פעראייניגטע פוילען און ליטאָ (1386).

אין 14טען יאָהרהונדערט איז ליטאָ אריבערגעגאנגען פון היידענטום צו קריסטענטום. אידען זיינען שוין דאָרט געווען פון לאנג. אין סוף 14טען יאָהרהונדערט האָבען שוין אין ליטא עקזיס־טירט פינף אידישע קהילות אין בריסק, גראָדנאָ, טראָקי, לוצק און וולאדימיר. זיי האָט בעשיצט דער גרויספירשט וויטאָלד, וועל־כער האָט רעגירט איבער ליטא אמאָל זעלבסטשטענדיג, אמאָל אלס שטעלפערטרעטער פון זיין שטיף־ברודער, דעם פוילישען קעניג יאגעלאָ. אין 1388 האָט וויטאָלד ארויסגעגעבען א שריפט פאר די בריסקער און אנדערע ליטווישע אידען, וועלכע איז געווען עהנליך צו דער שריפט פון באליסלאוו פון קאליש און קאזימיר דעם גרויסען. לויט די געזעצען פון וויטאָלד זיינען די אידען אין ליטא געווען א קלאס פון פרייע איינוואוינער, וועלכע זיינען געשטאנען דירעקט אונ־טער'ן שוץ פון דעם קעניג און די העכערע אָרטיגע בעאמטע. גע־לעבט האָבען זיי אין זעלבסטשטענדיגע קהילות, מיט אויטאָנאָמיע אין זייערע אינערליכע ענינים. די אידען אין ליטאָ, אנדערש ווי זייערע ברידער אין מערב, פלעגען זיך בעשעפטיגען ניט נאָר מיט האנדעל און מלאכה נאָר אויך מיט ערד־ארבייט. די רייכע אידען פלעגען נעהמען ביים גרויספירשט אין ארענדע די שטייערען אויף

סחורות און געטראַנקען און האָבען פאַרמאָגט ניטער אַלס אייגענ־טום אָדער אין אַרענדע.

§34. די אידען אין דער צייט פון די יאַגעלאָנען (15טען יאָהרהונדערט). דער גרינדער פון דער יאַגעלאָנישער דינאַסטיע קעניג וולאַדיסלאַוו יאַגעלאָ איז אינגאַנצען אונטערגעפאַלען אונטערן איינפלוס פון די קאַטוילישע גלחים, וועלכע האָבען זיך דעמאָלט פאַרשטאַרקט אין פוילען און האָבען זיך פאַרהאַלטען פיינדליך צו די אידען. אין דער צייט פון דיזען קעניג האָבען זיך אין פוילען צום ערשטען מאָל פאַרשפּרייט אַבערגלויבישע בלבולים געגען די אידען. אין פּאָזנאַן האָט מען די אידען בעשולדיגט, אַז זיי האָבען איינגע־רעדט אַן אָרימע קריסטין זי זאָל אַרויס'גנב'ענען פון אַ דאָמיניקאַ־נישער קירכע דריי „הייליגע ברויטען”, וועלכע די אידען האָבען דורכ־געשטאָכען און אַריינגעוואָרפען אין אַ גרוב. פון די „הייליגע ברוי־טען” האָט אָנגעהויבען צו רינען בלוט און עס האָבען זיך אָנגעהויבען בעווייזען אַרום זיי פאַרשיידענע וואונדער. ווען דער בישאָף פון פּאָזנאַן האָט זיך דערוואוסט פון דיזער פאַרשוועכונג געגען די קריסטליכע הייליגטימער האָט ער בעשטראָפט די אידען. עס זיינען פאַראורטיילט געוואָרען צום טויט די קריסטין, דער רב פון פּאָזנאַן און דרייצעהן אידישע ראשי הקהל: מען האָט זיי אַלעמען צוגע־בנדען צו סלופּעס און מען האָט זיי לאַנגזאַם פאַרברענט (1399).

די בעציהונג צו די אידען האָט זיך פאַרבעסערט פאַר קאַזימיר יאַגעלאָן דעם 4טען (1447—92), ווען דער נייער קעניג איז נאָך זיין קרוינונג געווען צוגאַסט אין פּאָזנאַן, האָט אַ שרפה אָבגעווישט די גאַנצע שטאָדט. אין דער שרפה איז אויך פאַרברענט געוואָרען דער אַלטער אָריגינאַל פון דער שריפט, וואָס קאַזימיר דער גרויסער האָט געגעבען די אידען. דאַן האָט זיך אַ אידישע דעפּוטאַציע גע־ווענדט צו קאַזימיר דעם 4טען מיט דער בקשה צו אויפשטעלען צוריק און בעשטעטיגען די רעכט פון די אידען אויפ'ן גרונד פון די נאָכ־געבליבענע קאָפּיעס פון דעם פאַרברענטען כתב. דער קעניג האָט גערן דערפילט די בקשה פון די שלוחים. „מיר פערלאַנגען — האָט ער ערקלערט אין זיין שריפט — אַז די אידען, וועלכע מיר היטען אָב בעזונדערס צוליעב די אינטערעסען פון אונז און פון דער קעניגליכער קאַסע, זאָלען זיך פיהלען בערוהיגט אין אונזער מלוכה”.

ער האָט בעשטעטיגט אַלע פריהעריגע רעכט און פריוויליגיעס פון די אידען — די פרייהייט צו וואוינען און האַנדלען, אויטאָנאָמיע אין קהילה און געריכט אַנגעלעגענהייטען, די אונבעריהרליכקייט פון זייער פּערזאָן און אייגענטום, און שוץ געגען פאַלשע בעשולדיגונגען און אָנפאַלען. דיזער כתב פון דעם קעניג האָט שטאַרק אויפגערעגט די קירכליכע פּאַרטיי. דער קראַקוי'ער ערץ־בישאָף אָלעניצקי האָט בפירוש אויפגעפאָדערט דעם קעניג צוריקצוציהען די אידישע פּרי־ווילעגיעס. נאָך אַ לאַנגען קאַמפּף האָט דער קעניג געמוזט זיך בויגען פאַר די גייסטליכע. אין יאָהר 1454 זיינען אַ סך אידישע רעכט צוריקגעצויגען געוואָרען אַלס „דערוויידער צו די געטליכע גע־זעצען (ד. ה. פון דער קירכע)".

פאַר קאַזימיר דעם 4טענס נאָכפאָלגער, יאַן־אַלברעכט, איז אין דער פּוילישער הויפּטשטאָדט אָבגעטיילט געוואָרען אַ בעזונדער קוואַרטאַל פאַר די אידען צו וואוינען (געטאָ). אין יאָהר 1494 האָט אַ פייער פערניכטעט אַ גרויסען טייל פון קראַקוי, און דער פינסטער־ער המון, בענוצענדיג זיך מיט'ן אַלגעמיינעם טומעל, האָט צור־ויבט דאָס אייגענטום פון די אידען. דעריבער האָט דער קעניג בע־פעהלען די אידען, וועלכע האָבען ביז דעמאָלט געוואוינט צושפּרייט אין פערשיידענע טיילען פון שטאָדט, צו בעזעצען זיך אין דער פאָר־שטאָדט פון קראַקוי, קאַזימעריזש, און וואוינען דאָרט אָבגעזונדערט פון די קריסטען. פון דעמאָלט אָן איז די פאָרשטאָדט קאַזימעריזש פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אָבגעשלאָסענער אידישער שטעדטעל, וועלכע האָט גאַנצע יאָהרהונדערטען געלעבט איהר אייגען לעבען, פערבונדען מיט דער אויסערער וועלט בלויז דורך האַנדעלס־בע־ציהונגען.

אין יענער צייט האָט מען אָנגעהויבען רדיפות אויף די אידען אויך אין ליטאַ, וועלכע איז רעגירט געוואָרען פון יאַן־אַלברעכט'ס ברודער, אַלכסנדר, מיט די רעכט פון אַ גרויספירשט. אין יאָהר 1495 האָט דער גרויספירשט אַלכסנדר פּלוצלינג אַרויסגעגעבען אַ גזרה אַרויסצוטרייבען אַלע אידען פון ליטאַ. עס איז ניט בעוואוסט צי דיזע גזרה איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך די גלחים צו וועל־כע עס האָט זיך דערטראָגען די נאַכריכט וועגען דעם גירוש פון שפּאַניען אָדער דער פירשט און זיינע הארען האָבען געוואָלט ווערען

די בעלי־בתים פון די גיטער און הייזער פון די פּאַרטריבענע. און ווירקליך, דאָס אונבעוועגליכע אייגענטום פון די פּאַרטריבענע (אין די קרייזען פון גראָדנאָ, בריסק, לוצק און טראָקי) זיינען ערקלערט געוואָרען פאַר'ן אייגענטום פון דעם פירשט, און אַ טייל דערפון האָט ער צוטיילט צו קריסטען. מיט דער ערלויבניש פון קעניג יאַן־אַלב־רעכט האָבען די ארויסגעטריבענע ליטווישע אידען זיך בעזעצט אין די שכנ'ישע פּוילישע שטעדט, נאָר אין עטליכע יאָהר ארום האָט אַלכסנדר אויך איבערגענומען די פּוילישע קרוין, נאָכ'ן טויט פון זיין ברודער, און האָט ערלויבט די אידען זיך אומצוקערען קיין ליטאָ און זיך בעזעצען אין זייערע פריהערדיגע ערטער, און זיי האָבען געקראָגען צוריק די הייזער, גיטער, שוהלען און בית־עלמינ'ס, וואָס האָבען בעלאַנגט צו זיי. אין אָנהויב פון 16טען יאָהרהונדערט איז דאָס יודענטום אין פּוילען שוין געוואָרען אַ גרויסע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטליכע קראַפט, אָהן וועלכע דאָס לאַנד האָט זיך ניט גע־קענט בעגעהן. די פּוילישע רעגירונג האָט זיך איבערצייגט, דאָס אויף וויפיעל די מלוכה ברענגט נוצען די אידען אויף אַזוי פיעל זיינען די אידען נוצליך און נויטיג פאַר דער מלוכה, וואו זיי האָבען פאַרנומען, אַלס שטאָדטישע האַנדעלס־בעפעלקערונג, דעם מיטעל־פּלאַץ צווישען דעם פּויערישען ערד־ארבייטער און דעם שליאַכטישען גוט־בעזיצער.

§35. די אידען אין מאָסקווער רוסלאַנד. אין דער צייט וואָס אין פּוילען, אין מיטעלאַלטער, איז די צאָל פון די אידען אַלץ געוואַקסען דורך דעם שטראָם פון איינגוואַנדערער פון מערב, איז דאָס שכנ'ישע רוסלאַנד געווען כמעט פאָלשטענדיג פריי פון זיי. אין 13טען יאָהרהונדערט האָבען די טאַטאַרען בעזיגט רוסלאַנד און פון דעמאָלט אָן הערט זיך אַ לאַנגע צייט גאָרניט וועגען אידישע ישובים אין דיזען לאַנד. בלויז אין די זיד־געגענדען, אין דער פּראָ־ווינץ פון שווארצען ים און קרים, האָבען ווייטער געלעבט אידען און קאַראימער, די אור־אור־אייניקלעך פון די פּאַרצייטיגע איינ־וואַנדערער (§5). אונטער דער הערשאַפט פון די טאָטערישע חאַנען האָבען די אידען אין קרים געלעבט פריי, קאָנקורירענדיג אין האַנדעל מיט די סוחרים פון גענוא און גריכענלאַנד, וועלכע האָבען דאָ גע־גרינדעט האַנדעלס קאָלאָניעס.

שפורען פון אידען אין מאָסקווער רוסלאַנד הויבען זיך אָן צו בעמערקען ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 15טען יאָהר־הונדערט, ווען דיזע מלוכה, פעראייניגט דורך דעם גרויספירשט איוואַן וואַסיליעוויטש דעם דריטען, הויבט אָן אריינצוטרעטען אין דער פאַמיליע פון פעלקער. אין דיזער צייט בעווייזען זיך דאָרט איינצעלנע אידישע אויסוואַנדערער פון ליטא און קרים, און אָפט־מאָל פון מערב־אייראָפּא. מיט'ן נאָמען פון איינעם אַזאַ איסוואַנדע־רער איז פאַרבונדען אַ גרויסע פּאַסירונג אין דער אידישער געשיכטע. אין יאָהר 1470 — ווי עס זאָגען עדות רוסישע היסטאָריקער — איז אָנגעקומען פון קיעוו אין נאָווגאָראָד אַ אידישער געלערטער, ר' זכריה, און נאָך איהם זיינען אָנגעקומען פון ליטא נאָך עטליכע אידען. זכריה האָט זיך בעפריינדעט מיט עטליכע פּראָטעסטאַנטישע גלחים און האָט זיי בעקערט צום יודענטום. צווישען דיזע גרים זיינען געווען צוויי גלחים פון נאָווגאָראָד, דענים און אַלעקסי. דיזע גלחים זיינען אין 1480 אָנגעקומען קיין מאָסקווא און דאָרט האָבען זיי מגיר געווען אַ סך קריסטען פון פּראַוואָסלאַוונעם (גריכישען) גלויבען. דער ערץ־בישאָף פון נאָווגאָראָד, געגאַדי, האָט דערזעהן אַ געפאַהר אין דער פערשפּרייטונג פון יודענטום אויף אַזאַ אופן און האָט אָנגענומען ענערגישע מיטלען געגען דעם אין זיין בעצירק. אין מאָסקווא איז דער קאַמפּף געגען דער „אידישער אפּיקורסות" אָנגעקומען זעהר שווער. דאָך האָט געגאַדי און זיינע קירכליכע חברים געזיעגט און די בעוועגונג איז אָבגעשטעלט געוואָרען. לויט'ן בעשלוס פון אַ קירכען־אסיפה אין יאָהר 1504 און אויפ'ן בעפעהל פון גרויספירשט איוואַן דעם 3טען זיינען די הויפּט פיהרער פון דער בעוועגונג פאַרברענט געוואָרען, און די איבעריגע זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרען אין געפענגניס און אין מאָנאַסטירען.

אין דער זעלבער צייט ווען עס איז פאָרגעקומען די בעוועגונג פון די „יודייסטווישטשע", ווי זיי פלעגען זיך רופען, אין מאָסקווא, איז געשעהן נאָך אַ טרויעריגע פּאַסירונג. אין הויף פון דעם גרויס־פירשט איוואַן דעם 3טען איז געווען אַ אידישער דאָקטאָר „מיסטער לעאָן", וועלכען מען האָט געבראַכט קיין מאָסקווא פון ווענעדיג. אין אָנהויב פון יאָהר 1490 איז דער עלטסטער זוהן פון דעם גרויס־פירשט געפעהרליך קראַנק געוואָרען. דער אידישער דאָקטאָר האָט

גענומען היילען דעם קראַנקען מיט הייסע באַנקעס און מיט פאַר־שיידענע גראָזען. דער גרויספירשט האָט געפרעגט דעם דאָקטאָר אויב דער קראַנקער וועט געזונד ווערען, און דער דאָקטאָר האָט גע־ענטפערט אונפאָרזיכטיג: „איך וועל דיין זוהן געוויס אויסהיילען, אויב ניט—וועסטו מיך טויטען”. דער חולה איז אָבער געשטאָר־בען. נאָך פערציג טאָג פון טרויער האָט דער גרויספירשט געהייסען אָבהאקען דעם אידישען דאָקטאָר דעם קאָפּ פאַר זיין ניט געלונגע־נער קוראַציע. די הינריכטונג איז פאָרגעקומען עפענטליך, אויף דער באָלוואַנאָווקע, אין מאָסקווא. די מאָסקווער איינוואוינער האָבען בעטראַכט ביידען, זכריה׳ן און דעם דאָקטאָר, אַלס „שוואַרץ־קינסט־לער” אָדער כשוף־מאַכער. די „אידישע אפיקורסות” האָט אַזוי אָנגעשראָקען די מאָסקווער פירשטען אַז זיי האָבען דערנאָך לאַנג ניט אריינגעלאָזט אין זייער ממשלה קיין אידען פון אַנדערע לענדער.

# די נייע צייט.

§36. **פאָרוואָרט.** דער גירוש פון שפּאַניען האָט ארויס־גערופען גרויסע ענדערונגען אין לעבען פון אידישען פאָלק. דיזע ענדערונגען זיינען געווען שטייף פאַרבונדען מיט די געשעהעני־שען וואָס זיינען אין יענער צייט פאָרגעקומען אין דעם לעבען פון די אייראָפּעאישע פעלקער און וועלכע האָבען אוועקגעשטעלט אין דער געשיכטע א גרעניץ צווישען דעם „מיטעלאַלטער" און דער „נייער צייט". די ביזאַנטישע אימפּעריע איז צושטערט גע־וואָרען פון די טערקען, וועלכע האָבען איינגענומען קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל (1453) און האָבען בעפעסטיגט די הערשאַפט פון די מאַח־מעדאַנער אויפ'ן באַלקאַנישען האַלב־אינזעל און אויפ'ן אזיאַ־טישען ברעג פון מיטלענדישען ים. גוטענבערג אין דייטשלאַנד האָט ערפונדען די קונסט פון בוך־דרוקעריי, וועלכע האָט געגעבען א שטאַרקען שטויס פאָרווערטס דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון אלע פעלקער. קאָלומבוס האָט ענטדעקט א נייעם וועלט־טייל, אמעריקא, אין יענעם זעלבען יאָהר ווען די אידען זיינען ארויס־געטריבען געוואָרען פון שפּאַניען (1492). לוטהער האָט פּראָ־קלאַמירט אין דייטשלאַנד די רעפאָרמאַציע (1517) — און מי־ליאָנען קריסטען אין מערב־אייראָפּא האָבען אָנגעהויבען אָבצו־פאַלען פון דער רוימיש־קאַטוילישער קירכע און האָבען אָנגענומען שטאַנדפּונקטען, וועלכע זיינען געווען נעהנטער צום קריסטענטום ווי ער איז געווען אין זיינע ערשטע צייטען.

אָט די אלע ענדערונגען האָבען געהאַט א ווירקונג אויף די אידען. די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע פּאַרטריבענע, אָדער „ספרדים" האָבען זיך אוועקגעלאָזט דער עיקר אין די אייראָפּעאישע און אזיאַטישע לענדערייען פון טערקיי. פּונקט אזוי ווי אין מי־טעלאַלטער זיינען די אידען געקומען אין שפּאַניען פון אראַבי־שען מזרח, אזוי האָבען זיי אין 16טען יאָהרהונדערט זיך אומ־געקערט צוריק פון שפּאַניען צום טערקישען מזרח, וואו עס האָט זיך אויך געפונען דאָס אלטע פאָטערלאַנד פון יודענטום — פּאַ־

לעסטינא. ספרדים זיינען געבליבען אין אייראָפּא ווייניג, הויפּט־זעכליך אין איטאַליען און האָלאַנד. דעם ערשטען פּלאַץ אין דער געשיכטע האָבען איצט פאַרנומען די „אשכנזים", ד. ה. די דייטשע און פּוילישע אידען. אין דייטשלאַנד און עסטרייך האָט מען אויפגעהערט אומצובריינגען די אידען אין מאַסען, נאָר מען האָט זיי נאָך אַלץ אונטערדריקט און געהאַלטען אין דער לאַגע פון אַ רעכטלאָזען קלאַס. אָבער אין פּוילען, וואו אין 16טען יאָהר־הונדערט האָט זיך צונויפגעקליבען אַ גרויסע צאָל אידען, האָבען זיי געלעבט רוהיגער, געניסענדיג פרייהייט און אַ ברייטע זעלבסטפערוואַלטונג אין זייערע קהילות. פּוילען איז געוואָרען פאַר די אידען דאָס וואָס אין אַלטערטום איז פאַר זיי געוועזען בבל. און אין מיטעלאַלטער — שפּאַניען, ד. ה. דער גייסטיגער צענטער, צו וועלכען עס האָבען זיך געצויגען די איבעריגע טיילען פון דעם צוזייהטען פאָלק (דער צענטער פון דער נאַציאָנאַלער העגע־מאָניע).

## זיבעטער קאפיטעל.

# די אידען אין טערקיי און פאלעסטינא ביז נאך שבתי־צבי.

### (1492 — 1750).

**§37. דאס בירגערליכע לעבען און דון יוסף נשיא.** די טערקישע אימפעריע, וועלכע האט פארנומען דעם פלאץ פון ביזאנטיען, איז אויפגעקומען פערציג יאהר פאר'ן גירוש שפאניען. די אידישע היסטאריקער דריקען זיך אויס, אז די אויבערשטע השגחה האט אזוי ווי פאראויס צוגעגרייט א רוהיגען פלאץ פאר די שפאנישע ארויסגעטריבענע זיך צו רעטען. און ווירקליך א בעדייטענדער טייל פון די פארטריבענע פון שפאניען און פארטוגאל האט געפונען שוץ אין די לענדער פון טערקיי. די טערקישע סולטאנען האבען געשעצט די ארבייטסזאמקייט און האנדעלס־פעהיגקייטען פון די אידען און האבען זיי גערן אויפגענומען אין זייער ממשלה. סולטאן באיאזעט דער 2טער, דערהערענדיג וועגען דעם גירוש פון די אידען פון שפאניען, האט אויסגערפען: „פערדינאנד פון שפאניען איז א נארישער קעניג! ער האט חרוב געמאכט זיין אייגען לאנד און רייך געמאכט אונזער לאנד". די געבילדעטע ספרדים האבען זיך ארויסגעוויזען פאר זעהר נוציליך צו טערקיי, וואו די העבערע קלאסען האבען זיך בעשעפטיגט מיט דער מיליטער־קונסט, און די נידעריגע —מיט ערד־ארבייט. די אידען האבען זיך פלייסיג אבגעגעבען מיט'ן האנדעל אויף ים און יבשה, מיט מלאכות און טעכניק, זיי האבען בעקאנט די טערקען מיט די נייסטע ערפינדונגען, ווי פולווער און קאנאנען און דערמיט געלייסט א גרויסע דיענסט דעם מיליטערישען קלאס. אין האנדעל האבען מיט זיי קאנקורירט בלויז די ארמעניער און גריכען.

אין 16טען יאהרהונדערט האבען אין דער אייראפעאישער און אזיאטישער טערקיי זיך געגרינדעט א סך אידישע קהילות. אין דער הויפטשטאדט קאנסטאנטינאפאל זיינען געווען ארום 30,000 אידען וועלכע האבען געהאט 44 שוהלען. אט דיזע גרויסע געמיינדע

האָט זיך געטיילט אויף „לאַנדסמאַנשאַפטען”, ד. ה. פערבאַנדען פון די מענשען, וועלכע זיינען געקומען אין טערקיי פון איין געגענד. עס זיינען געווען „קאַסטילישע” לאַנדסלייט, „אַראַגאָנישע”, „פּאָרטוגעזישע” א. א. וו. די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע אידען אָדער „ספרדים” האָבען זיך אונטערשיידט מיט זייער שפּראַך און לעבענספיהר פון די „אשכנזישע”, וועלכע האָבען אַריבערגעוואַנדערט פון דייטשלאַנד. יעדער קרייז אָדער לאַנדסמאַנשאַפט האָט געהאַט איהר אייגענע שוהל. אויסער דער הויפּטשטאָדט האָבען די אידען געלעבט אין אַנדערע שטעדט פון אייראָפּעאישער טערקיי: אין סאַלאָניקי, אַדריאַנאָפּאָל, ניקאָפּאָל. בראש פון אַלע טערקישע אידען איז געשטאַנען אַ הויפּט־רב („חכם”), וועלכער פלעגט בעשטעטיגט ווערען אין זיין אמט פון סולטאַן. דיעזער רב אָדער חכם, אַלס דער פאָרשטעהער פון יודענטום, האָט געהאַט אַ רעכט צו זיצען אין דעם קעניגליכען ראַט פון טערקי געבילדעטע אידען פלעגען אָפט פאַרנעהמען הויכע שטעלען אין טערקישען הויף, אַלס ראַטגעבער אָדער דאָקטוירים.

די לאַגע פון די אידען אין טערקיי האָט זיך בעזונדערס פאַרפעסטיגט אין דער צייט פון דעם סולטאַן סוֹלימאַן (66—1520), פאַר וועמען דיזע מלוכה האָט דערגרייכט די גרעסטע מאַכט צווישען די אייראָפּעאישע מלוכות. זעהר פיעל גוטס האָבען געטהאָן צו זייער פאָלק די אידישע הארען, וועלכע האָבען זיך דעמאָלט געפונען אין דעם סולטאַנישען הויף. דעם ערשטען אָרט צווישען זיי האָט פאַרנומען דון יוסף נשיא. יוסף האָט געשטאַמט פון פּאָרטוגאַל פון אַ רייכער מאַראַנישער פאַמיליע, וועלכע האָט אין געהיים אָבגעהיט דאָס יודענטום. די אינקוויזיטאָרען האָבען אָנגעהויבען פאַרפאָלגען דיזע פאַמיליע, האָט זי זיך בעזעצט אין האָלאַנד, און פון דאָרט— אין טערקיי, כדי דאָרט אָפען זיך אומצוקערען צו זייער אמונה (1552). אין דער צייט פון זיינע וואַנדערונגען האָט זיך יוסף בעקאַנט מיט אַ סך בעריהמטע רעגירונגס־מענער פון אייראָפּא און האָט זיך ערוואָרבען דיפּלאָמאַטישע פעהיגקייטען. סולטאַן סוֹלימאַן האָט בעמערקט יוסף'ס פעהיגקייטען און האָט איהם מקרב געווען צו זיך. פאַר'ן סולטאַן סולימאַן, און אויך פאַר זיין נאָכפאָלגער סעלים דעם 2טען האָט יוסף פערנומען דעם הויכען אמט

פון ראטגעבער און פארמיטלער אין אויסלענדישע ענינים. אין דיזען אמט האט ער פיעל נוצען געבראכט דער טערקישער רע־גירונג, אבער ער האט אויך ניט פארגעסען זיינע אייגענע פאלקס־ברידער. האבענדיג אן איינפלוס אויף אויסלענדישע רעגירונגען פלעגט יוסף ניט זעלטען זיך אנגעהמען פאר די אידען, וואס זיינען פערפאלגט געווארען אין די קריסטליכע לענדער. סולימאן האט געשענקט יוסף'ן א מתנה די חרב'ע שטאדט טבריה, אין פאלעס־טינא, ער זאל זי אבבויען און זי בעזעצען מיט אידען. סעלים האט איהם געגעבען דעם טיטעל „הערצאג פון נאקסאס" (נאקסאס—אן אינזעל אין דעם ארכיפעלאג). די אידען האבען איהם א נאמען געגעבען „נשיא" (האר, הערשער) יוסף נשיא איז געווען א ווארי־מער בעשיצער פון אידישע געלערטע און שרייבער, וועלכע זיינען דעמאלט געווען א סך אין קאנסטאנטינאפאל; ער האט אויך גע־שטיצט ישיבות. נאכ'ן טויט פון סעלים דעם 2טען האט ער זיך צוריקגעצויגען פון די מלוכה ענינים און האט פארבראכט זיינע לעצטע יאהרען אין גייסטיגער ארבייט, אין א קרייז פון געלערטע, פאר וועלכע ער האט געעפענט זיין רייכע ביבליאטעק ספרים און מאנוסקריפטען. יוסף נשיא איז געשטארבען אין יאהר 1579. זיין אלמנה ריינה האט געגרינדעט אין קאנסטאנטינאפאל א דרוקעריי צו דרוקען אידישע ספרים.

37§. פאלעסטינא; דער שלחן־ערוך. א טייל פון די אידען וואס זיינען געקומען קיין טערקיי האבען זיך בעזעצט אין פאלעסטינא. פון די צייטען פון די קרייצצוגען אן איז אין פאלעסטינא אנגעגאנגען צווישען די קריסטען און מאחמעדאנער א קאמפף פאר דער אויבער־הערשאפט, ווארום סיי די, סיי יענע האבען דארט געהאט זייערע הייליגע ערטער. חרב און פערוויסט איז דאס לאנד אריבער צו דער הערשאפט פון טערקיי און צו דיזע טייערע חורבות פון זייער אלטען פאטערלאנד זיינען איצט געקומען טויזענדע זיהן פון דעם וואנדער־פאלק, וועלכע זיינען געווען אויס־געמוטשעט פון די רדיפות אין אייראפא. די ארימע אויסוואנדערער זיינען ניט געווען אימשטאנד אויפצושטעלען צוריק דאס מלוכה־לעבען פון זייער אמאליגען פאטערלאנד; אבער זיי איז געלונגען צו בעשאפען דא עטליכע קהילות, מיט א זעלבסטשטענדיגער פער־

וואַלטונג און רבנישע אנשטאַלטען. אין 16טען יאָהרהונדערט זיינען ענטשטאַנען בעדייטענדע קהילות אין ירושלים, צפת און טבריה. די קהילה פון צפת האָט בעזונדערס געשמ׳ט מיט איהרע לומדים. דער רב פון דיזער קהילה ר׳ יעקב בירב (1540) האָט אפילו געוואָלט גרינדען אין ארץ־ישראל אַ מין סנהדרין פון רבנים, וועלכער זאָל בעשליסען רעליגיעזע ענינים, מתקן זיין דינים און בעשטימען די גייסטיגע פיהרער פון די אידען אין אַלע לענדער. אָבער דיזער געוואָגטער געדאנק איז ניט פארווירקליכט געוואָרען, ווייל די איִדישע קהילות אין ארץ־ישראל זיינען געווען צו אָרים און ווייניג אין צאָל.

אין יענער צייט האָט אין ארץ־ישראל זיך בעוויזען אַ מאַן, וועלכער האָט אַליין אויפגעטהאָן עטוואָס, וואָס וואָלט געוועזן אַ כבוד פאַר אַ גאַנצען סנהדרין. דאָס איז געווען ר׳ יוסף קארו (1488—1575), דער מחבר פון שלחן־ערוך, וואָס איז די גרעסטע זאַמלונג פון דינים. ר׳ יוסף קארו איז געבאָרען געוואָרען אין שפאַניען, אָבער ער איז אוועקגעפיהרט געוואָרען פון דאָרט נאָך אַלס קינד, אין דער צייט פון דעם גירוש. זיין יוגענד האָט ער פערבראַכט אין אייראָפּעאישען טערקיי, אין די שטעדט ניקאָפּאָל און אדריאַנאָפּאָל. דאָ האָט ער זיך אָבגעגעבען מיט לערנען תורה, תלמוד און די אַלגעמיינע רבנישע ליטעראַטור און האָט ארויסגעוויזען וואונדערליכע פעהיגקייטען. צוואַנציג יאָהר האָט ר׳ יוסף קארו פארבראַכט אויף דורכקוקען די פארשיידענע זאַמלונגען פון דינים, מיט׳ן צוועק זיי צו ערקלערען און מוסיף זיין צו זיי. געענדיגט האָט ער זיין ארבייט ווען ער איז שוין אָנגעקומען קיין צפת, וואו ער האָט באַלד פארנומען אַ חשוב׳ען אָרט צווישען די גדולי־התורה אין ארץ־ישראל. דער עלטסטער פון די רבנים, ר׳ יעקב בירב, האָט איהם מיט פרייד געגעבען סמיכה אויף רבנות. אין צפת האָט ר׳ יוסף קארו פערפאַסט אַ נייע זאַמלונג פון אידישע דינים פאַר׳ן געברויך פון פאָלק, אונטער׳ן נאָמען „שלחן ערוך״ („געגרייטער טיש״, געדרוקט אין ווענעדיג, אין יאָהר 1565).

דער שלחן־ערוך בעשטעהט פון פיער טייל: „אורח חיים״, וועלכער ענטהאַלט אַלע דינים וועגען די תפלות, שבת און די ימים טובים; „יורה דעה״, וועלכער נעהמט אריין אַלע דינים וועגען

כשר און טריפה, שחיטה, פיהרונג פון הויז; „אבן העזר", ענט־
האלט די דינים פון פאמיליען־לעבען, חתונות און גט'ן, און „חשן־
משפט", וועלכער בעשטעהט פון דיני נפשות און דיני ממונות
(קרימינעלע און ציווילע געזעצען). דיזע אלע אבטיילונגען פון
פריהערע זאמלונגען ווערען דא דערפילט מיט נייע דינים און
תקנות, וועלכע זיינען אויסגעארבייט געווארען אויפ'ן סמך פון
פארשיידענע רבנישע ערקלערונגען און פאלקס־מנהגים. דער שלחן־
ערוך איז פון דעמאלט אן געווארען די פולסטע און פאלקאמסטע
זאמלונג פון אידישע דינים. די מענשען פון יענער צייט האבען בע־
וואונדערט דעם גוואלטיגען קאפ און די אונגעהויערע לומדות פון
דעם מחבר פון „שלחן ערוך", און א סך האבען געהאלטען, אז ער
האט גערעדט ברוח הקדש. עס איז ארומגעגאנגען א זאגע אז צו
ר' יוסף קארו פלעגט זיך בעווייזען א „מגיד" פון הימעל, וועלכער
פלעגט איהם איבערגעבען די גרויסע אמת'ן פון דער תורה. ר'
יוסף קארו האט זיך אויך פלייסיג אבגעגעבען מיט דער קבלה,
וועלכע האט דעמאלט שטארק בעשעפטיגט די מוחות פון די אידען
אין פאלעסטינא.

§38. די קבלה; דער אר"י הקדוש. אין 16טען יאהר־
הונדערט האט די קבלה זיך אנגעהויבען שטארק צו פארשפרייטען
צווישען די אידען. די ליידען וואס דאס פאלק איז אויסגעשטאנען
האבען געשטויסען זיין געדאנק אין דער וועלט פון סודות, האבען
געוועקט אין איהם געדאנקען וועגען יענער וועלט אדער וועגען ביאת
המשיח, וועלכער וועט ברענגען די גאולה פון אידישען פאלק.
גראד אין יענער צייט איז צום ערשטען מאל אבגעדרוקט געווארען
דער „זהר", וועלכער איז ביז דעמאלט אומגעגאנגען נאר אין כתב־
יד, און דאס האט געהאלפען אז די אידעען פון דער קבלה זאלען
זיך נאך מעהר פארשפרייטען. עס האבען זיך בעוויזען מענשען
וואס האבען געפיהרט א לעבען פון נזירים, האבען געפרעדיגט וועגען
תשובה טהאן און וועגען מלכות השמים; זיי האבען געגלויבט, אז
דורך דער קבלה קען מען קומען צו אזא מדרגה פון קדושה, אז מען
זאל קענען זיך פארבינדען מיט די הימלישע גייסטער. אין צפת
האבען אין יענער צייט געלעבט די בעריהמטע מקובלים משה קאר־
דאווארא און אליהו ווידאס. קארדאווארא פלעגט זאגען אז עס זיינען

פאַרהאַן דריי מדרגות פון חכמה: די תורה, דער תלמוד און די קבלה; פון די דריי איז די לעצטע די העכסטע, ווארום זי אנט־פלעקט די סודות פון גאָט. ווידאָס'עס ספר „ראשית חכמה" איז פול מיט שטרענגען מוסר און שרעקליכע בילדער פון אָבקומעניש נאָכ'ן טויט. אין צפת האָט זיך געבילדעט א חברה פון „יראים" (גאָטספאָרכטיגע לייט), וועלכע פלעגען זיך פערזאמלען יעדען פרייטאָג אין שוהל און זיך מתודה זיין איינער פאר'ן אנדערען אין זייערע עברות, וואָס זיי האָבען געטהאָן דורך דער וואָך. בראש פון דיזער חברה איז געשטאַנען א בעגייסטערטער יונגער מקובל ר' יצחק לוריא אשכנזי אָדער דער אר"י הקדוש (א פערקירצונג פון „אשכנזי רבי יצחק").

דער אר"י איז געבאָרען געוואָרען אין ירושלים אין יאָהר 1534, אין אַן אשכנזישער פאַמיליע. זיין יוגענד האָט ער פארבראכט אין מצרים, וואו ער האָט געלערנט תלמוד ביים הויפּט־רב פון קאירא, אָבער דער תלמוד אליין האָט ניט בעפרידיגט זיין גייסט. ער האָט זיך פארטיעפט אין דעם „זהר" און דאָרטען געזוכט א תירוץ אויף די העכסטע פראַגען פון גלויבען און לעבען. ער האָט אָנגעהויבען צו פיהרען א לעבען פון התבודדות און פלעגט פאסטען א סך תעניתים, וועלכע ער פלעגט פארברענגען אין תפלות. צייטענווייז פלעגט ער אריינפאלען אין א העכסט־בעגייסטערטען צושטאנד אַן דאַן פלעגט זיך איהם אויסדאַכטען אז ער הערט שטימען פון אויבען און אז עס אנטפלעקען זיך פאַר איהם וואונדערליכע זעהונגען. אין יאָהר 1570 איז דער אר"י אָנגעקומען אין צפת און איז אריינגעטראָטען אין דער דאָרטיגער חברה פון די מקובלים און איז געוואָרען זייער מנהיג. אָפט פלעגט דער אר"י צוזאמען מיט זיינע חברים ארויסגעהן הינטער'ן שטאָדט אין דאָרט, וואנדערענדיג איבער די פוסטע פעלדער און בית־עולם'ס, פלעגט ער זיי ענטדעקען די סודות פון אמונה. אין בעשטימטע טעג פלעגען זיי ארויסגעהן הינטער צפת, וואו עס האָט זיך, לויט א מסורה, געפונען דער קבר פון רבי שמעון בן־יוחאי, וועלכער איז אָנגענומען אלס דער מחבר פון דעם זהר. דאָ פלעגען זיי פראווען געהיימניספולע צערעמאָניעס, זינגען בעגייסטערטע תפלות און ריידען וועגען דעם אז עס דערנעהנטערט זיך דער „קץ", און ווי

אזוי מען זאל זיך גרייטען פאר'ן אנקומען פון משיח'ן. פלוצלינג איז דער אר"י נפטר געווארען; ער איז געשטארבען פון דער מגפה אין יאהר 1572, אין עלטער פון 38 יאהר. דער דאזיגער פלוצלינגער טויט פון אר"י האט געמאכט א שרעקליכען איינדרוק אויף זיינע תלמידים. מען האט אנגעהויבען ריידען פון איהם אלס א הייליגען מאן, און מען פלעגט זאגען, אז דער אר"י איז עס געווען דער „משיח בן־יוסף", וועלכער דארף קומען פריהער אלס אנזאגער פאר „משיח בן־דוד". נאכ'ן טויט פון אר"י איז זיין נאהנטסטער תלמיד, ר' חיים וויטאל, געווארען דער לעהרער און מנהיג פון זיינע תלמידים. ר' חיים וויטאל איז געווען דער זוהן פון א סופר. ר' חיים וויטאל האט פארשריבען אין א ספר די לעהרען וואס דער אר"י פלעגט איבערגעבען אויסוועניג, און דערביי האט ער אויך אריינגעגעבען א סך איינענע געדאנקען.

דער תמצית פון דער לעהרע פון דעם אר"י און ר' חיים וויטאל, וועלכע האט זיך גערופען די „פראקטישע קבלה" (קבלה מעשית) בעשטעהט אין פאלגענדעס: דעם מענש, צוליעב זיין זינדיגער נאטור, האט זיך דערוויימערט פון זיין געטליכען מקור, פון דער וועלט פון ריינע גייסטער, און איז אריינגעפאלען אונטער דער שליטה פון אומריינע גייסטער (די קליפה). די אויפגאבע פון דעם מאמין דארף זיין—צו בעפרייען זיין נשמה פון דער ממשלה פון בייזען גייסט און דורך תעניתים און תפלות זיך באהעפטען צוריק צו דער געטליכקייט. נאכ'ן טויט ווערט די נשמה אויסגעלייטערט דורך נע־ונד זיין אדער גלגולים: די נשמה פון דעם זינדיגען געהט אריבער אין דעם גוף פון אן אנדער מענשען, און אויב זי פארריכט זיך ניט אין דיזען נייעם קערפער, געהט זי נאכער אריין אין קערפער פון א דריטען מענשען, און אזוי ווייטער, ביז זי ווערט אויסגערייניגט. עס טרעפט אמאל אז די נשמה געהט אריין אין דעם קערפער פון א חיה און ליידט די גרעסטע יסורים. עס איז פארהאן אן ענגע פערבינדונג צווישען דעם מענשען און די אויבערשטע גייסטער. יעדע טהאט, יעדעס ווארט פון דעם מענשען מאכט עפים אן איינדרוק אין די העכערע וועלטען דורך א תפלה אדער אן אנדער מצוה געשעהען גאנצע איבערקערענישען אין הימעל. מען קען אפילו

„אראָבבערנגען משיח׳ן״, ד. ה. פארשנעלערען דעם קץ דורך פאַס־טען און תשובה טהאָן. אין יעדען פאַל דאַרף מען שטענדיג טרויערען אויפ׳ן חורבן פון דער אידישער מלוכה, פון ירושלים און דעם בית־המקדש; מען דאַרף מיט׳ן גאַנצען הארצען פער־לאַנגען און וואַרטען אויפ׳ן קומען פון משיח׳ן, דעם גואל. דיזע לעהרען פון די „פראַקטישע״ קאַבאַליסטען האָבען געפונען אַן אָבקלאַנג אין די מוחות און הערצער פון די אידען, און ענדליך האָבען זיי געבראַכט צו דער משיח־בעוועגונג, וואָס האָט אויפ־געשטורמט אין 17טען יאָהרהונדערט די גאַנצע אידישע וועלט.

§39. *שבתי צבי.* די אידען פון טערקיי, און איבערהויפט פון ארץ־ישראל, זיינען אַלץ מעהר אונטערגעפאַלען אונטער דער השפעה פון די בעלי־הקבלה, וועלכע האָבען געגלויבט אז משיח דאַרף באַלד קומען. די קלאַנגען אז די גאולה קומט אָן און אז באַלד וועט דאָס אידישע לאַנד צוריק אויפגעשטעלט ווערען האָבען זיך פארשפרייט אויך צווישען די אידען פון אנדערע לענדער. אין אזיען און איירָאָפּאַ האָבען פיעלע געטראַכט און געוואָלט טרעפען די צייט ווען משיח וועט קומען. מען האָט געזאָגט, אז דער וואונדער וועט געשעהן אין יאָהר 1648, לויט אַ טונקעלער אָנצוהערעניש אין זהר. און אין יענעם יאָהר האָט זיך אין טערקיי ווירקליך בעוויזען אַ מענש, וועלכער האָט זיך ערקלערט פאַר׳ן גואל און בעפרייער פון אידישען פאָלק. דאָס איז געווען ש ב ת י צ ב י.

שבתי צבי איז געבאָרען געוואָרען אין דער טערקישער שטאָדט סמירנא, אום תשעה באב פון יאָהר 1626, ביי אַ סוחרישער פאַ־מיליע פון ספרדישער אָבשטאַמונג. ער האָט געהאַט זעהר אַ שעהנעם אויסזעהן, האָט בעזעסען אַ זיסען, קלינגענדיגען קול און פאַרמאָגט גרויסע גייסטיגע פעהיגקייטען. נאָך גאַנץ יונג האָט ער ערלערנט דעם תלמוד און די קבלה. זיין רבי אין תלמוד איז געווען דער בעריהמטער סמירנער רב ר׳ יוסף אסקופי, און אין לערנען די קבלה האָט ער זיך געהאַלטען אָן דעם אר״י׳ס שיטה פון התבודדות. שבתי צבי האָט געהאַט אַ נייגונג צו שטימונגען און דעריבער פלעגט ער אויסמיידען חברים און פלעגט בעסער פאַר־ברענגען אין אָבגעזונדערטקייט. מען האָט איהם חתונה געמאַכט זעהר יונג, אַזוי ווי עס איז דער מנהג אין די מזרח־לענדער; אָבער

ער האָט זיך ענטזאגט פון פארהייראטעטן לעבען און האָט זיך געג'גט מיט זיין ווייב. וואָס מעהר שבתי צבי האָט זיך פערטיפט אין דעם זהר און אין דעם אר"י'ם קבלה אַלץ שטארקער איז געוואָרען אין איהם דער פערלאנג צו נעהמען אויף זיך יענע גרויסע תשובה און אויסלייטערונג, דורך וועלכער, ווי די קבלה האָט געלערנט, עס איז מעגליך געווען שנעלער אראָבצוברענגען משיח'ן. און ער פלעגט פארברענגען טעג אין תפלות און פאסטען, אזוי לאנג ביז ער איז אריינגעפאלען אין א צומישעניש. אין אזא צשטאנד, ביי וועלכען עס פארשווינדט די גרעניץ צווישען פאנטאזיע אוןווירקליכקייט, איז פאר שבתי צבי ניט שווער געווען איינצורעדען זיך, אז ער אליין איז עס טאקע בעשטימט צו זיין משיח. דאָס בעוואוסטזיין, אז ער איז גערופען צו עפּיס גרויסעס, פלעגט זיך ארויסווייזען אפילו אין זיין בענעהמונג צו זיינע חברים. די לעצטע פלעגען ניט ווילענדיג זיך אונטערגעבען צו דער ווירקונג פון דעם בעגייסטערטען נזיר, וועלכער האָט זיי אריינגעפיהרט אין די סודות פון דער קבלה. ווען ער איז נאָך קוים 20 יאָהר אלט געווען איז שוין שבתי צבי געשטאנען בראש פון א חברה יונגע טרוימער (מיסטיקער), וועלכע עס האָט פאראייניגט א פייערינער גלויבען אז באלד קומט משיח. ווען עס איז געקומען דאָס יאָהר 1648 האָט שבתי צבי בעשלאָסען אז עס איז געקומען די צייט פאר איהם נתגלה צו ווערען, און איינ־מאָל שבת האָט ער אין שוהל אין סמירנא, הויך אויף א קול, ארויס־גערעדט דעם שם המפורש, ד. ה. ער האָט ארויסגערעדט גאָט'ס נאָמען „יהוה" אין אלע פיער אותיות, וואָס דאָס איז, לויט דער מסורה, ערלויבט געווען בלויז דעם כהן גדול אין בית־המקדש. דאָס האָט געדארפט בעדייטען, אז עס איז שוין נאָהנט די צייט ווען דער בית־המקדש וועט אויף דאָס נייע אויפגעבויט ווערען.

אז די רבנים פון סמירנא, און צווישען זיי אויך זיין געוועזענער רבי ר' יוסף אסקופי, האָבען דערהערט פון שבתי צבי'ס ארויסטריט, האָבען זיי ארויפגעלעגט א חרם אויפ'ן זעלבסט־געקרוינ־טען משיח און זיינע אנהענגער. שבתי צבי איז געווען געצוואונגען צו פארלאָזען זיין געבורטסשטאָדט (1651), אָבער דאָס האָט נאָר פארשפרייט זיין שם. זיינע אנהענגער האָבען אָנגעהויבען זאָגען, אז דאָס ריכט ער אָב גלות, און ער אליין פלעגט אומגעהן איבער

פערשיידענע שטעדט פון טערקיי און פרעדיגען זיין לעהרע. אין קאנסטאנטינאפאל, סאלאניקי, ירושלים און קאירא האט ער גע־קראגען א מאסע נייע נאכפאלגער. אין קאירא, די הויפטשטאדט פון מצרים, האט שבתי צבי געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאמקייט דורך פאלגענדען אויפטהו: אין יענער צייט האט מען א סך גע־רעדט וועגען עפיס א מערקווירדיגער אידישער מיידעל פון פוילען, שרה, וועלכע מען האט קליינערהייד אוועקגערויבט פון איהרע על־טערען און אויפגעצויגען אין א קריסטליכען מאנאסטיר, נאר דערנאך איז זי אנטלאפען קיין האלאנד און איז צוריק אריבער צום יודענטום. די מיידעל האט ניט אויפגעהערט צו טענה'ן, אז זי איז באשטימט צו זיין די ווייב פון דעם אידישען משיח. ווען שבתי צבי האט דאס דערהערט האט ער אויך ערקלערט אז מען האט איהם פון הימעל בעפעהלען חתונה צו האבען מיט שרה'ן. אין גיכען זיינען שלוחים פון „משיח'ן" אוועק קיין אייראפא און האבען געבראכט צו פיהרען שרה'ן, וועלכע איז געווען א גרויסע שעהנהייט. אין קאירא איז מיט גרויסע צערעמאניעס פארגעקומען די חתונה צווישען דער דא־זיגער געהיימניספולער מיידעל און שבתי צבי.

אט די אלע פאסירונגען האבען צוטומעלט די קעפ פון די אידען און אנגעפילט זייערע הערצער מיט אונקלארע האפנונגען. דער חרם פון די רבנים, וואס איז געלעגען אויף שבתי צבי, איז פאר־געסען געווארען, און ווען ער איז נאך לאנגע וואנדערונגען געקומען צוריק קיין סמירנא, פון וואנען ער איז פריהער פארטריבען געווא־רען, האט דער המון איהם מקבל פנים געווען מיט פייערליכע אויס־געשרייען: „יחי המלך המשיח!" (לעבען זאל דער קעניג משיח). די צאל פון שבתי צבי'ס אנהענגער איז געוואקסען מיט יעדען טאג. עס האבען זיך אויך בעוויזען זעלבסט־גערופענע נביאים, וועלכע האבען אומעטום געפרעדיגט, אז גאט האט געבראכט דעם גואל פון סמירנא און אז עס קומט אן די צייט פון נסים. דער פלייסיגסטער פון די דאזיגע נביאים־אנזאגער איז געווען נתן פון גזה, אין ארץ־ישראל. נתן פלעגט פאנאנדערשיקען צו די אידישע קהילות זיינע „נביאות", אז דער משיח פון סמירנא וועט באלד ארונטעררייסען די קרוין פון קאפ פון דעם טערקישען סולטאן און נאך א סך מופתים און וואונדער וועט ער אוועקפיהרען אלע אידען קיין ירושלים. אין

גיכען האָט מען פון שבתי צבי אָנגעהויבען צו ריידען אין אַלע לענדער פון אייראָפּא, אין איטאַליען, האָלאַנד און דייטשלאַנד. פיעלע האָבען געגלויבט אַז דאָס אידישע פאָלק שטעהט ערב גרויסע געשעהענישען. עפּיס אַזוי ווי אַ מין גייסטיגע שכרות האָט אַרומ־געכאַפּט דאָס פאָלק. איינע פלעגען זיך צונויפקלייבען אין געזעמ־לען און זיך איבערגעבען צו לוסטיגקייט, זינגען און טאַנצען, און אַנדערע פלעגען זיך פּייניגען מיט תעניתים, פלעגען תפלה טהאָן, און פאַר אַלעמען אין די אויגען זיך מתודה זיין אויף זייערע זינד, אָבער סיי די סיי יענע האָבען זיך געגרייט מקבל פּנים צו זיין דעם גואל. אין שוהל פלעגט מען זאָגען בעזונדערע תפלות פאַר משיח'ן, שבתי צבי. אַפילו די קריסטען האָבען אַ סך גערעדט און געשריבען וועגען דעם אָנקומען פון דעם אידישען משיח און האָבען פאַרבונדען דיזע געשעהעניש מיט אַלטע ערקלערונגען פון פרומעלייט, וועלכע האָבען אויפ'ן סמך פון דעם אַפּאָקאַליפּסיס (דער „חזון יוחנן", דאָס הייסט יוחנן'ס פּראָפעצייאונג אין נייעם טעסטאַמענט) פאָראויסגעזאָגט אַ וועלט־איבערקערעניש אין יאָהר 1666. אומזיסט האָבען די בעסערע רבנים אויפגעהויבען זייער קול געגען דער לייכטזיניגקייט פון פאָלק. קיינער האָט זיי ניט געהערט. אַלע בליקען זיינען געווען געווענדט צום מזרח, פון וואַנען מען האָט זיך געריכט אויף גרויסע געשעהע־נישען, נסים און וואונדער.

§40. די משיח־בעוועגונג און איהר סוף. עס איז אָנגע־קומען דאָס יאָהר 1666, ווען עס האָט געזאָלט, לויט די נביאות פון שבתי צבי און זיינע נביאים, פאָרקומען די גרויסע איבערקערעניש. מען האָט זיך געריכט, אַז אין דיזען יאָהר וועט משיח אריינטרעטען אין דער הויפּטשטאָדט פון טערקיי און וועט ווייזען דעם סולטאַן זיין מאַכט. שבתי צבי איז ווירקליך אוועק קיין סטאַמבול (קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל), בעגלייט פון זיינע חשוב'סטע אנהענגער. דערווייל האָט די טערקישע רעגירונג זיך דערוואוסט וועגען דעם שטורם צווישען די אידען און האָט אָנגענומען איהרע מיטעל. ווי נאָר שבתי צבי און זיינע בעגלייטער זיינען אָנגעקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבען די טערקישע בעאַמטע זיי אַרעסטירט און פערשפּאַרט אין געפענגנים (פעברואַר 1666). אין צוויי חדשים אַרום האָט דער גרויסוויזיר בעפעהלען זיי צו פערשפּאַרען אין דער פעסטונג אַבי־

דאָס, ניט ווייט פון סטאַמבול. נאָר די געפאַנגענשאַפט פון משיח'ן האָט ניט נאָר ניט אָבגעשוואַכט, נאָר האָט נאָך פערשטאַרקט דעם גלויבען אין איהם. אין פאָלק האָבען זיך פארשפרייט שמועסען אז דער „גואל ישראל" לעבט עס איצט איבער יענע ענויים, וועלכע האָבען געדאַרפט, לויט דער טראַדיציע, פאָרקומען פאַר דער ענד־ליכער בעפרייאונג. זיינע בעגייסטערטע אָנהענגער זיינען זיך צו־זאַמענגעלאָפען פון אַלע לענדער אין דער טערקישער הויפּטשטאָדט, כדי אָנצוקוקען משיח'ן פּנים אל פּנים און הערען פון זיינע ליפּען די גליקליכע בשורה פון דער גאולה. פיעלע האָבען געבראַכט מיט זיך רייכע מתנות, גאָלד און טייערע חפצים פאַר די בעדערפנישען פון דעם ליידענדען משיח. און דער „ליידענדער משיח" איז געזעסען אין אבידאָס אַזוי ווי אַ פירשט אין זיין פּאַלאַץ. די אונטערגע־קויפטע טערקישע וואַך האָט צוגעלאָזען צו איהם אַלע בעזוכער און שלוחים. דער שלאָס אבידאָס האָט געקראָגען דעם נאָמען ביי די שבתי צבי'ניקעס „מגדל־עז" (דער טורם פון שטאַרקייט). פון דאַנען פלעגט שבתי צבי פאַנאַנדערשיקען זיינע בעפעהלען. ער האָט בע־פעהלען בטל צו מאַכען דעם תענית פון תשעה באב, וואָס איז איינ־געשטעלט געוואָרען לזכרון פון חורבן ירושלים, און איהם פער־וואַנדלען אין אַ פרעהליכען יום־טוב, ווארום אין דיזען טאָג איז געבאָרען געוואָרען שבתי צבי דער משיח, וועלכער וועט באַלד צוריק אויפשטעלען דעם בית־המקדש און די אידישע מלוכה.

צווישען די שלוחים, וואָס פלעגען פון פערשיידענע לענדער קומען צו שבתי צבי, זיינען אויך געווען שלוחים פון די פּוילישע אידען. איינער פון די פּוילישע שלוחים, דער מקובל נחמיה כהן, האָט ניט געגלויבט איינגאַנצען אין שבתי צבי און האָט איהם גע־וואָלט אויספּרובען. פון עטליכע שמועסען וואָס ער האָט געהאַט מיט איהם האָט זיך נחמיה איבערצייגט, אז שבתי צבי נאַרט נאָר דאָס פאָלק. דעמאָלט איז נחמיה אוועק אין סולטאַנ'ס הויף און האָט דערצעהלט וועגען אַלץ וואָס טהוט זיך אין דעם אבידאָס. די זאַך איז דערגאַנגען צום סולטאַן מאַחמעד דעם 4טען. דער דערצאָרנטער סולטאַן האָט געוואָלט לאָזען היגריכטען שבתי צבי אַלס בונטאָוור־שטשיק. ווען מען האָט שבתי צבי געבראַכט אין סולטאַנ'ס הויף האָט איהם איינער פון די הויפליים אַן עצה געגעבען ער זאָל אָנ־

נעהמען דעם מאַחמעדאַנישען גלויבען און דערמיט ווייכער מאַכען דעם צאָרן פון דעם סולטאַן. מורא האָבענדיג פאַר זיין לעבען האָט דער פאַלשער משיח זיך ענטשלאָסען אויף דעם שרעקליכען שריט: ווען מען האָט איהם געבראַכט פאַר'ן סולטאַן האָט ער אָנגעטהאָן א טערקישע מיצקע אַלס א צייכען אז ער נעהמט אָן דעם איסלאַם. דאָס זעלבע האָבען געטהאָן זיין ווייב שרה און אייניגע פון זיינע תלמידים. שבתי צבי איז בעשטימט געוואָרען אַלס הויפּמאַן אין דעם סולטאַנישען הויף אין אדריאַנאָפּאָל און האָט געקראָגען דעם נאָמען מאַחמעד־עפענדי (אויגוסט 1666).

נאָר אפילו נאָכדעם ווי ער האָט זיך שוין גע'שמד'ט האָט שבתי צבי ניט אויפגעהערט צו פאַרפיהרען זיינע אָנהענגער. די טערקען האָט ער פערזיכערט אז דאָס ווענדט ער אָן אַלע זיינע כחות צו בעקערען זיינע גלויבענסברידער צום איסלאַם; און די אידען האָט ער איינגעשמועסט, אז ער האָט נאָר לפּנים אָנגענומען דעם פרעמדען גלויבען כדי צוצוציהען די מאַחמעדאַנער צום יודענטום און דאדורך אויסלייזען די פרעמדע פעלקער אויך. די בעגייסטערטע נאָכפאָלגער פון דעם פאַלשען משיח האָבען געגלויבט אַלע נארישקייטען, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען אין זיין נאָמען. מאַנכע האָבען פרייוויליג אָנגענומען דעם איסלאַם, כדי צו ווערען שותפים צו דער טהאַט פון אויסלייזונג, וואָס דער משיח האָט געהאַלטען אין פאַרווירקליכען. אנדערע ווידער האָבען גע'טענה'ט, אז ניט שבתי צבי נאָר זיין שאָטען האָט אָנגענומען דעם איסלאַם און איז געבליבען אויף דער ערד אין דעם געשטאַלט פון מאַחמעד עפענדי, אָבער משיח אַליין איז ארויף אויפ'ן הימעל און וועט זיך בעווייזען ווען עס וועט קומען די צייט פון דער גאולה. נתן און אנדערע „נביאים" האָבען פאַרשפּרייט אַזעלכע מעשות אין אַלע לענדער און דער המון האָט נאָך לאַנג געגלויבט אז שבתי צבי איז געוועזען דער שליח פון גאָט. דערווייל האָט שבתי צבי זיך אויפגעפיהרט אין דעם אדריאַנאָפּאָלער הויף זעהר מאָדנע: אָט פלעגט ער זיך מאַכען פאַר א פייערדיגען מאַחמעדאַנער, און אָט פלעגט ער פּראַווען אידישע תפלות מיט טענץ און געזאַנג. דער טערקישער רעגירונג איז ווידער געוואָרען פּערדעכטיג זיין אויפפיהרונג, און מען האָט שבתי צבי פאַרשיקט אין דולצינא, א פאַרוואָרפענע שטעדטעל אין

אלבאניען, וואוהין מען האָט קיינעם פון זיינע אנהענגער ניט צו־געלאָזען. דאָרט איז דער פאלשער משיח געשטאָרבען אין יאָהר 1676 איינזאם און פון אלעמען פערוואָרפען.

דער טויט פון שבתי צבי האָט אויסגעניכטערט דעם גרעסטען טייל פון זיינע נאכפאָלגער אין אזיען און אייראָפּא. פיעלע האָבען זיך בעזינט און האָבען שטארק חרטה געהאט וואָס זיי האָבען זיך געלאָזט אזוי לייכטזיניג פארפיהרען. די רבנים זיינען געוואָרען נאָך מעהר פארביטערט געגען די שבתי צבי'ניקעס און האָבען שטרענג אכטונג געגעבען אז אין זייערע קהילות זאָלען זיך ניט געפינען קיין אָנהענגער פון דעם משיח, וואָס האָט זיך גאָר גע־שמד'ט. פונדעסטוועגען זיינען נאָך געבליבען לייכטגלויביגע מענ־שען, וועלכע האָבען נאָך אלץ געגלויבט אז שבתי צבי איז געווען א געטליכער מענש. זיי האָבען געגלויבט, אז משיח איז ארויף אויפ'ן הימעל און אז ער וועט אין גיכען זיך בעווייזען צוריק אויף דער ערד און וועט בעפרייען דאָס אידישע פאָלק. אין טערקיי האָט זיך געבילדעט א סעקטע שבתי צבי'ניקעס, בראש פון וועלכער עס איז געשטאנען שבתי צבי'ס שוואָגער, יעקב צבי. דער הויפּט־נעסט פון דער כתה האָט זיך געפונען אין סאלאָניקי, וואו עס האָבען געלעבט שבתי צבי'ס קרובים. דיזע סעקטע האָט געהאט מאָדנע בעגריפען וועגען גאָט און וועגען מאָראל. זייערע פיהרער האָבען געלערנט, אז עס זיינען פארהאן צוויי געטער: דער בעשעפער פון דער וועלט און דער גאָט פון אידישען פאָלק; דער לעצטער איז אראָבגעקומען אויף דער ערד אין דער געשטאלט פון שבתי צבי. ווייטער האָבען זיי געלערנט, אז די דינים פון מאָראל איז ניט נויטיג אָבצוהיטען, און אז „באחרית הימים" (אין דעם סוף פון די טעג) מעג מען זינדיגען וויפיעל מען וויל. און די מיטגליע־דער פון דער דאָזיגער סעקטע האָבען זיך ערלויבט אלערליי אויס־געלאסענקייטען. די טערקישע בעאמטע האָבען זיך אומגעקוקט אויף דער אונמאָראלישער אויפפיהרונג פון די שבתי צבי'ניקעס איז סא־לאָניקי, און האָבען זיי אָנגעהויבען צו פערפאָלגען. כדי פטור צו ווערען פון די רדיפות האָבען די סעקטאנטען נאָכגעטהאָן דעם ביישפּיעל פון דעם פערשטאָרבענעם משיח—זיי האָבען אָנגענומען דעם איסלאם, אן ערך פון 400 פערזאָן (1687). יעקב צבי און די

אַנדערע פיהרער פון דער סעקטע האָבען פאַרזיכערט אַז זייער עובר זיין אויף זייער אמונה האָט אויך אַ פאַרבאָרגענע כונה. נאָכ'ן טויט פון יעקב צבי איז די פיהרערשאַפט פון די סאַלאָניקער שבתי צבי'ניקעס אריבער צו זיין זוהן ברכיה (1695—1740). אין זיין צייט האָט זיך די סעקטע אַלץ מעהר געשטאַרקט. איהרע מיט־גליעדער האָבען לפנים אָבגעהיט דעם איסלאַם און אין געהיים האָבען זיי געגלויבט אַז שבתי צבי איז די פאַרקערפּערונג פון גאָט. די שבתי צבי'ישע סעקטע אין סאַלאָניקי האָט נאָך עקזיסטירט זעהר לאַנג. רעשטען פון איהר זיינען נאָך געבליבען ביז היינטיגען טאָג אונטער'ן טערקישען נאָמען „דאָנמע” (אָבטריניגע).

---

## אַכטער קאַפּיטעל.

# די אידען אין מערב־אייראָפּא פון 16טען ביז'ן 18טען יאָהרהונדערט.

§41. איטאַליען. נאָכ'ן גירוש שפּאַניען האָט אַ גרויסער טייל פון די ארויסגעטריבענע אידען זיך בעזעצט אין איטאַליען, וואו זייערע פאָלקסברידער האָבען געלעבט פערהעלטניסמעסיג רו־היג. בראש פון דיזע אויסוואַנדערער איז געשטאַנען דאָן יצחק אברבנאַל, דער לעצטער גרויסער פיהרער פון שפּאַנישען יודענטום. לכתחלה האָט זיך דער אברבנאַל בעזעצט אין נעאַפּאָל און שפּעטער אין ווענעדיג. אַ שטיקעל צייט האָט ער פאַרנומען אַ רעגירונגס־אַמט אין דעם הויף פון דעם נעאַפּאָלער קעניג, נאָר דערנאָך האָט ער די שטעלע אויפגעגעבען און האָט זיך געווידמעט איינגאַנצען צו זיינע געלערנטע ארבייטען (ער האָט אָנגעשריבען אַ גרויסען פּירוש אויפ'ן תנ"ך און אייניגע ספרים וועגען דער אידישער רעליגיאָן). צוטרייסעלט פון די שווערע ליידען וואָס דאָס פאָלק האָט איבער־געלעבט האָט דער אברבנאַל אין זיינע ספרים זיך דער עיקר פאַר־טיעפט אין דעם משיח געדאַנק. ער האָט געפּרובט, אויפ'ן גרונד פון די רייד פון די נביאים און אַלטע טראַדיציעס, בעשטימען די צייט ווען משיח דאַרף קומען, און איהם האָט זיך געדוכט אַז די

דאָזיגע צייט איז זעהר נאָהנט. דערנעהנטערענדיג זיך צו זיין טויט האָט דער גרויסער זקן זיך געטרייסט מיט'ן געדאנק, אז עס איז נאָהנט די שטונדע פון אויסלייזונג פאר'ן שווער־ליידענדען פאָלק. ער איז געשטאָרבען אין ווענעדיג, אין יאָהר 1509.

אין קורצען נאָך זיין טויט האָט צווישען די איטאַליענישע אידען ווירקליך אויפגעלעבט די האָפנונג אז משיח קומט. אין יאָהר 1524 איז קיין ווענעדיג אָנגעקומען פון מזרח א געהיימניס־פולער אלטער מאַן, וועגען וועלכען עס איז שווער צו זאָגען צי ער איז געווען א שווינדלער אָדער א טרוימער. ער האָט זיך אָנגערופען דוד, פון שבט ראובן, און האָט דערצעהלט אז ער פאָהרט פון וויטען אראביען, וואו עס עקזיסטירט בלומרשט א אידישע מלוכה, וועלכע איז בעוואוינט פון די קינדער פון די צוויי פאסטוכער שבטים ראובן און גד, אז זיין ברודער איז דער קעניג אין יענעם לאנד, און אז ער, דוד, איז געשיקט געוואָרען פון דאָרט קיין איי־ראָפּא מיט א וויכטיגער שליחות צו די קריסטליכע מלכים. דוד הראובני איז ארייגעפאָהרען קיין רוים רייטענדיג אויף א ווייסען פערד, דאָן איז ער אוועק אין הויף צום פאבסט קלעמענס דעם 7טען און האָט געהאט מיט איהם א לאנגען געשפרעך. פון אי־טאליען איז דוד אוועקגעפאָהרען קיין פאָרטוגאל און איז דאָרט אויך אויפגענומען געוואָרען מיט כבוד פון קעניג יאָהאַן דעם 3טען, אלס שליח פון אידישען קעניג. די אלע געהיימע פערהאנדלונגען האָבען געבאָרען צווישען אידען דעם גלויבען, אז באלד—באלד וועלען פּאָרקומען וויכטיגע געשעהענישען. מען האָט גערעדט, אז די אראבישע אידען האָבען עס געשיקט דוד'ן קיין אייראָפּא צו קריגען פייער־וואָפען, אזוי ווי זיי קלייבען זיך צו געהן מלחמה האלטען מיט טערקיי און אָבנעהמען ביי איהר ארץ־ישראל.

איבערהויפּט האָבען זיך גערודערט אין שפּאניען און פּאָר־טוגאל די געהיימע אידען—די מאראנען, וועלכע האָבען געליטען פון דער אינקוויזיציע. איין יונגער מאראנאָ פון ליסאבאָן, שלמה מולכו האָט זיך אָנגעקניפּט אָן דוד ראובני. מולכו האָט אָנגעהויבען זיך צו פארטיפען אין דער קבלה און, גלייך מיט זיינע צייט־ברידער אָנגעהויבען טרוימען וועגען באלדיגען ביאת המשיח. מיט די דאָזיגע געדאנקען איז דער יונגער מולכו אוועק קיין טערקיי און

ארץ־ישראל, האָט זיך פאַרבונדען מיט די דאָרטיגע מקובלים און פלעגט האַלטען פייערדיגע דרשות וועגען דער נאָהנטער גאולה. פון דאָרט האָט ער זיך אומגעקערט קיין אייראָפּאַ און איז אוועק קיין רוים, וואו ער האָט אָנגעהויבען פיהרען געהיימע פערהאַנד־לונגען מיט'ן פּאַבסט. אין גיכען האָט מולכו אַלעמען איבערראַשט מיט אַ געוואַגטען שריט: צוזאַמען מיט דוד ראובני איז ער אוועק קיין רעגענסבורג, צום דייטשען אימפּעראַטאָר קאַרל דעם 5טען; זיי האָבען דערצעהלט דעם קעניג וואָס זיי האָבען בדעה צו טהאָן— צו רופען די אידען אויף אַ מלחמה מיט טערקיי אָבצונעהמען ארץ־ישראל. דער סוף פון דיזע פערהאַנדלונגען איז געווען אַ העכסט טרויעריגער: דער קעניג האָט געהייסען אַרעסטירען ביידע וואַנ־דערער און האָט זיי אוועקגעפיהרט מיט זיך קיין איטאַליען. דאָ איז מולכו, אַלס אַנטלאָפענער מאַראַנאָ, פעראורטיילט געוואָרען פון דער אינקוויזיציע צום טויט: מען האָט איהם פאַרברענט אין מאַנטואַ אין יאָהר 1532. ראובני איז אָבגעפיהרט געוואָרען קיין שפּאַניען, וואו ער האָט זיך עטליכע יאָהר אָבגעוואַלגערט אין תפיסה און איז געשטאָרבען.

די אידען זיינען ביטער ענטוישט געוואָרען אין זייערע ער־וואַרטונגען. דערווייל האָט זייער לאַגע אין איטאַליען אויך אָנגע־הויבען ערגער צו ווערען. די פּאַבסטען האָבען אָנגעהויבען צו פערפאָלגען די אידען אין זייערע ממשלות און האָבען בענייט די ערנידריגענדע געזעצען פון אינאָקענטי דעם 3טען. אין די שטעדט האָט מען די אידען אָבגעפיהרט אין בעזונדערע קוואַרטאַלען (געהע־טאָס), מען האָט זיי געצוואונגען צו טראָגען דעם שאַנדצייכען, מען האָט זיי ניט ערלויבט צו האָבען מעהר ווי איין שוהל אין אַ שטאָדט. די רדיפות אויפ'ן תלמוד זיינען אויך בענייט געוואָרען. אין יענער צייט האָט דער תלמוד אָנגעהויבען זיך שטאַרק צו פאַרשפּרייטען, אַ דאַנק דער ערפונדענער דרוקעריי־קונסט (דער תלמוד איז צום ערשטען מאָל אָבגעדרוקט געוואָרען אינגאַנצען אין יאָהר 1520, אין ווענעדיג). די אידישע פיינד זיינען אַרוים־געטראָטען מיט דער אַלטער בעשולדיגונג, אַז אין תלמוד געפינען זיך שטעלען וואָס בעליידיגען די קריסטען. די אינקוויזיציע אין רוים האָט בעפעהלען צו פאַרברענען דעם תלמוד. מען האָט געמאַכט



דער אריינגאנג אין דער גהעטא פון רוים.

אַ הויז־זוכונג ביי אַלע אידען אין רוים און מען האָט צוגענומען אַלע ספרים, וואָס מען האָט געפונען. אין דעם טאָג פון ראש־השנה אין יאָהר 1553 זיינען טויזענדע גמרא'ס פארברענט געוואָרען אויפ'ן שייטערהויפען אין רוים. דאָס זעלבע איז געשעהן אין אַנדערע שטעדט פון איטאַליען. שפּעטער האָבען די קאַטוילישע גלחים ערלויבט די אידען צו דרוקען דעם תלמוד אויף דאָס ניי, נאָר נימ אַנדערש, אַז אַלע שטעלען, וואָס זיינען געגען דער קריסטליכער רעליגיאָן זאָלען אויסגעלאָזט ווערען. פאַר דיזען צוועק זיינען בע־שטימט געוואָרען צענזאָרען, דער עיקר פון גע'שמד'טע אידען, וועלכע האָבען אויסגעמעקט אַלע אָנגעוויזענע ערטער און ניט ער־לויבט זיי צו דרוקען.

בעזונדערס פיינדליך האָט זיך בענומען צו די אידען פּאַבסט פּאול דער 4טער. אין צוויי בולאַס וואָס ער האָט ארויסגעלאָזט האָט ער ארויסגעגעבען געגען די אידען פון רוים און אַנדערע שטעדט אונטער דער קירכע'ס ממשלה, אַ רייהע ערנידריגענדע בעגרענצונ־גען אין דעם גייסט פון מיטעלאַלטער. לויט דיזע געזעצען האָבען די אידען אין יעדער שטאָדט געדאַרפט וואוינען אין אַ בעזונדער קוואַרטאַל און טראָגען אַ בעזונדער הלבשה, צו אונטערשיידען זיך פון די קריסטען. פאַר קריסטען איז פארבאָטען געוואָרען צו זיין ביי אידען בעדיענער, זיך היילען ביי אידישע דאָקטוירים, אָדער אפילו אָנרופען אַ אידען „העררʺ. די אידען איז ערלויבט געוואָרען זיך צו פארנעהמען בלויז מיט קליינעם האנדעל, איבערהויפּט מיט אַלטע קליידער, אָדער זיך בעשעפטיגען מיט וואוכעריי אויף קליינע פּראָצענטען ; זיי איז אויך פארבאָטען געוואָרען צו ערווערבען אונבעוועגליכען אייגענטום (די בולאַס פון 1555). די דאָזיגע גרויי־זאַמע און בעליידיגענדע געזעצען האָבען געבראַכט די אידען צו דער העכסטער שטופע פון ערנידריגונג און עקאָנאָמישען חורבן.

פון דער אַנדערער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט אָן האָבען זיך די אידען פון רוים און אַנדערע שטעדט פון איטאַליען אַלץ מעהר אויסגעגלייכט אין רעכטלאָזיגקייט מיט זייערע ברידער אין דייטשלאַנד. דאָס אידישע גהעטאָ אין רוים האָט זיך געפונען אויפ'ן ברעג פון טייך טיבער, אין אַ טאָל וועלכער פלעגט אָפט פאַר־פלייצט ווערען ווען דער טייך פלעגט זיך פאַנאַנדערגיסען. דאָס

גהעטא איז געווען אבגעטיילט פון די איבעריגע טיילען שטאדט מיט א וואנד, וועלכע האט געהאט טויערען צום אריינגעהן און ארויסגעהן. אויף ביינאכט פלעגט מען די טויערען פארשליסען און היטען מיט א בעזונדער וואך. לויט די בעשרייבונגען פון א געוויסען רייזענדען, וועלכער האט בעזוכט רוים אין יאהר 1724 איז דער אידישער קווארטאל בעשטאנען פון צוויי גרויסע און זעקס קליינע גאסען, און דא האבען געלעבט אין דער גרעסטער ענגשאפט ארום 3000 געזינדען, ד. ה. פון 20 ביז 25 טויזענד נפשות. דער גרעסטער טייל פון זיי האט זיך בעשעפטיגט מיט קליין־האנדעל און מלאכות. די גאסען פון גהעטא זיינען געווען בעזייהט מיט קראמען און קרעמלעך, וואו מען האט געהאנדעלט מיט אלץ, אנהויבענדיג מיט שפייז און ענדיגענדיג מיט אלטע קליידער. דער מסחר מיט אלטע זאכען איז בעזונדערס ערמוטיגט געווארען פון די רוימישע בעאמטע פאר די אידען, אלס א „פריווילעגירטע בעשעפטיגונג” פון דעם אלטען פאלק; די אויפקויפער פון אלטע זאכען האבען געמעגט ארומגעהן אויך די קריסטליכע קווארטאלען אויפצוקויפען דארט זייער סחורה, און האבען אפילו געמעגט האבען א לאגער פיר זייער סחורה אויסערהאלב דער גהעטא. פון די מלאכות איז די פארשפרייטסטע געווען—שניידעריי. „אפטמאל אין זומער — שרייבט איינער פון יענער צייט — קען מען זעהן הונדערטע שניידער זיצען ביי זייער ארבייט אין די גאסען, נעבען די טירען פון זייערע וואוינונגען. די ווייבער זיצען אויך און מאכען קנעפלעך און קנאפלעכלעך. דיזע מייסטערינס האבען זיך אזוי פערפאלקאמט אין זייער ארבייט, אז די קריסטליכע שניידער פון גאנץ שטאדט בעשטעלען דא זייערע קנעפלעך און קנאפלעכלעך. אין אלגעמיין זיינען דריי פיערטעל פון די אידען שניידער, און די איבעריגע פארנעהמען זיך מיט אנדערע מלאכות”.

צו טראגען אבגעצייכענטע קליידער איז געווען א מוז פאר אלע אידען, אהן אונטערשייד פון געשלעכט אדער שטאנד. די מענער האבען געטראגען א געלע היטעל און די פריען—א קאפ־פוץ פון א שטיקעל געלער מאטעריע אנדערהאלבען איילען די ברייט. מיט דער צייט האבען די אידען איבערגעביטען דעם געלען קאליר אויף אפעלסין־קאליר, און דערנאך זיינען זיי אריבער צו רויט, אזוי

אז די היטלען פון די מענער זיינען געווען איינגאַנצען עהנליך צו די רויטע היטלען פון די קארדינאַלען. כדי צו פארמיידען דעם „בזיון” האָט מען בעפעהלען די אידען זיך אומצוקערען צוריק צום געלען קאָליר. — דיזע אַלע ערנידרונגען האָבען געהאַט איין צוועק: צו צווינגען די אידען זיך אָבצוזאָגען פון זייער גלויבען און אָננעהמען דאָס קריסטענטום. פאַר'ן זעלבען צוועק איז איינגעפיהרט געוואָרען די „געצוואונגענע דרשה”: מען האָט די אידען געצוואונגען מיט גוואַלד אויסצוהערען אין די קירכען דרשות פון גלחים. יעדען שבת נאָך וואַרמעס פלעגט אין גהעטאָ אָנקומען פאָליציי און טרייבען א גרופּע מענער, פרויען און קינדער איבער 12 יאָהר אַלט אין קלויסטער צו הערען אַ דרשה. ”פּונקט צוויי אזייגער נאָכמיטאָג — דערצעהלט אַ צוזעהער (1724)—מוזען די אידען קומען אין קלויסטער. דאָ איז געהאַנגען אַ גרויסע הילצערנע בילד פון דער קרייצונג צוגעדעקט מיט אַ זאַק, כדי די אידען זאָלען ניט לאַכען דערפון. דאָ זיינען אויך געשטאַנען בענק צום זיצען, מענער און פרויען בעזונדער, אָבגעטיילט איינע פון די אַנדערע מיט אַ פאָרהאַנג, אַזוי ווי אין די שוהלען. אין מיטען איז אַ בימה אויף וועלכער עס שטעהט דער גלח. ער הויבט אָן זיין דרשה אויף אַ הויכען קול און וואַרפט אריין אַזוי פיעל אידישע ווערטער אַז מען קען איהם אָננעהמען פאַר אַ אידען. די דרשה בעשטעהט אין דעם, וואָס פון אָנפאַנג לויבט דער רעדנער די אידען, אַלס דאָס אויסדערוועהלטע פאָלק פון גאָט, און דערנאָך רעדט ער דעם היפּך, רעדט פון זיי מיט פעראַכטונג, רופט זיי „עם קשה ערף” (איינגעשפּאַרטעס פאָלק), דערפאַר וואָס זיי ווילען ניט הערען גאָט'ס וואָרט. די דרשה דויערט צוויי שעה. דורך דיזער צייט מוזען אַלע זיצען שטיל, ניט ארויסריידען קיין וואָרט און ניט שלאָפען, וואָרום טאָקע אויס'ן אָרט געפינען זיך אויפזעהער, וועלכע גיבען שטאַרק אכטונג דערויף און בעשטראָפען שווער די שטערער”. אָפּטמאָל פלעגט די פאַבסטליכע פאָליציי מיט גוואַלד נעהמען אַ אידען און איהם אוועקפיהרען אין „הויז פון די נייע-בעקערטע”, דאָרטען צוצונרייטען איהם צום שמד. דאָרט פלעגט מען די געפאַנגענע האַלטען פערציג טעג און זיי אַלץ איינריידען צו בייטען זייער

גלויבען. אייניגע פלעגט זיי געלונגען צו שמד'ן; אבער די פער־עקשנ'טע פלעגט מען ארויסטרייבען צוריק אין גהעטא אריין.

§42. ליטעראטור און בילדונג אין איטאליען. ניט קוק־קענדיג אויף זייער שווערער בירגערליכער לאגע האבען די איטא־ליענישע אידען אין 16טען און 17טען יאהרהונדערט דערגרייכט א הויכע שטופע פון גייסטיגער ענטוויקלונג. עס האט אויסגעזעהן אזוי ווי צו זיי וואלט אויף א צייט איבערגעגאנגען די אמאליגע בילדונג פון די שפאנישע אידען. עס האבען זיך דא בעוויזען בעריהמטע תלמודיסטען, מקובלים, שפראך־קענער, היסטאריקער און פילאזאפען.

אין 17טען יאהרהונדערט האבען די איטאליענישע אידען ארויסגעגעבען צוויי אריגינעלע דענקער: יהודה דע־מאדענו און יוסף דעלמעדיגא. יהודה דע־מאדענו (1571—1648) איז געווען רב אין ווענעדיג, נאר אין הארצען האט ער געצווייפעלט אין די קוועלען פון דער רבנות און קבלה. ער האט פערפאסט א סך ספרים, פון וועל־כע עס צייכנען זיך אויס צוויי: איינער, „שאגת ארי" איז געגען די רבנים, און דער צווייטער, „ארי נעם",—געגען דער קבלה, וואס ער האט געהאלטען אז איהרע הייליגע ספרים זיינען געפעלשטע. מאדענו האט מורא געהאט צו פארעפענטליכען דיזע ווערק ביי זיין לעבען און ער האט זיי איבערגעלאזט אין כתב־יד. זיי זיינען אבגעדרוקט געווארען ערשט אין דער שפעטערער צייט. — יוסף דעלמעדיגא (געשטארבען 1655) געבארען אויפ'ן אינזעל קאנדיא, איז געווען א שרייבער פון אן אנדער שניט. ער איז געווען דער גרעסטער געלערטער פון זיין צייט, האט געקענט אלטע און נייע שפראכען, האט שטודירט אין דער אוניווערזיטעט פון פאדוא, וואו ער האט געלערנט מאטעמאטיק און אסטראנאמיע פון דעם אונ־שטערבליכען גאלילי, האט שטודירט פיזיקע און מעדיצין, נאר צו־זאמען דערמיט האט ער אויך ליעב געהאט די קבלה. מיט דעם דורשט נאך בילדונג האט זיך אין איהם פעראייניגט אויך א ליידענ־שאפט צו רייזען. ער האט ארומגערייזט א טייל פון איירארפא און אזיען, און האט איין צייט געלעבט אין פוילען און ליטא; די אנדערע העלפט פון זיין לעבען האט ער פארבראכט אין אמסטער־דאם, האמבורג, פראנקפורט און פראג, וואו ער האט זיך בעשעפטיגט

מיט דאָקטאָריע. זיין פּיעלזייטיגע קענטניש אין אַלע צווייגען פון מענשליכען וויסען האָט דעלמעדיגאָ איבערגעגעבען אין זיין ספר „אלים"; דער קבלה האָט ער געווידמעט זיינע קלענערע ווערק („מצרף לחכמה" א. אַ. וו.).

אפילו פרויען אין איטאַליען האָבען בייגעטראָגען צו דער אידישער ליטעראַטור. צוויי דיכטערינס, דבורה אַסקאַרעלי און שרה סולאַם האָבען געשריבען שירים אויף איטאַליעניש. דבורה אַסקאַרעלי, די פרוי פון אַן אנגעזעהענעם אידען אין רוים, האָט איבערזעצט די תפלות אין שעהנע איטאַליענישע פּערזען און האָט אויך פערפאַסט אָריגינעלע ליעדער. שרה איסלאַם, די טאָכטער פון אַ ווענעדיגער סוחר, איז געווען איינע פון די געבילדעטסטע פרויען פון איהר צייט. איין קאַטוילישער גלח פון גענוא האָט אַ סך געאַרבייט צו בעקערען די דאָזיגע בעגאַבטע דיכטערין צו זיין גלויבען, נאָר זיין מיה איז געווען אומזיסט. דאַן האָט ער געבעטען שרה'ן, אַז זי זאָל איהם חאָטש ערלויבען מתפלל צו זיין פאַר איהר בעקערונג. זי האָט נאָכגעגעבען זיין בקשה, אָבער מיט דעם תנאי, אַז ער זאָל איהר ערלויבען מתפלל צו זיין פאַר זיין בעקערונג צום יודענטום. שרה סולאַם איז געשטאָרבען אין יאָהר 1641. פון איהרע ווערק זיינען בעוואוסט בלויז עטליכע סאָנעטען און אַ ספר וועגען דער אונשטערבליכקייט פון דער נשמה.

אין אָנהויב פון 18טען יאָהרהונדערט האָט זיך אין איטאַליען בעוויזען אַ יונגער בעגאַבטער שרייבער, דער אָנזאָגער פון דער אויפלעבונג פון דער העברעאישער פּאָעזיע, משה חיים לוצאַטו, פון פּאַדוא (1707—1747). לוצאַטו האָט פון קליינוויז אויף ארויסגעוויזען אַ טאַלאַנט פון אַ פּאָעט און סטיליסט. אויפ'ן 20טען יאָהר פון זיין לעבען האָט ער אָנגעשריבען, אין אַ ריינער ביבלישער שפּראַך, אַן אידילישע דראַמאַ, „מגדל עוז", אין וועלכער עס ווערט געשילדערט דער נצחון פון ריינער ליעבע איבער אונעהרליכער ליעבע. דאָס איז געווען אַ זעלטענע ערשיינונג אין דער דערמאָלדיגער העברעאישער ליטעראַטור, וועלכע איז בעשטאַנען נאָר פון טרויעריגע תפלות און רעליגיעזע שירים. ווען לוצאַטו זאָל געווען געהן ווייטער אויף דיזען וועג וואָלט ער געוויס געווען ווערען

דער בעשעפער פון א נייער העברעאישער פאעזיע, אבער ער האט זיך ארייגעלאזט אין דער דעמאלדיגער הערשענדער קבלה און מיסטיקע, און זיין לעבען האט זיך אויפגעלעגט גאנץ אנדערש. ווען ער האט ערלערנט דעם זהר מיט דעם פירוש פון דעם אר"י האט ער אנגעהויבען שרייבען אין דעם אייגענארטיגען, פארשטעלטען לשון פון דיזען ספר; ער האט דאס געמאכט אזוי געלונגען, אז ער האט געוואגט אנצורופען זיינע קבלה'שע שריפטען „דער צווייטער זהר". אין זיין פארטיעפטקייט אין דער געהיימער חכמה האט ער אנגעהויבען גלויבען אז זיינע ווערק ווערען איהם דיקטירט פון אויבען, דורך א מלאך, א „מגיד". אין יאהר 1729 האט לוצאטו איבערגעגעבען די דאזיגע געדאנקען זיינע צו די חברים מיט וועלכע ער האט געלערנט קבלה, און די זיינען געווארען זיינע בעגייסטערטע אנהענגער. די חברים האבען צוטראגען אין א בריעף א קלאנג, אז אין פאדוא האט זיך בעוויזען א יונגער מקובל, וועלכער וועט אין גיכען אנטפלעקען פאר דער וועלט גרויסע זאכען. דאס איז געווען אין יענער צייט, ווען די רבנים האבען זיך איבעראל גע־ראנגעלט מיט די שבתי צבי'ניקעס און האבען זיי געווארפען אין חרם. די רבנים האבען אנגעהויבען רודפ'ן לוצאטו אויך, האבענדיג א חשד אז ער איז אויך גענייגט צו די שבתי צבי'ניקעס. פון אנפאנג האבען זיי איהם געצוואונגען צו געבען א הבטחה, אז ער וועט מעהר ניט שרייבען וועגען קבלה, און ווען ער האט זיך ניט איינגעהאלטען און האט געבראכען זיין הבטחה האבען די רבנים פון ווענעדיג ארייגעלעגט אין חרם איהם און זיינע שריפטען. לוצאטו האט מעהר ניט געקענט בלייבען אין איטאליען און ער האט אנגעהויבען אומוואנדערען איבער דייטשלאנד און האלאנד. אין אמסטערדאם האט ער אנגעשריבען זיין בעסטעס ווערק—די פילאזאפישע דראמא „לישרים תהלה" (לויב די גערעכטע), און נאך אייניגע ווערק וועגען קבלה און מאראל. זיינע מיסטישע און משיח־נייגונגען האבען איהם געצויגען צום הייליגען לאנד; ער איז אוועק אהין, נאר באלד נאך זיין אנקומען אהין איז ער געשטארבען פון א מגפה, בלויז פיערציג יאהר אלט, און איז בעערדיגט געווארען אין טבריה. אין דער העברעאישער ליטעראטור איז משה חיים לוצאטו געשטאנען אויפ'ן שיידוועג. אלס מקובל האט ער בעלאנגט צו דער פער־

גאַנגענהייט; אַלס פּאָעט איז ער געווען דער אָנזאָגער פון אַ נייער שעפּפונג, וועלכע האָט זיך פאַנאַנדערגעבליהט אין 19טען יאָהר־הונדערט.

§43. האָלאַנד; אַקאָסטאַ און שפּינאָזאַ. מיט דער ענט־דעקונג פון אַמעריקא איז פאַרגרעסערט געוואָרען דער אַלוועלטליכער האַנדעלס־מארק. די הויפּט־פאַרמיטלער אין דעם האַנדעל צווישען דער אַלטער און דער נייער וועלט זיינען געווען די צוויי ים־לענדער האָלאַנד און ענגלאַנד. די ענערגישע בעפעלקערונג פון די דאָזיגע לענדער האָבען אין 16טען יאָהרהונדערט אראָבגעוואָרפען פון זיך דעם יאָך פון דער רוימישער קירכע און האָבען אָנגענומען דעם גלויבען פון דער רעפאָרמאַציאָן. אין האָלאַנד איז נאָך דער רע־ליגיעזער בעפרייאונג געקומען די פּאָליטישע: דאָס לאַנד, נאָך אַ לאַנגען העלדישען קאַמפּף, האָט זיך בעפרייט פון דער הערשאַפט פון שפּאַניען און איהר גרויזאַמען קעניג פיליפּ דעם 2טען (אַן אור־אייניקעל פון פערדינאַנד דעם קאַטוילישען), דעם קעניג־אינקוויזיטאָר. ווען עס האָט זיך געגרינדעט די פרייע האָלענדישע רעפּובליק (1579) האָבען זיך אַוועקגעלאָזט אַהין אַלע רעליגיעז פערפאָלגטע פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. צווישען די איבערגע־וואַנדערטע זיינען געווען אַ סך אָבגעשטאַמטע פון די אנוסים, וועלכע האָבען אין געהיים ניט אויפגעהערט אָבצוהיטען דאָס יודענטום און זיינען דערפאַר געווען אונטערוואָרפען אין זייער פאָטערלאַנד צו גרייזאַמע פערפאָלגונגען. טויזענדע מאַראַנען האָבען אריבערגעוואַנדערט אין דער פרייער האָלאַנד און זיינען דאָ אָפען אריבער צו דער אידישער רעליגיאָן. דאָס זיינען געווען מעהר־סטענטייל רייכע סוחרים, דאָקטוירים, געוועזענע בעאַמטע און אָפיצירען. זיי האָבען געבילדעט אַ גרויסע קהילה אין אַמסטערדאַם, און דערנאָך זיינען אויפגעקומען קלענערע קהילות אין אַנדערע שטעדט פון האָלאַנד. פאַר'ן גרינדער פון דער אַמסטערדאַמער קהילה רעכענט זיך דער פּאָרטוגעזישער מאַראַנאָ יעקב טיראַדאָ. אין יאָהר 1593 איז טיראַדאָ אָנגעקומען מיט עטליכע מאַראַנישע פאַמיליען אין אַמסטערדאַם; דאָ זיינען זיי אריבער צום יודענטום, האָבען זיך גענומען אַ רב, און האָבען אין גיכען אויסגעבויט אַ שוהל מיט'ן נאָמען „בית־יעקב". אין פערלויף פון צוואַנציג יאָהר

האָט שוין די שמאָדט געהאַט עטליכע טויזענד אידישע איינוואוי־נער און זייער צאָל איז אַלץ געוואַקסען. די האָלענדישע רעגירונג האָט זיי געגעבען פולע זעלבסטפערוואַלטונג. בראש פון דער אַמ־סטערדאַמער קהילה איז געשטאַנען אַ ראַט פון עלטסטע („מעמד״), וועלכער איז בעשטאַנען פון רבנים און סתם אידען; אָבער די רעליגיעזע פראַגען פלעגען בעשלאָסען ווערען בלויז פון די רבנים אָדער „חכמים״. דער ראַט פון די עלטסטע און די חכמים האָט געהאַט אַ רעכט אַרויפצולעגען אַ שטראָף, לויט זייער אייגענעם איינזעהן, אויף די אונגעהאָרכזאַמע מיטגליעדער פון דער קהילה אָדער אויף פריידענקער.

אַזוי ווי אומעדום, וואו די אידען האָבען געגאָסען פרייהייט און רוה, האָבען זיי אויך אין האָלאַנד אַרויסגעגעבען פון צווישען זיך אַ גאַנצע רייה פון גרויסע טאַלאַנטען אין פערשיידענע גע־ביטען פון ליטעראַטור און וויסענשאַפט. מען האָט געשריבען אַ סך אין פּראָזע און פּאָעזיע, אויף העברעאיש, לאַטיין, שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש. אין דער ליטעראַטור פון די האָלענדישע אידען האָט פאַרנומען אַ חשוב׳ען פּלאַץ פּאָעזיע און די קבלה, צוויי צווייגען, וואָס שפּייזען זיך הויפּטזעכליך אויף געפיהל און פאַנטאַזיע. נאָר עס האָבען זיך אויך בעוויזען פילאָזאָפען, וועלכע האָבען געוואָלט דורכפיהרען אין דער רעליגיאָן די יסודות פון פרייען געדאַנק. מאַנכע פון די דאָזיגע פילאָזאָפען זיינען אַוועק אַזוי ווייט אין זייער פרייען דענקען, אַז זיי האָבען אַרויסגערופען געגען זיך רדיפות מצד די פרומע רבנים.

איינער פון אַזעלכע פריידענקער איז געווען אוריאל אַקאָסטאַ, אַ געוועזענער מאַראַנאָ, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין פּאָר־טוגאַל אין 1590. אין זיין קינדהייט האָט ער געקראָגען אַ קאַטוי־לישע ערציהונג, דערנאָך האָט ער שטודירט די קריסטליכע רע־ליגיאָן און ווען ער איז אַלט געווען 25 יאָהר האָט ער פאַרנומען אַ שטעלע אַלס קאַסירער אין אַ קירכע. אָבער דער קאַטויליציזם האָט ניט בעפריעדיגט זיין פאָרשענדען געדאַנק, און אַקאָסטאַ האָט זיך אַריינגעלאָזט אין לערנען דעם תנ״ך. און עס האָט ערוואַכט אין איהם אַ שטאַרקער פערלאַנג זיך אומצעקערען צו דער רעליגיאָן פון זיינע עלטערען. ער האָט בשתיקה פערלאָזען פּאָרטוגאַל, איז

אוועק קיין אַמסטערדאַם און דאָרט איז ער אַריבער צום אידישען גלויבען צוזאַמען מיט זיין מוטער און זיינע ברידער. נאָר אַקאָסטאַ'ס פרייער געדאַנק האָט ניט געקענט שלום מאַכען מיט פיעלעס אויך אין יודענטום. אַקאָסטאַ'ן זיינען ניט געפעהלען געוועזן די פיעלע אויסערליכע צערעמאָניעס, וואָס די תלמודיסטען האָבען איינגעפיהרט און וואָס זיינען שטרענג אָבגעהיט געוואָרען. ער האָט ניט געוואָלט זיך אונטערוואַרפען צו די דאָזיגע שטרענגקייטען און האָט זיך אָפען אויסגעדריקט געגען דער שיטה פון די „פּרושים", ווי ער האָט אָנגערופען די רבנים. די רבנים פון אַמסטערדאַם האָבען איהם ערקלערט פאַר אַן אַפּיקורוס און האָבען איהם אויסגעשלאָסען פון שוהל ביז ער וועט ניט תשובה טהאָן. אָבער אוריאל אַקאָסטאַ האָט ניט תשובה געטהאָן, נאָר ער איז נאָך מעהר פאַרביטערט געוואָרען. ער האָט אַרויסגעגעבען אויף פּאָרטוגעזיש אַ ווערק מיט'ן נאָמען „אַן אויספאָרשונג פון די מסורות פון די פּרושים", וואו ער פרעגט אָב ניט נאָר די מסורות פון תלמוד, נאָר זאָגאַר איינִיגע פון תנ"ך (1624). דאַן האָבען זיך אַלע אידען אָבגעטרייסעלט פון איהם אַלס אַ געפעהרליכען אַפּיקורס, און ער האָט אַ סך יאָהרען געלעבט איינזאַם, אין חרם. ענדליך האָט אַזאַ איינזאַמעס לעבען איהם דערעסען און ער האָט בעשלאָסען צו בעטען עפענטליך מחילה ביי די רבנים. דיזע מחילה איז פאָרגעקומען אויף אַ פייערליכען אופן. אין שוהל, אין דער אַנוועזענהייט פן די חכמים און אַ גרויסען עולם, האָט אַקאָסטאַ איבערגעלייענט הויך זיין תשובה און האָט זיך אָבגעזאָגט פון זיינע פריהערינע איבערצייגונגען, וואָס זיינען געגען יודענטום. נאָכדעם האָט ער געקראָגען 39 מלקות, דאַן האָט ער זיך געלעגט מיט'ן פּנים אַראָב אויפ'ן שוועל פון דער שוהל, און אַלע פערזאַמעלטע זיינען אַריבערגעטראָטען איבער איהם. דיזע אַלע ערנידרונגען האָבען אינגאַנצען צוטרייסעלט די נשמה פון דיזען אומגליקליכען פריידענקער. אין אַן אָנפאַל פון צאָרן און פאַרצווייפלונג האָט ער קורץ נאָכדעם זיך גענומען דאָס לעבען, דערשיסענדיג זיך מיט צוויי קוילען (1640). פאַר'ן טויט האָט ער אָנגעשריבען אין לאַטיין זיין ביאָגראַפיע מיט'ן נאָמען: "אַ ביישפּיעל פון מענשליכען לעבען".

מעהר מוטיג אין זיינע איבערצייגונגען איז געוועזן אַן אַנדער

פריידענקער, ברוך שפינאָזא, דער גרעסטער פילאָזאָף וואָס די אידען האָבען ארויסגעגעבען. ברוך שפינאָזא איז געבאָרען גע־וואָרען אין אמסטערדאם, אין יאָהר 1632. אין זיין פריהער יוגענד האָט ער געלערנט אין דער אמסטערדאמער תלמוד־תורה, וואו די רבנים און אנדערע אידישע געלערטע זיינען געווען די לעהרער. פון תורה און תלמוד איז דער בעגאבטער איינגעל אריבער צו לערנען די מיטעלאַלטערליכע אידישע פילאָזאָפיע פון דעם אבן־עזרא, דעם רמב"ם און קרשקש, און דערנאָך האָט ער זיך געווענדט צו אל־געמיינער בילדונג. א שטארקען איינדרוק האָט אויף איהם געמאכט די נייע פילאָזאָפישע שיטה פון דעקארט, וועלכע האָט זיך דעמאָלט בעוויזען. דער פרייער שכל איז געוואָרען פאר שפינאָזא'ן דער איינ־ציגער קוואל פון וויסען, וואָס שטעהט העכער ווי די רעליגיעזע טראדיציע. שפינאָזא האָט אָנגעהויבען צו לעבען ניט אזוי ווי די רבנים האָבען איהם געלערנט, נאָר אזוי ווי ער האָט גערענקט עס דיקטירט דער פערשטאנד. ער האָט אויפגעהערט געהן אין שוהל און האָט ניט אָבגעהיט די רעליגיעזע צערעמאָניעס, וועלכע ער האָט געהאלטען פאר איבעריג. ווען אלע בעמיהונגען פון די רבנים אומצוקערען שפינאָזא'ן אויף'ן וועג פון גלויבען האָבען זיך אויס־געלאָזט מיט גאָרניט, האָט מען איהם ענדליך ארייינגעלעגט אין חרם (1656). דאַן האָט שפינאָזא פערלאָזען אמסטערדאם און האָט זיך זעלטען אומגעקערט אהין. די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען האָט ער פארבראכט אין האאג. ער האָט געלעבט איינזאם, פאר־טיעפט אין זיינע פילאָזאָפישע שטודיען; נאָר עטליכע שעה יעדען טאָג פלעגט ער אָבגעבען אויף זיין ארבייט, פון וועלכער ער פלעגט פארדיענען זיין אָרימע חיונה, נעמליך, שלייפעריי פון אויגען־גלעזער. אין יאָהר 1670 האָט שפינאָזא פארעפענטליכט זיין „טע־אָלאָגיש־פאָליטישען טראקטאט", וועלכער האָט ארויסגערופען א שטורם צווישען די גייסטליכע פון אלע רעליגיאָנען. דאָס איז געווען די ערשטע פרייע קריטיק פון די ביבלישע אמת'ן, אלס די יסודות פון יעדען גלויבען. אין דער „עטיק" און אין אנדערע ווערק האָט שפינאָזא איבערגעגעבען זיין אלגעמיינע פילאָזאָפישע לעהרע, לויט וועלכער די גאָטהייט און די נאטור זיינען איין זאך, וואָס קען ניט צוטיילט ווערען (פאנטעאיזם). דיזע לעהרע האָט שפינאָזא'ס נאָמען

בעריהמט געמאכט אין דער גאנצער וועלט, אן האט שפעטער געהאט הייסע געגנער און פונקט אזוינע הייסע אנהענגער צווישען קריסטען און אידען. נאר די אידישע דענקער פון יענער צייט האבען ניט געקענט אננעהמען די לעהרע פון זייער פארשטויסענעם גלויבענסברודער. זיי האבען צופיעל געליטען פאר זייער אמונה אום זיי זאלען קענען זי אומבייטען לויט די פאדערונגען פון דעם פילאזאפישען געדאנק. שפינאזא איז געבליבען אין חרם ביי זיינע ברידער ביז זיין טויט (1677).

§44. **מנשה בן ישראל און דער צוריקקער פון די אידען אין ענגלאנד.** צווישען די האלענדישע רבנים און שרייבער פון 17טען יאהרהונדערט האט דעם אנגעזעהענסטען פלאץ פערנומען מנשה בן ישראל. ער איז געבארען געווארען אין ליסאבאן אין יאהר 1604, אין א מאראנישער פאמיליע. זיין פאטער האט זיך לאנג געמאטערט אין די תפיסות פון דער פארטוגעזישער אינקוויזיציע פאר זיין בעהאלטענער צוגעבונדענקייט צום יודענטום; ענדליך איז ער אנטלאפען מיט זיין הויזגעזינד קיין אמסטערדאם, וואו ער האט אנגעהויבען אפען אבצוהיטען זיין אמונה. מנשה האט געקראגען א פיעלזייטיגע בילדונג. מיט א טיעפען וויסען פון דער אידישער ליטעראטור האט ער פעראייניגט אן אונגעוועהנליכע בעלעזענקייט אין דער אייראפעאישער ליטעראטור. ער האט בעהערשט צעהן אייראפעאישע שפראכען און האט זיך געפונען אין חבר׳שע בעציהונגען מיט די בעריהמטסטע קריסטליכע געלערטע פון זיין צייט. א געוויסע צייט האט ער זיך אויך דורכגעשריבען מיט דער שוועדישער קעניגין קריסטינא, וועלכע איז געוועזען א ליעבהאבערין פון וויסענשאפט. די דאזיגע בעריהמטקייט האט מנשה געקראגען דורך זיינע ווערק, וועלכע ער האט געשריבען צום טייל אין שפאניש און לאטיין און צום טייל אין העברעאיש. פון זיינע העברעאישע ווערק איז בעזונדערס בעוואוסט זיין „נשמת חיים" (1652), וועלכע איז א געמיש פון פילאזאפיע און קבלה. נאר די גרעסטע אויפמערקזאמקייט האט ארויסגערופען זיין ספר, וואס ער האט געשריבען אויף ענגליש, „א פערטיידיגונג פון די אידען", אין וועלכען דער פערפאסער צושמעטערט די אבערגלויבערישע בלבולים פון מיטעלאלטער געגען די אידען. מיט דעם דאזיגען ספר האט מנשה גע־

לייסטעט אַ גרויסע דיענסט זיינע פאָלקס־ברידער אין דעם לאַנד, פון וועלכען מען האָט זיי אַמאָל אַרויסגעטריבען צוליעב די מיטעלאַלטערליכע פאָראורטיילען, נעמליך, ענגלאַנד.

ארום דריי און אַ האַלב הונדערט יאָהר איז אַוועק פון דער צייט ווען די אידען זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון ענגלאַנד (1291). פאַר דיזער צייט האָט זיך דאָס לעבען פון דעם ענגלישען פאָלק שטאַרק געענדערט. דער גרעסטער טייל פון דער בעפעלקערונג איז אַריבער פון דעם קאַטוילישען צו דעם רעפאָרמערישען גלויבען. עס האָט זיך געגרינדעט די סעקטע פון די שטרענגע „פוריטאַנער", וועלכע האָבען פלייסיג געלערנט דעם אַלטען טעסטאַמענט און דאָרט געזוכט די יסודות פון דעם אמת'ען גלויבען. די דאָזיגע ליעבע צום תנ"ך האָט דערנעהנטערט די ענגלישע רעפאָרמער צום יודענטום. אַ סך ענגלענדער האָבען עס געהאַלטען פאַר ווינשענסווערטה און עהרליך אַז די אידען זאָל ערלויבט ווערען זיך צוריק צו בעזעצען אין ענגלאַנד. הערשער פון ענגלאַנד אין יענער קעניגלאָזער צייט (1649—58) איז געוועזען דער פוריטאַנער קראָמוועל, אַ הייסער ליעבהאָבער און קענער פון תנ"ך. אַ גרופע אידישע קאָמערציאַנטען אין אַמסטערדאַם האָט בעשלאָסען אויסצונוצען די גינסטיגע אומשטענדען, און זיך משתדל זיין וועגען אַריינלאָזען די אידען צוריק אין ענגלאַנד. זיי האָבען אויסגעקליבען פאַר זייער פאָרשטעהער מנשה בן ישראל, און האָבען איהם איבערגעגעבען צו פיהרען די פערהאַנדלונגען מיט דער ענגלישער רעגירונג. נאָך אַ בריעף־וועקסעל מיט קראָמוועל'ן איז מנשה אַליין אַוועקגעפאָהרען קיין ענגלאַנד (אין הערבסט פון 1655). דאָ האָט ער דערלאַנגט קראָמוועל'ן אַן „אדרעס" אין נאָמען פון דעם אידישען פאָלק, בעטענדיג צו לאָזען די אידען וואוינען אין ענגלאַנד און געבען זיי פרייהייט פון רעליגיאָן, האַנדעל און זעלבסט־פערוואַלטונג אין זייערע קהילות. קראָמוועל האָט בעשטימט אַ קאָמיסיע פון וועלטליכע און גייסטליכע פערזאָנען צו בעטראַכטען די אידישע בקשה. אין דער ענגלישער געזעלשאַפט האָט די דאָזיגע שתדלנות אַרויסגערופען אַ סך וכוחים. עס האָבען זיך בעוויזען אייניגע ביכער, אין וועלכע די פערפאַסער האָבען געזוכט אויפצולעבען די מיטעלאַלטערליכע פאָראורטיילען געגען די אידען. כדי אָבצושלאָגען

די דאָזיגע אונזיניגע פאָראורטיילען האָט מנשה בן ישראל פאַר־עפענטליכט אין לאָנדאָן זיין אויבענדערמאָנטען בוך „אַ פערטיידי־גונג פון די אידען", וועלכעס האָט געמאכט אַ טיעפען רושם אויף די ענגלענדער.

די ענגלישע רעגירונג האָט געצעגערט מיט דער לייזונג פון דער פראגע וועגען אריינלאָזען אידען, נאָר האָט אויך ניט ארויס־געשיקט די יעניגע וואָס האָבען דערוויייל בעוויזען זיך צו בע־זעצען אין לאָנדאָן. ביסלעכווייז האָט זיך אין דער ענגלישער הויפּטשטאָדט געבילדעט אַ בעדייטענדע אידישע קהילה, הויפּט־זעכליך פון האָלענדישע ספרדים, און דערנאָך האָבען זיך אידען פריי בעזעצט אין אַלע שטעדט פון גרויס־בריטאַניען. מנשה האָט נישט דערלעבט דיזען ערפאָלג פון זיין ארבייט. ער איז געשטאָרבען אויף זיין וועג צוריק פון לאָנדאָן קיין האָלאַנד אין יאָהר 1657.

§45. דייטשלאַנד; די אידען און די רעפאָרמאַציע. די גרויסע רעליגיעזע בעוועגונג, די „רעפאָרמאַציע", וועלכע האָט בענייט דאָס לעבען פון אַ סך פעלקער אין אייראָפּא איז געקומען פון דייטשלאַנד. דאָ האָט זיך צוערשט דערהערט אַ פּראָטעסט געגען דעם דרוק פון דער קאַטוילישער קירכע און דער אונבעגרענצטער מאכט פון דעם פּאַבסט. בראש פון די „פּראָטעסטאַנטען" איז גע־שטאַנען דער בעריהמטער מארטין לוטהער (1517). ניט לאַנג פאַר זיין ארויסטריט האָט זיך אין דייטשלאַנד פאַנאַנדערגעברענט אַ קאַמפּף צווישען די פינסטערע דאָמיניקאַנישע מאָנאַכען און די אויפגעקלערטע דייטשען פון דער פּאַרטיי „הומאַניסטען". דער וויכטיגסטער פאָרשטעהער פון דער הומאַניסטישער פּאַרטיי, יאָהאַן רייכלין, האָט געקענט גרינטליך די העברעאישע שפּראַך, וועלכע ער האָט געלערנט אונטער אידישע געלערטע. זיין בעקאַנטשאַפט מיט דער העברעאישער ליטעראַטור האָט געמאכט רייכלינ'ען פאַר אַן אויפריכטיגען אידען־פריינד און דערפאַר האָבען איהם די קאַטוילישע גלחים גרויזאַם פערפאָלגט. וועלענדיג שאַדען טהאָן גלייכצייטיג די אידען און די הומאַניסטען, וועלכע האָבען שטודירט די אידישע ספרים, האָבען די מאָנאַכען צונעצויגען אויף זייער זייט דעם מער־דאָרבענעם משומד פּפעפערקאָרן, אַ געוועזענער קצב, און האָבען ער־קלערט אין זיין נאָמען, אַז אין תלמוד און אנדערע רעליגיעזע ספרים

פון די אידען, געפינען זיך אונמאראלישע און גאטלעסטערנדע מיי־נונגען. די מאנאכען און פפעפערקארנ'ען איז געלונגען צו פועל'ן ביים דייטשען קעניג מאקסימיליאן דעם 1טען ער זאל ארויסגעבען א בעפעהל מען זאל פארניכטען די אידישע ספרים (1509). עס איז איבערגעגעבען געווארען די גלחים זיי זאלען צונעהמען ביי די אידען זייערע רעליגיעזע ספרים און פארברענען די יעניגע, אין וועלכע עס ווענדען זיך געפינען אויסדריקען געגען קריסטענטום. דעמאלט איז ארויסגעטראטען דער עהרליכער רייכלין צו פערטיידיגען די פאר'משפט'ע ספרים. אין זיין ערקלערונג, וועלכע ער האט דער־לאנגט צו די העכערע גלחים, האט ער בעוויזען די פאלשקייט פון די מסירות פון פפעפערקארנ'ען און די מאנאכען. רייכלין האט גע־שריבען, אז דער תלמוד איז אן אלטע זאמלונג פון פירושים אויף די געבאטען פון דער תורה און ער ענטהאלט אידישע רעליגיאן, מא־ראל און מעדיצין; אז צו פארברענען דעם תלמוד איז נוצלאז, ווא־רום געגען מיינונגען דארף מען קעמפפען מיט איבערצייגונגען און ניט מיט גראבער מאכט; אז די ספרים וועגען קבלה דארף מען זאגאר ערמוטיגען, ווארום אין זיי ווערען אפטמאל ארויסגעזאגט געדאנקען, וועלכע זיינען זעהר נאהנט צו די קריסטליכע דאג־מען. רייכלינ'ס בריעף האט ארויסגערופען א שטורם צווישען די „דונקעל־מענער”, ווי מען פלעגט אנרופען די פאנאטיקער פון דער קאטוילישער קירכע. דעם מחבר האט מען בעשולדיגט אין פאר־שפרייטען די אידישע „אפיקורסות” און מען האט איהם גערופען פאר'ן געריכט פון דער אינקוויזיציע אין קעלן. מען קען ניט וויסען מיט וואס עס וואלט זיך געענדיגט דער קאמפף צווישען די הומאניס־טען און די קאטוליקען, ווען אין יענער צייט זאל זיך ניט געווען אנהויבען די טהעטיגקייט פון לוטהער'ן, וועלכע האט געפיהרט דער־צו, אז א גרויסער טייל פון די דייטשען האבען זיך אבגעריסען פון דער רוימישער קירכע.

די בעציהונג פון דעם גרינדער פון דער פראטעסטאנישער קירכע, לוטהער'ן, צום יודענטום, איז געווען א העכסט אונבע־שטענדיגע. אין די ערשטע יאהרען פון זיין טהעטיגקייט האט ער געפרעדיגט, אז צו די אידען דארף מען זיך פארהאלטען מיט מילד־קייט. אין איינעם פון זיינע ווערק, פארעפענטליכט אין יאהר 1523

איז לוטהער שאַרף אָנגעפאַלען אויף די שונאים פון אידישען פאָלק. „אונזערע נאַראָנים — האָט ער געשריבען — די פּאַבסטען, בי־שאָפען און מאָנאַכען זיינען זיך ביז איצט בעגאַנגען מיט די אידען אַזוי, אַז יעדער אמת־גוטער קריסט וואָלט געדאַרפט ווערען אַ איד. ווען איך וואָלט געווען אַ איד און וואָלט געזעהן ווי אַזוי אַזעלכע דומקעפּ פערוואַלטען די קירכע, וואָלט איך בעסער מסכים געווען צו זיין אַ שוויין איידער אַ קאַטאָליק. וואָרום זיי זיינען זיך בעגאַנגען מיט די אידען אַזוי ווי דיזע וואָלטען געווען הינד און ניט קיין מענשען. און די אידען זיינען דאָך אונזערע לייבליכע קרובים און די ברידער פון אונזער האַר. צו זיי דאַרף מען אָנווענדען דאָס געזעץ ניט פון דער פּאַבסטליכער, נאָר פון דער קריסטליכער ליעבע, זיי אויפנעהמען פריינדליך, געבען זיי אַ מעגליכקייט צו אַרבייטען און האַנדלען גלייך מיט אונז". נאָר שפּעטער ווען לוטהער האָט געקראָ־גען די מאַכט און האָט אַליין אָנגעהויבען צו שפּיעלען די ראָלע פון אַ פּאַבסט פאַר די פּראָטעסטאַנטען, האָט זיך זיין בעציהונג צו די אידען שטאַרק געביטען. ער האָט אָנגעהויבען זאָגען, אַז די אידען דאַרף מען איבעראַל פאַרפאָלגען אַלס די שונאים פון קריסטוס'ן, אַז מען זאָל צושטערען זייערע שוהלען ביז'ן גרונד, „צו דער עהרע פון אונזער גאָט און דאָס קריסטענטום", צונעהמען ביי זיי די ספרים פון תלמוד און די סידורים, פאַרבאָטען די רבנים צו לערנען דעם פאָלק די תורה, דריקען די אידען נאָך מעהר אין זייערע בעשעפטי־גונגען, און די געזונדע פון זיי אָוועקצושיקען אויף צוואַנגס־אַרבייט (1543). ניט לאַנג פאַר זיין טויט פלעגט לוטהער זאָגען צו זיינע אַנהענגער, אַז די אידען דאַרף מען ענטוועדער אויס'שמד'ן אָדער אַרויסטרייבען פון לאַנד. אויף אַזאַ אופן האָט דער בעשעפער פון דער דייטשער רעפאָרמאַציע איינגעוואָרצעלט אין זיינע נאָכפאָלגער אַ סך פון די גראָבע מיטעלאַלטערליכע פאָראורטיילען, געגען וועלכע ער איז געווען בערופען צו קעמפּפען.

§46. די רעכטלאָזע לאַגע פון די אידען אין דייטשלאַנד און עסטרייך. די רעפאָרמאַציע האָט אָבגעשוואַכט אין די פּראָ־טעסטאַנטישע לענדער די מאַכט פון דער קירכע, אָבער זי האָט ניט אָבגעשאַפט די שנאה צו מענשען פון אַנדערע גלויבענס. די לאַגע פון די אידען האָט זיך געביטען בלויז דערין, וואָס איצט האָט זיי

גערריקט מעהר די וועלטליכע מאכט ווי די גייסטליכע. די דייטשע קעניגע פלעגען דאָס רוב אָבגעבען זייערע „הויף־קנעכט", די אידען, אויפ'ן פרייען ווילען פון די בעאַמטע פון די שטעדט אָדער פראָווינצען. און אין די שטעדט האָבען אידען געהאַט שטענדיגע שונאים אין די סוחרים און די אַרבייטער, וועלכע האָבען ניט געוואָלט דולדען קיין קאָנקורענץ פון פרעמדע. די שטאָדטישע מאַגיסטראַטען און אַרבייטס־צעכען פלעגען אונטערדריקען און ערנידעריגען די איינוואוינער פון דער גהעטאָ. אָפטמאָל פלעגט די זאַך דערגעהן ביז פאָגראָמען. אין פראַנקפורט־אַם־מאַין האָבען די קריסטליכע בעלי־מלאכות איינמאָל בעפאַלען דעם אידישען קוואַרטאַל אונטער דער פיהרערשאַפט פון אַ בעקער מיט'ן נאָמען פעטמילך. די אידען האָבען זיך מיט פערצווייפלונג פערטיידיגט הינטער די וועגד פון דער גהעטאָ און האָבען גע'הרג'ט די ערשטע עטליכע וואָס האָבען געוואָגט זיך אַריינצורייסען אינוועניג. נאָר ווייטער בייצושטעהן געגען דעם אונגעהויערען המון איז געוואָרען אונמעגליך, און דער אידישער קוואַרטאַל איז גענומען געוואָרען מיט שטורם. פעטמילכ'ס באַנדע האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַהין, האָט גערויבט, געבראָכען, בעגאַנגען אַלערליי גוואַלדטהאַטען און ענדליך אַרויסגעטריבען די אידען פון שטאָדט (1614). אַן עהנליכער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען אויך אין וואָרמס, די צווייטע גרויסע אידישע קהילה אין דייטשלאַנד. דאָ האָבען אויך די אַרבייטער, נאָך אַ שווערען קאַמפּף מיט די אידען, זיי געצוואונגען צו פערלאָזען די שטאָדט (1615). אָבער דאָס מאָל האָט דער קעניג מאַטהיוס זיך אָנגענומען פאַר די אידען. ער האָט בעפעהלען צו בעשטראָפען די אָנהויבער פון דעם פּאָגראָם: פעטמילך און זיינע חברים זיינען געקעפּט געוואָרען און די אידען זיינען צוריק אַריינגעלאָזט געוואָרען אין זייערע קוואַרטאַלען אין פראַנקפורט און וואָרמס, אונטער דער וואַך פון קעניגליכען חיל.

ניט בעסער איז געווען די לאַגע פון די אידען אין דעם מזרח־טייל פון דער דייטשער אימפּעריע, אין עסטרייך, וואו דער קאַטוילישער גלויבען איז געבליבען אין דער אויבערמאַכט. אין דער צייט פון דעם דרייסיג־יעהריגען קריעג צווישען די קאַטאָליקען און פּראָטעסטאַנטען (1618 — 1648) האָבען די אידען ניט וועניג געליטען פון פּאָגראָמען און גוואַלדטהאַטען דורך דעם פרעמדען חיל.

וואָס האָט פּאַרפּלייצט עסטרייך. די דייטשע קעניגע, וועלכע האָבען געוואוינט אין וויען, האָבען ערלויבט די אידען צו וואוינען אין דיזער שטאָדט אין א בעזונדער קווארטאַל. א גרעסערע אידישע קהילה האָט עקזיסטירט אין פּראַג, די הויפּטשטאָדט פון בעהמען. קעניג פּערדינאַנד דער 2טער, וועלכער האָט געלעבט אין דער צייט פון דעם 30־יעהריגען קריעג, האָט געגעבען די אידען פון דיזער שטאָדט זעהר וועניג בירגער־רעכט; נאָר דערפאַר האָט ער, אַלס הייסער קאַטאָליק, שטאַרק געזאָרגט וועגען דער רעטונג פון זייערע נשמות, אין יאָהר 1630 האָט ער בעפעהלען: צו צווינגען די אידען פון וויען און פּראַג זיך צו פערזאַמלען יעדען שבת אויסצוהערען דרשות פון קאַטוילישע גלחים, און די געצווימטע צוהערער איז שטרענג פאַר־באָטען געוואָרען בעת מעשה צו ריידען אָדער דרימלען. — אין פערציג יאָהר אַרום, אין דער צייט פון לעאָפּאָלד דעם 1טען, איז אויף די וויענער אידען געקומען א גרויס אומגליק. לעאָפּאָלד'ס פרוי, די פרומע שפּאַניערין מאַרגאַרעטאַ, האָט געטראָגען אויף די אידען א האַס, וועלכען די גלחים האָבען נאָך מעהר אויפגערייצט אין איהר. איינמאָל האָט זי געבאָרען א טויט קינד; זי האָט געבעטען איהר מאַן ער זאָל ווייך מאַכען גאָט'ס צאָרן מיט א „הייליגער טהאַט"—מיט אַרויסטרייבען די אידען פון וויען און נידער עסטרייך. לעאָפּאָלד האָט דערפילט דעם הייסען באַגעהר פון זיין פרוי און די גלחים, אָבוואָהל אין דעם מלוכה־ראַט זיינען געוועזען שטימען געגען אַזאַ אונמענשליכער טהאַט. אין יאָהר 1670 איז פּאַרעפענטליכט געוואָרען די גזרה, אַז די אידען זאָלען זיך אַרויס־קלייבען פון וויען און פון עסטרייכישען הערצאָגטום אין פערלויף פון עטליכע חדשים. אומזיסט האָבען די וויענער אידען אָנגעווענדט אַלע כחות, אַז די גרויזאַמע גזרה זאָל אָבגעשאַפט ווערען, אומזיסט האָבען זיי פאָרגעלעגט גרויסע סומען פאַר דער קעניגליכער קאַסע און האָבען געהאַט שטאַרקע צדדים וואָס האָבען זיך פאַר זיי אָנגענומען. די גזרה איז געבליבען אין קראַפט און עטליכע טויזענד אידען האָבען געמוזט פערלאָזען וויען און נידער־עסטרייך. דער וויענער מאַגיסטראַט האָט אָבגעקויפט ביי לעאָפּאָלד'ן פאַר הונדערט טויזענד גולדען דעם אויסגעליידיגטען אידישען קווארטאַל און האָט

איהם א נאָמען געגעבען, לכבוד דעם קעניג—לעאָפּאָלדשטאַט. די אידישע שוהלען זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין קלויסטערס.

דער הייפּעל וויענער נע־ונד׳ניקעס האָט זיך בעזעצט אין פּרייסען, וועלכע האָט אין יענער צייט אָנגעהויבען קעמפּפען מיט עסטרייך פאַר דער אויבערהערשאַפט אין דער דייטשער אימפּעריע. דער גרויסער קורפירסט פון בראַנדענבורג און פּרייסען, פרידריך־ווילהעלם, האָט גערן אריינגעלאָזען אידען אין זיינע ממשלות. אין בערלין האָט זיך געבילדעט א אידישע קהילה, וועלכע איז שפּעטער געוואָרען איינע פון די גרעסטע אין דייטשלאַנד. דער זוהן פון דעם גרויסען קורפירשט, דער פּרייסישער קעניג פרידריך דער 1טער, האָט שוין בעשרענקט די רעכט פון די אידען. מען האָט אין איהם פאַרפּלאָנצט א פּאָראורטייל געגען דעם אידישען גלויבען. איין פּראָטעסטאַנטישער פאַנאַטיקער, אייזענמענגער, האָט צונויפגעקלי־בען פון פאַרשיידענע ביכער אַלע אונזיניגע מיטעלאַלטערליכע בלבולים אויף די אידען און זייער אמונה און האָט עס ארויסגעגעבען אויף דייטש אין א גרויסען בוך מיט׳ן נאָמען „ענטדעקטעס יודענ־טום”. ווען דאָס בוך האָט זיך נאָך געהאַלטען אין דרוקען האָבען זיך שוין גענומען טראָגען װעגען איהם אונרוהיגע קלאַנגען. די אידען האָבען זיך משתדל געוועזן ביים קעניג לעאָפּאָלד ער זאָל פערבאָטען דיזען פאַלשען בוך, וואָס קען אויפוועקען געגען זיי דעם צאָרן פון לייכטגלויביגע קריסטען. דער קעניג האָט נאָכגעגעבען די דאָזיגע בקשה, נאָר דער פּרייסישער קעניג פרידריך דער 1טער האָט שפּעט־טער ערלויבט עס אָבצודרוקען אין זיין שטאָדט, אין קעניגסבערג (1711). פון דעמאָלט אָן איז אייזענמענגער׳ס בוך געוואָרען פאַר די שונאים פון יודענטום אַ אונערשעפּליכער קוואַל פון פאַלשע בעשולדיגונגען און ווילדע ליגענס. פון דאַנען האָבען זיך גענומען די בכיוון פאַרדרעהטע אויסדריקע פון תלמוד און די רבנים, און אַלע אויסגעטראַכטע זאַכען, וועלכע שטעלען ארויס דאָס יודענטום אין א לעכערליכער אָדער אבשטויסענדער געשטאַלט.

§47. **דאָס גייסטיגע לעבען פון די דייטשע אידען.** פאַר־פּרעמדט פון די דייטשען אין זייער בירגערליכען לעבען האָבען זיך די אידען אָבגעזונדערט אויך אין זייער גייסטיגען לעבען. ניט קוקענדיג דערויף וואָס עס איז אָנגעקומען א נייע צייט האָבען זיך

די מיטעלאַלטערליכע אָרדונגען נאָך שטייף געהאַלטען אין די איי־דישע קוואַרטאַלען. דאָס לעבען איז דאָרט געגאַנגען אויף אַן איי־גענאַרטיגען וועג. די אינגלעך פלעגען פון זייערע אינגסטע יאָהרען שפּייזען זייער מאָרך אויפ'ן תלמוד, און צום תלמוד האָבען אויך געווידמעט זייער פרייע צייט מענשען פון מיטעלען קלאַס, און דער פּראָסטער המון און די פרויען פלעגען זעטיגען זייער גייסטיגען הונגער מיט מוסר־ספרים, וועלכע האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעווייזען אויך אויף אידיש־דייטש. אין 14טען יאָהרהונדערט איז דער גייסטיגער צענטער פון די דייטש־עסטרייכישע אידען געוואָרען די הויפּטשטאָדט פון בעהמען—פּראַג. דאָ איז געגרינדעט געוואָרען אַ אידישע דרוקעריי; דאָ זיינען געווען ישיבות, בראש פון וועלכע עס פלעגען שטעהן בעוואוסטע רבנים. איינער פון די דאָזיגע רבנים, ר' יעקב פּאָלאַק (געשט. ארום 1530), האָט בעשאַפען דעם פּלפּול אין לערנען דעם תלמוד. דער פּלפּול איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס דער לערנער האָט בכיוון פאַרפּלאָנטערט עפּיס אַן ענין אין דער גמרא און דערנאָך איהם אַליין אויסגעפּלאָנטערט. צוערשט זיינען געבראַכט געוואָרען אַלע שטעלען אין תלמוד וואָס זיינען סותר דעם געוויסען ענין, און דערנאָך זיינען די דאָזיגע סתירות קונציג אויסגעגלייכט געוואָרען. דאָס איז געווען אַ גייסטיגע גימנאַסטיקע, וועלכע האָט ענטוויקעלט דעם שאַרפזין און די פעהיגקייט צו אורטיילען, אָבער זי האָט אויך געשאַדט דעם גראַדען און קלאָרען דענקען. אַ סך רבנים זיינען געווען געגען דעם פּלפּול.

דער נאָמען פון דעם פּראַגער רב, ר' יום־טוב ליפּמאַן העלער, איז פאַרבונדען מיט דער געשיכטע פון די עסטרייכישע אידען אין דער צייט פון דעם 30 יאָהריגען קריעג. ר' יום־טוב ליפּמאַן איז געווען דער ראש פון דער קאָמיסיע וואָס האָט געדאַרפט פאַנאַנדערוואַרפען צווישען די אידישע קהילות פון בעהמען אַ שטייער פון פערציג טויזענד גולדען, וואָס זיי פלעגען געבען יעדען יאָהר פאַר די בעדערפנישען פון דער מלחמה. אַבוואָהל דער רב האָט זיך בעמיהט פאַנאַנדערצוטיילען דיזען שטייער מיט יושר, דאָך האָט ער זיך ניט געקענט פאַרהיטען פון פאָרווירפען. זיינע שונאים האָבען אוועקגעשיקט קיין וויען אַ קלאַגע אויף איהם אַז ער האָט ניט ריכטיג פאַרטיילט די אָב־

צאָלונגען און אַז ער האָט אין איינעם פון זיינע ספרים בענוצט בעליידינענדע ווערטער געגען קריסטענטום. דער קעניג האָט בעפעהלען אַז מען זאָל דעם רב ארעסטירען און ברענגען קיין וויען (1529). דאָ האָט מען איהם צוערשט געהאַלטען אין תפיסה צוזאַמען מיט קרימינאַל־פאַרברעכער. פאַר דער קלאַגע אַז ער האָט בעליידיגט די קירכע האָט איהם געקומט דער טויט. די סכנה איז פאַרהיט געוואָרען נאָר אַ דאַנק דער שטאַרקער שתדלנות פון דער וויענער אידישער קהילה. דער קעניג האָט געהייסען בעפרייען דעם רב, אָבער מיט דעם תנאי ער זאָל מעהר ניט טאָרען פאַרנעהמען קיין רבנות־שטעלע און זאָל בעצאָלען צעהן טויזענד גולדען שטראָף. פאַרלירענדיג זיין רבנות־שטוהל אין פראַג צוזאַמען מיט זיין גאַנצען פאַרמעגען האָט זיך ר׳ ליפּמאַן העלער בעזעצט אין פוילען, וואו ער איז געוואָרען רב אין קראָקוי. פון זיינע ווערק איז דאָס וויכטיגסטע זיין פּירוש צו דער משנה („תוספות יום־טוב״), וואָס איז אָנגענומען געוואָרען פון אַלע לערנער, און אַן אינטערעסאַנטע לעבענס־בעשרייבונג („מגילת איבה״), וואו ער בעשרייבט אַלץ וואָס איז מיט איהם געשעהן.

איינער פון די ווענינע פאָרשטעהער פון וועלטליכער בילדונג אין דיזען קעניגרייך פון דער רבנות איז געווען דוד גאַנז (געשט. 1613), וועלכער האָט אַ גרויסען טייל פון זיין לעבען פאַרבראַכט אין פראַג. צוזאַמען מיט תלמוד האָט גאַנז געאַרבייט אויף מאַטעמאַטיק, געאָגראַפיע און היסטאָריע. ער איז געווען אַ חבר פון די בעריהמטע אַסטראָנאָמען קעפּלער און טיכאָ דע־בראַהע. דוד גאַנז האָט איבערגעלאָזט אַ געשיכטע, וואָס אין ערשטען טייל איז ענטהאַלטען אין קורצען די אידישע געשיכטע, און אין צווייטען—די אַלגעמיינע (צמח דוד, פראַג 1592). ביים צוזאַמענשטעלען דיזען ספר האָט זיך דער מחבר בענוצט אויך מיט אַ סך ניט אידישע קוועלען. ער האָט אויך גע־שריבען צוויי ספרים וועגען אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטישער געאָגראַפיע. די קבלה האָט אויך געהאַט אין דייטשלאַנד אַ בע־דייטענדען פאַרטרעטער אין דער פּערזאָן פון ישעיה האָרוויץ (1630), רב אין פראַנקפורט און פראַג. צוליעב די אונרוהען

פון דעם 30־יעהרינגען קריעג האָט ער זיך בעזעצט אין פּאַלעסטינא און דאָרט האָט ער פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָהרען אין תורה און תשובה. דאָ האָט ער געענדיגט זיין גרויסען ספר „שני לוחות הברית", וואָס ער האָט אָנגעהויבען נאָך אין אייראָפּא. דער דאָזיגער ספר איז בעקאַנט מיט'ן פאַרקירצטען נאָמען „של"ה". דאָס איז אַ גרויסעס זאַמעלווערק, וואו עס זיינען צו־זאַמענגעבראַכט קבלה, דינים, מוסר, די כללים פון תשובה און נזירות, אין דעם גייסט פון דעם אר"י און ר' חיים וויטאַל.

די משיח־בעוועגונג וואָס שבתי צבי האָט אַרויסגערופען האָט אין איהר צייט אריינגעצויגען אויך די דייטשע אידען. דאָס אונטערדריקטע פאָלק האָט מיט אונגעדולד געוואַרט אויפ'ן וואונ־דערליכען בעפרייער, אָבער עס איז געבליבען ענטוישט. ווען דער ליגען פון שבתי צבי איז בעקאַנט געוואָרען האָבען די רבנים אָנגע־הויבען שטרענג צו פערפאָלגען יעדען איינעם וואָס זיי האָבען חושד געווען אז ער געהערט צו די שבתי צבי'ניקעס. איינער פון די בעוואוסטעסטע פון די דאָזיגע רבנים איז געווען ר' יעקב עמדען (יעב"ץ), פון אַלטאָן, נעבען האַמבורג (געשט. 1776). עמדען האָט איבעראַל געזוכט שפּורען פון די שבתי צבי'ניקעס און האָט אָהן רחמנות גע'רודפ'ט אַלע, וואָס זיינען געווען געניינגט צו זיי, עס האָבען געמעגט זיין די אַנגעזעהענסטע לייט פון יודענטום. אין זיינע ספרים („תורת הקנאות" און אנד.) האָט ער שארף אַטאַ־קירט די געשטאָרבענע ווי אויך די לעבעדיגע „כופרים". אַ בעזונדערס גרויסען רעש האָט ר' עמדען אָנגעמאַכט מיט דעם בע־וואוסטען פּראַגער רב ר' יונתן אייבענשיץ (געשט. 1764). אַ גרויסער למדן און אַ גוואַלטיגער בעל־דרשן האָט זיך ר' יונתן אייבענשיץ אָבגעגעבען אויך מיט קבלה און ווי עס האָט זיך געהערט האָט ער געהאַט אויפטראָגען מיט די שבתי צבי'ניקעס. ער פלעגט שרייבען קמיעות מיט קבלה'שע אויפשריפטען און פלעגט זיי געבען צו קראַנקע אַלס רפואות. ווען ר' אייבענשיץ איז געוואָרען רב אין האַמבורג און איז געוואָרען אַ נאָהנטער שכן פון ר' עמדען האָט דער לעצטער אָנגעהויבען איהם נאָכקוקען. ר' עמדען האָט גע־קראָגען ר' אייבענשיץ'ס עטליכע קמיעות און האָט ערקלערט אַז ער האָט געפונען אין זיי אָנדייטונגען אויף שבתי צבי און האָט

אָנגעהויבען שטאַרק ליאַרמען אַז ר׳ אייבענשיץ איז איינער פון די שבתי צבי׳ניקעס (1751). דאָס האָט ארויסגערופען אַ רעש צווישען די רבנים און עס זיינען געוואָרען צוויי צדדים: איינער איז געשטאַנען פאַר ר׳ עמדען, דער אַנדערער פאַר ר׳ אייבענשיץ. דער קאַמפף האָט זיך געצויגען לאַנג, ביז ר׳ אייבענשיצ׳ס טויט, און האָט געבראַכט צו אַ פאַלשטענדיגער שפּאַלטונג צווישען די תלמודיסטען און די מקובלים אין דייטשלאַנד.

---

נײַנטער קאַפּיטעל.

## די אידען אין פּוילען און רוסלאַנד פון 16טען ביז׳ן 18טען יאָהרהונדערט.

§48. די „גאָלדענע עפּאָכע". דאָס 16טע יאָהרהונדערט ווערט גערעכענט אַלס די „גאָלדענע עפּאָכע" פון די אידען אין פּוילען און ליטאַ. נאָכדעם ווי שפּאַניען האָט פערלאָרען איהר אויבערשאַפט אין דער אידישער וועלט, האָט פּוילען איבערגענומען די דאָזיגע ראָלע. די שרעקען פון מיטעלאַלטער האָבען פאַרטריבען אַהער פון מערב־אייראָפּא אַ סך אידען, וועלכע האָבען פאַרנומען אַ וויכטיגען פּלאַץ אין דעם ווירטשאַפטליכען לעבען פון לאַנד. אין פּוילען איז העכער פון אַלעמען געשטאַנען דער קלאַס פון גוטבעזיצער (די „שליאַכטע„) און נידריגער פון אַלעמען—דער קלאַס פון די פּויערים־ערדאַרבייטער; צווישען זיי האָבען די אידען פאַרנומען דעם מיטעלען אָרט אַלס דער האַנדעלס־קלאַס. מיט די אידען האָבען קאָנקורירט אין די שטעדט בלויז די פּוילישע אַרבייטער־צעכען און דייטשע סוחרים.

די פּוילישע קעניגע פון 16טען יאָהרהונדערט האָבען בעשיצט די אידען. סיגיזמונד דער 1טער (דער ברודער און נאָכפאָלגער פון קעניג אַלעקסאַנדער, §34) האָט בעשטעטיגט די „גראַמאָטאַס" פון די אידען־רעכטע וואָס די פריהערע קעניגע האָבען ארויסגעגעבען (1507). די רייכע אידען האָבען איהם ארויסגעוויזען גרויסע

דיענסטען אין דער מלוכה־ווירטשאַפט: זיי פלעגן אַבדינגען די רעגירונגס־שטייערען און גרעניץ־אַבצאָלען, פלעגען איהם לייהען געלט אין צייטען פון מלחמה, פלעגען נעהמען אין אַרענדע די קעניגליכע גיטער אָדער פלעגען זיי פערוואַלטען, ארויסציהענדיג פון זיי גרויסע הכנסות—מיט איין וואָרט, זיי פלעגען רייך מאַכען די קאַסע. אַ שטאַרק איינפלוסרייכע פערזאָן אין קעניגליכען הויף איז געוואָרען אַ רייכער בריסקער איד מיכל יאָזעפאָוויטש, דער הויפט אַרענדאַר און זאַמלער פון די שטייערען אין ליטאַ. סיגיזמונד האָט געמאַכט מיכל יאָזעפאָוויטש'ן פאַר'ן עלטסטען איבער אַלע ליטווישע אידען (1514). ער האָט געקראָגען ברייטע רעכט: ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו פערהאַנדלען מיט'ן קעניג די וויכטיגסטע אידישע פראַגען, משפט'ן זיינע פאָלקסברידער לויט זייערע אייגענע דינים און אויפמאָנען ביי זיי די רעגירונגס־שטייערען; אַלס העלפער צו זיך האָט ער געדאַרפט האָבען אַ רב, וועלכער איז בעקאַנט מיט די חוקים און דינים פון דער אידישער אמונה. אַט דיזע פאַרזיכערונג פון די געזעצליכע רעכט פון די אידען האָט שטאַרק מיטגעהאָלפען צו זייער וואוילזיין. עס זיינען דעמאָלט געווען רייכע אידישע קהילות אין בריסק, גראָדנע, טראָקי, פינסק און אַנדערע שטעדט פון דער ליטאַ.

די גוטע לאַגע פון די אידען האָט ארויסגערופען קנאה ביי זייערע שונאים, בעזונדערס די קאַטוילישע גלחים. אין יענער צייט האָבען זיך אין פוילען אַנגעהויבען פארשפרייטען די לעהרען פון די מערב־אייראָפּעאישע רעפאָרמער, וועלכע זיינען געווען נאָהנט צו דער ביבעל; עס זיינען געווען עטליכע פעלען, וואו קאַטאָליקען האָבען זיך מגייר געווען. אַ פוילערטע פון קראקוי, וועלכע איז בעשולדיגט געוואָרען אַז זי איז גענייגט צום יודענטום, איז פאַרברענט געוואָרען אין מיטען מאַרק פון קראקוי, אויפ'ן בעפעהל פון דאָרטיגען בישאָף (1539). די גלחים האָבען אָנגעפרישט די בעשולדיגונגען אויף די אידען, אַז זיי זיינען מגייר אַ סך קאַטאָליקען, בעזונדערס אין ליטאַ. מען האָט שוין אַנגעהויבען פלאַנען שטרענגע מיטעל געגען די אידען, נאָר דער גערעכטער קעניג סיגיזמונד דער 1טער האָט בעשיצט זיינע אידישע אונטערטאַנען געגען זייערע שונאים.

זיין נאכפאָלגער סיגיזמונד דער 2טער אויגוסט (1548—72) האָט ארויפטרעטענדיג אויפ'ן טראָהן ערקלערט, אז ער וועט אָבהיטען אלע בירגער־רעכט פון די אידען. דיזער קעניג האָט נאָך ברייטער געמאכט די זעלבסט־פערוואלטונג פון די אידישע קהילות. ער האָט געגעבען דאָס רעכט די רבנים און גבאים צו משפט'ן פאר־שולדיגטע אידען לויט'ן אידישען דין און אפילו ארויפלעגען שווערע שטראָפען. אזוי איז ענטשטאנען די אָרגאניזאציע פון דער אידישער קהילה, וועלכע האָט פאראייניגט די אידען פון יעדער קהילה און דערמיט פארשטארקט די איינהייט פון גאנצען פאָלק. אין דער צייט פון סיגיזמונד דעם 2טענס קעניגען האָבען די קאטוילישע גלחים ווידער געפּרובט ארויסרופען רדיפות געגען די אידען. עס איז ארויסגעלאָזט געוואָרען א קלאנג אז א קריסטליכע פרוי פון סאָכאטשעוו האָט פארקויפט דאָס „הייליגע ברויט" פון דער קירכע צו די אידען, וועלכע האָבען עס געשטאָכען אזוי לאנג ביז עס האָט אָנגעהויבען טריפען בלוט פון דעם ברויט. די כלומרשטע שולדיגע זיינען פארברענט געוואָרען, אָבער דער קעניג האָט אויסגעדריקט זיין פערדרוס וואָס אונשולדיגע מענשען זיינען פאראורטיילט גע־וואָרען אויף אן אבערגלויבישען חשד. ווען די גלחים האָבען אָנ־געהויבען פארשפרייטען קלאנגען אז די אידען הרג'ענען קריסטליכע קינדער אלס „קרבן־פסח" האָט דער קעניג ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז אזעלכע נארישע בעשולדיגונגען טאָרען ניט געמאכט ווערען סיידען דער פאקט ווערט בעשטעטיגט דורך פיער קריסטליכע און דריי אידישע עדות (1566). דער נאכפאָלגער פון סיגיזמונד דעם 2טי:ן, סטעפאן באטאָרי, האָט אויך ערקלערט דעם עלילת־דם אלס א „ליגען", וועלכער ווערט אויסגעטראכט כדי צו קענען פער־פאָלגען און רויבען די אידען. ער האָט פלייסיג אָבגעהיט די פריהערע בירגער־רעכט פון די אידען און האָט נאָך צוגעגעבען אליין איניגע נייע הנחות (1580).

אין יענער צייט האָט אין פוילען זיך שטארק בעפעסטיגט דער מאָנאכען־אָרדען פון די יעזואיטען, וועלכער האָט געקראָגען א גרויסע מאכט און וועלכער האָט זיך געשטעלט פאר א ציעל צו קעמפפען מיט אלע כחות געגען ניט־קאטאָליקען, ד. ה. די פּראָ־טעסטאנטען, די אָנהענגער פון דער גריכישער קירכע און די אידען.

די יעזואיטען האָבען אריינגעחאפּט אין זייערע הענד די ערציהונג פון די פּוילישע קינדער; פון זייערע שולען זיינען ארויסגעקומען מענשען, פאַרגיפטעטע מיט די ווילדסטע אבערגלויבענס און מיט א האַס צו אַנדערש־גלויביגע. דיזע תלמידים פון די יעזואיטען פלעגען שפּעטער קומען צו דער הערשאַפט און האָבען געהאַט א שעד־ליכע ווירקונג אויף׳ן גאַנג פון דער רעגירונג. קעניג סיגיזמונד דער 3טער און וולאַדיסלאַוו דער 4טער, וועלכע האָבען געקעניגט אין דער ערשטער העלפטע פון 17טען יאָהרהונדערט, האָבען זיך שוין ניט אַנגענומען פאַר די אידען אַזוי שטאַרק ווי זייערע פאָר־גענגער. די שטאָדטישע מאַגיסטראַטען און צעכען האָבען אונטער־דריקט די אידען אין האַנדעל און מלאכות, און די גלחים האָבען אָפטער אויפגעוועקט געגען זיי רעליגיעזע בלבולים. אָבער דעמאָלט זיינען נאָך די אידען געוועזען אַזוי שטאַרק אַז זיי האָבען נאָך געקענט קעמפּפען מיט זייערע שונאים. די דאָזיגע קראַפט האָט זיי געגע־בען זייער פרייע זעלבסטפערוואַלטונג אין די קהילות, זייער אי־נערליכע איינהייט און זייער רייכעס גייסטיגעס לעבען.

§49. דער קהל און דער ועד; ישיבות. די אידען אין פּוילען האָבען פאַרגעשטעלט מיט זיך א בעזונדער בעפעלקערונג, וועלכע האָט פערוואַלטעט איהר אינערליכען לעבען דורך איהרע אויסגעקליבענע פאַרשטעהער, סיי וועלטליכע סיי גייסטליכע. דיזע אויסגעקליבענע פאַרשטעהער פלעגען הייסען „קהל", ד. ה. קהילה־ראַט. אַזעלכע קהל׳ן האָבען זיך געפונען אין אַלע שטעדט וואו עס האָבען געוואוינט אידען, מיט דער אויסנאַהם פון קליינינקע שטעדט־לעך אָדער דערפער, פון וועלכע די אידישע בעפעלקערונג פלעגט געהערען צום נאָהנטסטען קהל. די מיטגליעדער פון דעם קהל פלעגען אויסגעקליבען ווערען יעדען יאָהר, פסח, דורך שטימען אָדער „גאַלקעס". דער קהל פלעגט זיין צוטיילט אויף עטליכע גרופּען, יעדע פון וועלכע האָט געהאַט איהרע בעזונדערע פליכטען. אָן דער שפּיץ פון קהל פלעגען שטעהן דריי אָדער פיער עלטסטע (ראש הקהל); נאָך זיי פלעגען קומען די „חשוב׳ע לייט" (טובי־העיר), די דיינים און „גבאים". דער פעלד פון טהעטיגקייט פון דעם קהל איז געוועזען זעהר ברייט. דער קהל פלעגט אויפמאָנען די שטייערען און זיי אריינטראָגען אין דער קעניגליכער קאַסע,

פלעגט בעשטימען די שטייערען, פאר דער רעגירונג און פאר די אייגענע בעדערפנישען, פלעגט פערוואלטען די שוהלען, בית־עלמינ׳ס און צדקה־אנשטאלטען, פלעגט ארויסגעבען שיינען אויף אונבעוועגליכען אייגענטום, פלעגט זארגען וועגען חנוך פון די קינדער, פלעגט משפט׳ן צווישען די אידען, מיט דער הילף פון די דיינים און רבנים.

די רבנים פלעגען פסק׳ענען לויט דער תורה און דעם תלמוד. עס פלעגט אבער פאסירען, אז די ארטיגע רבנים פלעגען זיך ניט קענען בעשליסען אויף א פסק לויט אזא אדער אן אנדער דין, אדער די בעלי־דבר פלעגען ניט זיין צופריעדען מיט׳ן פסק און פלעגען זיך ווענדען צו א העכערען געריכט. עס פלעגען אויך זיין סכסוכים צווישען איין קהל און דעם אנדערען, אדער צווישען א יחיד און קהל. פיר אזעלכע פעלען פלעגען אבגעהאלטען ווערען יעדען יאהר אסיפות פון רבנים און ראשי־הקהל, וועלכע פלעגען זיין א מין העכערעס געריכט. פון אנפאנג פלעגען דיזע אסיפות אבגעהאלטען ווערען אין דער צייט פון גרויסע ירידען, וואוהין עס פלעגען זיך אויפקלייבען גרויסע מאסען מענשען פון פערשיידענע ערטער. דער הויפט זאמעלפונקט איז געווען דער „לובלינער יריד". דא פלעגען נאך פאר סיגיזמונד דעם 1טען זיך צוזאמענקומען רבנים און פלעגען משפט׳ן לויט׳ן דין תורה. שפע־טער זיינען דיזע יריד־אסיפות געווארען אפטער ביז זיי האבען זיך ענטוויקעלט אין דעם יעהרליכען „סיים" אדער „ועד", אין וועלכען עס פלעגען זיך בעטייליגען פארשטעהער פון די וויכטיגסטע קהילות אין גאנץ פוילען. ער פלעגט זיך רופען „ועד ארבע ארצות" (די פערזאמלונג פון פיער לענדער), ווארום עס פלעגען זיך אין איהם בעטייליגען פארשטעהער פון די פיער טייל פון דער מלוכה: גרויס־פוילען (הויפטשטאדט—פאזען), קליין־פוילען (קראקוי), פאָ־דאליען (לעמבערג) און וואלין (אסטראג אדער וולאדימיר). דער „ועד" פלעגט ניט נאר פסק׳ענען אין די וויכטיגסטע משפטים און קלאר מאכען די דינים, נאר ער פלעגט אויך ארויסגעבען נייע תקנות ווי עס זאל זיך פיהרען דאס געזעלשאפטליכע און גייסטיגע לעבען פון די אידען אין פארשיידענע ערטער. די טהעטיגקייט פון דעם „ועד ארבע ארצות" האט זיך בעזונדערס פארשטארקט אין

17טען יאָהרהונדערט. ליטאַ וועלכע איז געשטאַנען בעזונדער פון די פוילישע „קרוין“־פּראָווינצען, האָט געהאַט איהר אייגענעם „ועד“, אין וועלכען עס פלעגען זיך בעטייליגען די רבנים און קהל־פערטרע־טער פון די פינף וויכטיגסטע ליטווישע קהילות: בריסק, גראָדנע, פינסק, ווילנאַ און סלוצק.

די פיהרער פון פאָלק האָבען זיך געזאָרגט צו פערשטאַרקען זיין איינהייט און אויפהיטען זיינע נאַציאָנאַלע בעזונדערקייטען. דער חנוך פון די קינדער איז געווען די שטענדיגע זאָרג פון די קהל'ן און ועד'ן. דער רב אין יעדער קהילה האָט זיך גערעכענט פאר'ן נאָהנטסטען משגיח איבער דער ערציהונג פון דער יוגענד. אָפט פלעגט ער זיין דער ראש־ישיבה פון זיין שטאָדט און פלעגט אין דערזעלבער צייט אכטונג געבען אויף די חדרים. אָבער אין די גרויסע קהילות, וואו דער רב איז געווען צו פיעל פערנומען מיט אנדערע זאכען, פלעגט ראש־ישיבה זיין אַן אנדער גרויסער למדן.

א היסטאָריקער פון יענער צייט גיט פאָלגענדען העלען בילד פון דעם לעבען אין די חדרים און ישיבות אין די אידישע קהילות אין פוילען און ליטאַ אין דער ערשטער העלפט פון 17טען יאָהר־הונדערט. „ניטאָ נאָך אַזאַ לאַנד — זאָגט ער — וואו דאָס לערנען תורה זאָל זיין אַזוי פארשפרייט צווישען אונזערע ברי־דער ווי אין פוילישען לאַנד. אין יעדער קהילה איז געווען א ישיבה, וואָס איהר פיהרער פלעגט קריגען א רייכען געהאַלט פון קהל'שען געלט, כדי ער זאָל קענען לעבען רוהיג און זיך אָבגעבען מיט לערנען. די קהילות פלעגען אויך אויסהאַלטען „בחורים“, וועלכע פלעגען לערנען אין די ישיבות. צו יעדען ישיבה־בחור פלעגען צוגעזעצט ווערען ניט ווייניגער ווי צוויי אינגלעך („נערים“), וועלכע ער האָט געמוזט לערנען כדי ער זאָל זיך איינאיבען אין אונטעריכטען דעם תלמוד און אין פּלפּול. יעדער „בחור“ מיט זיינע צוויי „נערים“ פלעגט עסען קעסט ביי איינעם פון די פארמעגליכע בעלי־בתים און ער פלעגט זיך רע־כענען אין דער דאָזיגער פאַמיליע אַזוי ווי אַן אייגענער זוהן. און עס איז ניט געווען כמעט קיין איינציג אידיש הויז, וואו דער בעל־הבית אליין, אָדער זיין זוהן, אָדער דער איידים, אָדער

ענדליך א ישיבה־בחור, וואס האט דארט געגעסען קעסט, זאל ניט זיין קיין למדן; און זעהר אפט פלעגען אט די אלע זיך בעגעגנען אין איין הויז.

דער סדר הלימוד אין פוילען איז געווען אזוי: עס זיינען געווען אין די ישיבות צוויי זמנים: דער זומערדיגער און ווינ־טערדיגער. אין אנהויב פון יעדען זמן פלעגט מען אין די ישיבות לערנען, מיט גרויס פלייסיגקייט די גמרא מיט רש"י און תוספות. און אלע טאג פלעגען זיך פערזאמלען די לומדים פון שטאדט, יונגעלייט און בכלל אלע, וואס האבען געהאט א וועלכע ס'איז שייכות מיט לערנען, אין דער געביידע פון דער ישיבה, וואו אויבען־אן איז געזעסען דער ראש־ישיבה און ארום איהם פלעגען זיך ארומשטעלען א סך לומדים און לערנער. דער ראש־ישיבה פלעגט האלטען א שיעור אין הלכה. נאכ'ן שיעור פלעגט ער האלטען „חלוקים" (ד. ה. וכוחים): עס פלעגט אוועקגע־שטעלט ווערען איינע געגען די אנדערע פארשיידענע מאמרים אין תלמוד אדער אין די מפרשים, וואס זיינען סותר איינע די אנדערע, און דאן פלעגט מען זיך מתוכח זיין און ברענגען פארשיידענע ראיות אויסצוגלייכען די ווידערשפרוכען.

צו דעם ראש ישיבה איז געווען א בעזונדער בעהעלפער, וואס זיין עובדא איז געווען ארומצוגעהן יעדען טאג איבער די חדרים און אכטונג געבען אז די קינדער זאלען ניט ארומגעהן לעדיג. איינמאל אין וואך, דאנערשטאג, פלעגען אלע תלמידים פון די חדרים זיך פערזאמלען אין הויז פון דעם „גבאי", וועלכער פלעגט זיי פארהערען אין דאס וואס זיי זיינען דורכגעגאנגען פאר דער וואך, און אויב א קינד האט ניט געענטפערט ריכטיג אויף די פראגען פלעגט איהם דער בעהעלפער שמייסען מיט ריטער, כדי צוליעב דער חרפה פאר די אנדערע קינדער זאל ער שוין אין דער קומענדער וואך לערנען בעסער. און יעדען פרייטאג פלעגט די קינדער פארהערען דער ראש־ישיבה אליין. און דער־פאר פלעגען עס די קינדער מורא האבען און פלעגען לערנען מיט גרויס התמדה. לומדים פלעגט מען אבגעבען גרויס כבוד און דאס פאלק פלעגט זיי אין אלץ פאלגען; דאס פלעגט פיעלע

ערפּוטיגען צו לערנען און אַזוי איז דאָס גאַנצע לאַנד געווען פול מיט תורה".

§50. די בליהונגס-צייט פון דער רבנות. אַ דאַנק דער זעלבסטפערוואַלטונג פון די קהילות און דער פּאַרמעהרונג פון די ישיבות האָט די לומדות אין פּוילען אויפגעבליהט ווי קיינ־מאָל פריהער. פּוילען, וועלכעס האָט פריהער קיין פּלאַץ ניט פאַר־נומען אין דער אידישער גייסטיגער וועלט, האָט אין דעם 16טען יאָהרהונדערט פאַרנומען דאָ דעם ערשטען פּלאַץ. די ערשטע גרויסע לומדים זיינען אָנגעקומען קיין פּוילען פון דעם שכנ'ישען בעהמען, וואו עס האָט דעמאָלט געבליהט דער תלמודישער פּלפּול, וואָס ר' יעקב פּאָלאַק האָט ערפונדען (§47). אַ תלמיד פון ר' יעקב פּאָלאַק, ר' שלום שכנא (געשט. 1558), האָט געגרינדעט אַ ישיבה אין לובלין. פון דער דאָזיגער ישיבה זיינען ארויסגעקומען די בעריהמטעסטע רבנים אין פּוילען אין יענער צייט. איינער פון זיי, דער קראַקויער גאון ר' משה איסרלש (פאַרקירצט: רמ"א, געשטאָרבען 1572) האָט געלעבט אין איין צייט מיט'ן פּאַלעסטי־נישען מחבר פון דעם „שלחן ערוך", און ער האָט שטאַרק געהאָלפען צו פאַרשפּרייטען דיזען ספר אין פּוילען. ר' יוסף קארו, זייענדיג אַ ספרדי, האָט ניט אריינגעשטעלט אין זיין ספר די בעזונדערע צערעמאָניעס און מנהגים, וואָס זיינען געווען אָנגענומען ביי די אשכנזים, ד. ה. די דייטשע און פּוילישע אידען. אָבער ר' איסרלש האָט אריינגעשטעלט אין שלחן־ערוך אויך אַ סך דינים, וואָס די אשכנזישע רבנים האָבען מתקן געווען. אַזוי ווי ר' יוסף קארו האָט אָנגערופען זיין ספר „שלחן ערוך" (געגרייטער טיש) האָט ר' משה איסרלש אָנגערופען זיין הוספה „מפה" (טישטוך). און אין דיזען געשטאַלט, מיט די הוספות פון ר' משה איסרלש, איז דער שלחן־ערוך איינגעפיהרט געוואָרען צווישען די פּוילישע, ליטווישע און רוסישע אידען. דער רמ"א איז געווען רב אין דער אַלטער פּוילישער הויפּטשטאָדט קראַקוי; ער איז געווען ארומגערינגעלט פון אַ סך תלמידים, פון וועלכע עס זיינען שפּעטער ארויסגעקומען גרויסע רבנים. אויסער זיינע הוספות צום שלחן־ערוך האָט ער געשריבען נאָך בעזונדערע ספרים.

אין איין צייט מיט דעם רמ"א האָט געלעבט אַ גרויסער

**תלמודיסט ר' שלמה לוריא** (פאַרקירצט: **רש"ל**, געשט. 1573), וועלכער איז געווען רב צוערשט אין אָסטראָג, נאָכדעם אין לובלין. דער רש"ל האָט געהאַלטען אז דער שלחן־ערוך איז גוט נאָר פאַר'ן ברייטען פאָלק, אָבער ניט פאַר לומדים. דער רש"ל האָט זיך פאַרטיעפט אין דעם קוואַל פון אַלע דינים און געזעצען—דעם תלמוד און ער האָט פערפאַסט אַ טיעפזיניגען פירוש אויף אַ סך טיילען פון תלמוד מיט'ן נאָמען „ים של שלמה". ער האָט געהאַט אַ סך תלמידים און נאכפאָלגער און ער האָט אריינגעבראַכט אַן אייגענע שיטה אין דער רבנישער ליטעראַטור. צום רמ"א און צום רש"ל פלעגט מען זיך ווענדען מיט גרויסע שאלות פון אַלע טיילען פון פוילען און אויך פון איטאַליען, דייטשלאַנד און טערקיי. די תשובות וואָס דיזע צוויי גאונים האָבען געגעבען אויף די דאָזיגע שאלות זיינען שפּעטער אָבגעדרוקט געוואָרען אונטער'ן נאָמען „שאלות ותשובות".

אין די טריט פון דיזע צוויי שעפער פון דער פוילישער רבנות זיינען געגאַנגען די געלערטע פון די שפּעטערע דורות. איינע האָבען געשריבען פירושים צום תלמוד (רבי מאיר לובלינער אָדער מהר"ם, ר' שמואל איידלש פון אָסטראָג אָדער מהרש"א); אנדערע האָבען געשריבען פירושים און הוספות צו פריהערע קבוצים פון דינים (ר' מרדכי יפה פון פּאָזען, ר' יואל סירקים פון קראָקוי, ר' דוד הלוי פון לעבמערג און אנד..

אין 17טען יאָהרהונדערט האָט די אידישע לומדות געבליהט אין פוילען אַזוי ווי אַמאָל אין בבל אין די צייטען פון די אמוראים. אַ סך גרויסע ספרים זיינען געדרוקט געוואָרען אין די דרוקערייען פון קראָקוי און לובלין. — דער תלמוד און די רבנישע ליטעראַטור אַליין האָבען געהערשט אין פוילען. וועלטליכע בילדונג און פילאָזאָפיע זיינען געווען פאַרטריבען. בלויז די קבלה איז געלערנט געוואָרען פון די וואָס זיינען געווען געניינט צו מיסטיציזם. אַם מעהרסטען איז בעוואוסט דער ספר „מגלה עמוקות" פון נתן שאַפּירא, אַ מקובל פון קראָקוי.

די רעפאָרמאַציע אין דייטשלאַנד האָט ארויסגערופען אין פוילען עטליכע קריסטליכע סעקטעס מיט אנשויאונגען, וואָס האָבען ניט געשטימט מיט דער קירכע. איינע פון זיי איז געווען



די „ניישוהל" פון פראג.

(אַלט 13 הונדערט יאָהר)

די סעקטע פון די „אוניטאריער", וועלכע איז צוגעקומען נעהנ־טער ווי אנדערע צום יודענטום דערמיט וואס זיי האבען גע־לייקענט אין דער „דריי־איינינקייט" און דער געטליכער אבשטאמונג פון קריסטוס'ן, אבער זיי האבען אנערקענט די הייליגקייט פון דעם עוואנגעליום. די קאטוילישע גלחים האבען זיי א נאמען געגעבען „האלבע אידען". די פיהרער פון די פארשיידענע קריסטליכע סעקטען פלעגען אפט פיהרען מינדליכע וכוחים מיט די רבנים. אלס רעזולטאט פון אזעלכע וכוחים איז ערשינען א מערקווירדיגער ספר: „חזוק אמונה" (1593), פון ר' יצחק פון טראקי. אין דעם ערשטען טייל פון דעם דאזיגען ספר פאר־טיידיגט דער אידישער געלערטער דאס יודענטום געגען די אטאקען פון די קריסטליכע רעליגיאנס־לעהרער, און אין דעם אנדערען טייל געהט ער איבער צו אנגריף און קריטיקירט די לעהרע פון דער קירכע. ער דעקט־אויף א סך ווידערשפרוכען אין דעם עוואנגעליום, ווייזט אן ווי דער נייער טעסטאמענט טרעט שארף אב פון דעם תנ"ך, און ווי אזוי די שפעטערדיגע לעהרען פון דער קירכע טרעטען אב פון דעם נייעם טעסטאמענט זעלבסט. א לאנגע צייט האט מען מורא געהאט צו דרוקען דיזען ספר און ער איז צום ערשטען מאל פארעפענטליכט גע־ווארען ערשט אין הונדערט יאהר ארום אין א לאטיינישער איבערזעצונג, געמאכט פון א קריסט, אונטער'ן שרעקעדיגען נאמען „פייערדיגע פיילען פון שטן", און געדרוקט כדי צו ווייזען ווי ווייט די אידען זיינען „פערבלאדזשעט". שפעטער האבען זיך מיט דיזער איבערזעצונג בענוצט וואלטעיר און די פראנצויזישע ענציקלאפעדיסטען פון 18טען יאהרהונדערט אין זייערע גרויסע אטאקען אויף די לעהרען פון דער קירכע.

§51. חמעלניצקי און די קאזאקען־שחיטות. אין מיטען פון 17טען יאהרהונדערט איז פארגעקומען א גרויסע ענדערונג צום ערגערען אין דעם לעבען פון די פוילישע אידען. די דאזיגע ענדערונג איז ארויסגערופען געווארען דורך דעם קאמפף צווישען די פעלקערשאפטען, רעליגיאנען און קלאסען אין דעם דעמאלדיגען פוילען, וועלכער האט זיך שטארק פערשארפט. עס האבען גע־קעמפפט צווישען זיך די פוילישע און די רוסישע פעלקערשאפטען,

די קאַטוילישע און גריכישע („פּראַוואָסלאַוונע") קירכע, די פּריצים און די פּויערים. די פּוילישע „שליאַכטע" האָט אונטערדריקט די רוסישע פּוערים, און די קאַטוילישע גלחים האָבען געהעצט די פּוילישע קעניגע צו אונטערדריקען אַנדערע רעליגיאָנען און בעזונדערס די פּראַוואָסלאַוונע. דיזער דרוק האָט זיך שטאַרקער ווי איבעראַל געפיהלט אין די מזרח־געגענדען פון פּוילען, וועלכע האָבען זיך גערופען „אוקריינא" (דאָס היינטיגע קליין־רוסלאַנד). דאָ זיינען די רוסען געווען דער גרעסטער טייל פון דער בעפעלקערונג; די מעהרסטע פון זיי, די פּויערים, פלעגען אַרבייטען פאַר די פּוילישע פּריצים־גוטבעזיצער, און די איבעריגע זיינען געווען אַ בעזונדער קלאַס, אַ מיליטערישער, וועלכען די פּוילישע מלוכה פלעגט בענוצען פאַר איהרע מלחמות. אָבער אויסער די קאָזאָקען וואָס זיינען געווען אין דיענסט פון דער פּוילישער רעגירונג, זיינען נאָך געווען פרייע קאָזאַקען, וועלכע האָבען געלעבט אויף די סטעפּעס הינטער'ן דניעפּער (דאָס היינטיגע ניי־רוסלאַנד), און האָבען זיך גערופען „זאַפּאָראָזשצעס". די פּראַוואָסלאַוונע קאָזאַקען און פּויערים האָבען געהאַסט די פּאָלאַקען אַלס די אונטערדריקער פון רוסישען פאָלק; זיי האָבען אויך געהאַסט די אידען, וועלכע אַלס סוחרים האָבען פאַרנומען דעם מיטעלען פּלאַץ צווישען די פּריצים און די פּויערים. די אידען פלעגען אָפט האַלטען אין אַרענדע די פּריצישע גיטער, און אויף אַזאַ אופן פלעגען זיי בעקומען איבער די פּויערים דיזעלבע מאַכט וואָס די פּריצים האָבען געהאַט. און עס איז אויסגעקומען אַז די רוסישע פּויערים פלעגען זיך מעהר צוזאַמענשטויסען מיט דעם אידישען אַרענדאַר ווי מיט דעם פּוילישען פּריץ. דעריבער האָבען די רוסישע פּויערים גערעכענט דעם אידען פאַר דעם הויפּט־שולדיגען אין זייערע ליידען און האָבען געזוכט צו נעהמען נקמה אין איהם. צו דיזען פּערדרוס איז נאָך צוגעקומען די רעליגיעזע שנאה פון דעם פינסטערען רוסישען המון צו די אידען. די לאַנג אָנגעקליבענע אונצופריעדענקייט האָט ענדליך געבראַכט צו אַ שרעקליכען אויפשטאַנד פון די קאָזאַקען און די רוסישע פּויערים, אין דעם לעצטען יאָהר פון קעניג וולאַדיסלאַוו דעם 4טען.

בראש פון די צובונטעוועטע קאָזאַקען האָט זיך געשטעלט

א קאזאצקער הויפטמאן פון טשיגירין, באגדאן חמעלניצקי. ער האט אויפגעקליבען א געוואלטיגע מאסע קאזאקען און פויערים אויף דער אוקריינא, האט געשלאסען אן אבמאך מיט די פרייע קאזאקען פון זאפאראזשיע און די טאטארען פון קרים און מיט אט דיזער גאנצער מחנה האט ער זיך אוועקגעלאזט חרוב צו מאכען פוילען (אנהויב יאהר 1648). א פוילישער חיל וואס איז ארויסגעשיקט געווארען געגען די בונטאווטשיקעס איז געשלאגען געווארען. אין יענער צייט איז געשטארבען דער קעניג וולאדיסלאוו און אין פוילען האט זיך אנגעפאנגען די מהומה פון א קעניגלאזער צייט. דעמאלט האט דער אויפשטאנד ארומגעחאפט גאנץ אוקריינא און די שכנישע פראווינצען. מחנות קאזאקען און רוסישע פויערים, אונטער דער פיהרערשאפט פון חמעלניצקי'ן און זיינע קריעגערישע בונד־חברים די זאפאראזשצעס, האבען זיך צושאטען איבער אלע שטעדט און האבען ווי ווילדע חיות אומגעבראכט פאלאקען און אידען. א רוד־סישער היסטאריקער שרייבט: די הריגות זיינען בעגלייט געווארען מיט בארבארישע פייניגונגען: מען פלעגט אראבציהען פון לעבע־דיגע די הויט, פאנאנדערזעגען אויף דער העלפט, דערשלאגען צום טויט מיט שטעקענס, בראטען אויף קוילען, אבבריהען מיט זודיגע וואסער; עס איז ניט געווען קיין רחמנות אפילו אויף זויג־קינדער. די שרעקליכסטע רציחות זיינען בעגאנגען געווארען מיט די אידען: זיי זיינען פאר'משפט געווארען צו פאלשטענדיגער אויסראטונג, און יעדע רחמנות צו זיי האט זיך גערעכענט פאר פערראט. די ספר תורה'ס פלעגט מען ארויסשלעפען פון די שוהלען: די קא־זאקען פלעגען טאנצען און שכור'ן אויף זיי, דערנאך פלעגט מען אויף זיי אויסלעגען אידען און זיי קוילען אהן רחמנות; טויזענדע קליינע אידישע קינדער זיינען אריינגעווארפען געווארען אין ברונ־נימער און פארשאטען געווארען לעבעדיגע אין גריבער".

בעזונדערס טראגיש איז געווען דאס שיקזאל פון די אידען, וועלכע פלעגען זיך צוזאמענלויפען פון די דערפער און קליינע שטעדטלעך אין די בעפעסטיגטע שטעדט, מיט דער האפנונג אז זיי וועלען זיך דא שיצען געגען דעם שונא. דערוויסענדיג זיך אז אין דער שטאדט נעמיראוו, אין פאדאליען, האבען זיך בעפעסטיגט עטליכע טויזענד אידען האט חמעלניצקי אוועקגעשיקט אהין א

מחנה קאָזאַקען. אזוי ווי עס איז אונמעגליך געווען צו נעהמען די שטאָדט מיט שטורם האָבען די קאָזאַקען בעשלאָסען אָבצוטהאָן א שפּיצעל. זיי זיינען אונטערגעקומען צו נעמיראָוו מיט פּוילישע פאָהנען און האָבען געבעטען מען זאָל זיי עפענען די טויערען. די אידען, מיינענדיג אז דאָס איז א פּוילישער חיל וואָס קומט זיי בעפרייען, האָבען געעפענט די שטאָדט פאר זיי און האָבען דער־פאר שרעקליך בעצאָלט (כ' סיון—יוני 1648). די קאָזאַקען צו־זאמען מיט די אָרטיגע רוסישע איינוואוינער האָבען זיך געוואָרפען אויף די אידען און זיי אַלע אויסגעקוילעט. דער רב און ראש־ישיבה פון נעמיראָוו, ר. יחיאל־מיכל, האָט זיך בעהאַלטען מיט זיין מוטער אויפ'ן בית־עולם; דאָ האָט זיי אָנגעיאָגט איינער פון די מערדער, עפּים א שוסטער, און האָט אָנגעהויבען שלאָגען דעם רב מיט א שטיק האָלץ. די אַלטע מוטער פון דעם רב האָט אָנ־געהויבען בעטען דעם מערדער ער זאָל טויטען זי אנשטאט איהר זוהן; אָבער דער שוסטער האָט אונערבארמליך דערשלאָגען פריהער דעם רב און דערנאָך זיין מוטער. יונגע אידישע פרויען און מיידלעך פלעגען די קאָזאַקען גאַנץ אָפט לאָזען לעבען: די קאָזאַקען און פּויערים פלעגען זיי מיט גוואלד שמד'ן און נעהמען פאר ווייבער. איין שעהן אידיש מיידעל, וואָס א קאָזאַק האָט געפאַנגען פאר דיזען צוועק, האָט איינגערעדט איהר פאַנגער אז זי קען כלומרשט „פאררעדען" אז א קויל זאָל צו איהר ניט קענען צושטעהן, און האָט איהם געבעטען ער זאָל אויסשיסען אין איהר און זיך איבער־צייגען. דער נארישער קאָזאַק האָט אויסגעשאָסען—און דאָס מיידעל איז אומגעפאַלען א פערוואונדעטע צום טויט, אָבער א צופריעדענע וואָס זי איז ניט אָנגעקומען דעם פיינד. אַן אַנדער אידיש מיידעל, וואָס א קאָזאַק האָט געפאַנגען און געוואָלט מיט איהר חתונה האָבען, האָט זיך אריינגעוואָרפען פון א בריק אין וואסער אין יענעם מאָ־מענט ווען מען האָט זי געפיהרט איבער דעם דאָזיגען בריק אין קירכע אריין. ארום 6000 אידען זיינען אומגעקומען אין נעמי־ראָוו; די וואָס האָבען זיך גערעטעט פון טויט זיינען אנטלאָפען אין דער בעפעסטיגטער שטאָדט טולטשין.

דאָ האָט זיך אויך אָבגעשפּיעלט א בלוטיגע דראמא. צו טולטשין איז צוגעטראָטען א גרויסע מחנה קאָזאַקען און פּויערים

און האָט בעלאַגערט די פעסטונג, אין וועלכער עס האָבען זיך גע־פונען עטליכע הונדערט פּאָלאַקען און ארום צוויי טויזענד אידען. די פּאָלאַקען און די אידען האָבען זיך געגעבען אַ שבועה אַז זיי וועלען ניט פערראַטען איינע די אַנדערע און אַז זיי וועלען צוזאַמען פאַרטיידיגען די שטאָדט ביז'ן לעצטען אָטעם. די אידען האָבען געשאָסען פון דער פעסטונגס־וואַנד אויף דעם פיינד און איהם ניט צוגעלאָזט נאָהנט צו דער שטאָדט. נאָך אַ לאַנגער און אונגעלונגענער בעלאַגערונג האָבען די קאָזאַקען פאַרקלערט אַ פּלאַן. זיי האָבען געשיקט זאָגען די פּאָלאַקען, וואָס זיינען געווען אין פעסטונג, אַזוי: גיט אונז ארויס די אידען; מיר וועלען בלויז זיי בעשטראָפען און אייך וועלען מיר ניט טשעפּען. די פּוילישע פּריצים האָבען פארגעסען זייער שבועה און האָבען בעשלאָסען אויפצואָפּפערען די אידען כדי צו רעטען זיך אַליין. זיי האָבען אריינגעלאָזט דעם שונא אין שטאָדט אריין. די אידען האָט מען צוערשט ענטוואָפענט און בערויבט און דאַן האָבען די קאָזאַקען זיי פאָרגעלעגט די ברירה: זיך שמד'ן אָדער שטאַרבען. קיין איינציגער איד האָט זיך ניט געפונען וואָס האָט געוואָלט פערראַטען זיין אמונה—און אַנדערהאַלבען טויזענד אידען זיינען אויסגע'הרג'עט געוואָרען מיט די אונמענשליכסטע רציחות. אָבער עס האָבען זיך אויך ניט געראַטעוועט די פאַלשע פּאָ־לאַקען: ווען די קאָזאַקען זיינען פאַרטיג געוואָרען מיט די אידען האָבען זיי אויסגע'הרג'עט אַלע קאַטאָליקען, צווישען וועלכע עס זיינען געווען אַ סך בעריהמטע פּריצים.

פון פּאָדאָליען זיינען די באַנדעס אריין אין וואָלין. דאָ האָט די שחיטה געדויערט דעם גאַנצען זומער און הערבסט פון יאָהר 1648. די פּוילישע ארמייען, איבערהויפּט אונטער דער פיהרער־שאַפט פון דעם מוטיגען יערעמיאַ ווישנעוועצקי, האָבען וואו־ניט־וואו איינגעשטילט די קאָזאַקען; אָבער אינגאַנצען צו דערשטיקען דעם אויפשטאַנד זיינען זיי ניט געווען אימשטאַנד. ערשט נאָכדעם ווען אין וואַרשאָ איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס קעניג יאַן־קאַ־זימיר, אַ ברודער פון וולאַדיסלאַוו דעם 4טען, האָבען זיך אָנגעהויבען פערהאַנדלונגען פון שלום צווישען דער רעגירונג מיט די קאָ־זאַקען. אין יאָהר 1649 האָבען זיך די קאָזאַקען בערוהיגט נאָכדעם ווי זיי האָבען אויסגעווירקט פאַר זיך פאַרשיידענע רעכט און פריי־

הייטען אין אוקריינאַ; צווישען אַנדערעס איז איסגענומען גע־וואָרען אַ תנאי, אַז אין דער קאָזאַצקער אוקריינאַ טאָרען קיין אידען ניט וואוינען. יאַן־קאַזימיר האָט ערלויבט אַלע אידען, וואָס האָבען אונטער דער מורא פון טויט אָנגענומען דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען, זיך אומצוקערען צוריק צו זייער אמונה. די מיט גוואַלד־גע׳שמד׳טע אידישע פרויען פלעגען אַנטלויפען פון זייערע ארויפגע־צוואונגענע מאַנען—קאָזאַקען און זיך אומקערען צו זייערע פאַ־מיליען. דער „ועד ארבע ארצות", וואָס האָט זיך פערזאַמעלט אין לובלין אין ווינטער פון יאָהר 1650, האָט אויסגעאַרבייט אַ גאַנצע רייהע תקנות אויפצושטעלען צוריק דאָס געזעלשאַפטליכע און פאַמיליען לעבען פון די אידען. דער טאָג פון דער נעמיראָווער שחיטה (כ׳ סיון) איז בעשטימט געוואָרען אַלס יעהרליכער תענית אין אָנדענק פון די קדושים. די קאָזאַצקע שחיטות אויף די אידען זיינען בעוואוסט אַלס די גזרות ת"ח ות"ט.

§52. די אידען אין דער צייט פון מאָסקווא—שוועדישען קריעג. די פּאָליאַקען האָבען אין גיכען געבראָכען זייער אָב־מאַך מיט די קאָזאַקען און האָבען בעשלאָסען ווידער צו מאַכען זיי אונטערטעניג. דאַן האָט דער הויפּטפיהרער פון די קאָזאַקען (העטמאַן) באָגדאַן חמעלניצקי פאָרגעלעגט דעם מאָסקוואר צאַר אַלעקסיי מיכיילאָוויטש ער זאָל צושליסען די קאָזאַצקע או־קריינאַ צו זיין מלוכה. אין יאָהר 1654 זיינען די איינוואוינער פון דעם קאָזאַצקען טייל פון דער אוקריינאַ, אָדער קליין־רוסלאַנד, אריבער אונטער דער ממשלה פון דעם צאַר פון מאָסקווא. באַלד האָט זיך דער מאָסקוואר חיל אַ לאָז געטהאָן אין דעם שכנ׳ישען ווייס־רוסלאַנד און ליטאַ, צו אַ מלחמה מיט פּוילען. אַ סך האָבען די אידען פון ווייס־רוסלאַנד און ליטאַ איבערגעליטען אין דיזער מלחמה, וועלכע האָט געדויערט צוויי יאָהר (1654—55). ווען דער פאַראייניגטער חיל פון די מאָסקוואר רוסען און די קאָזאַקען פלעגט איינגעהמען אַ שטאָדט פלעגען זיי די אידען ענטוועדער אויסשלאַכ־טען אָדער ארויסטרייבען. ווען די שטאָדט מאָהליוו אויפ׳ן דניעפּער האָט זיך אונטערגעגעבען צו אַלעקסיי מיכיילאָוויטש האָט דער צאַר בעפעהלען ארויסצוטרייבען פון דאָרט אַלע אידען און זייערע הייזער צוטיילען צווישען דעם מאַגיסטראַט און די רוסישע בעאַמטע.

אָבער די אידען האָבען זיך נים געאײלט צו פערלאָזען די שטאָדט, האָפענדיג אַז די שטאָדט וועט שנעל אַריבערגעהן צוריק צו די פּאָלאַקען; אָבער זיי האָבען דערפאַר טייער בעצאָלט. אין סוף פון זומער פון יאָהר 1655 האָט דער קאָמאַנדיר פון דעם רוסישען גאַרניזאָן אין מאָהליוו, פּאָלקאָווניק פּאָקלאָסנקי, דערהערט אַז אַ פּוילישער חיל קומט אונטער צו דער שטאָדט. מורא האָבענדיג אַז די אידען וועלען זיך פעראײניגען מיט דעם אָנקומענדען פיינד האָט פּאָקלאָנסקי בעפעהלען די אידען אַרויסצוגעהן הינטער דער שטאָדט, און ווען זיי האָבען זיך אַרויסגעצויגען אַהין מיט זייערע ווייבער און קינדער און אײגענטום האָבען זיך די רוסישע סאָלדאַטען אַ וואָרף געטהאָן אויף זיי, האָבען זיי אויסגע׳הרג׳עט און צוגענומען זייער האָב. שטאַרק געליטען האָבען אויך די אידען ווען די רוסען האָבען גענומען די הויפּטשטאָדט פון ליטאָ, ווילנאָ. אַ גרויסער טייל פון די ווילנער אידען האָט זיך גערעטעט דורך אַנטלויפען און די איבעריגע זיינען ענטוועדער געטויט אָדער פאַרטריבען געוואָרען אויפ׳ן בעפעהל פון דעם רוסישען צאַר.

אין גיכען איז די רייה געקומען אויך אויף פּוילען׳ס אײגענע לענדערייען. דער אַנגריף פון שוועדען האָט שיער נים געבראַכט פּוילען צום אונטערגאַנג (1655—58). דאָס לאַנד איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קריעגסלאַגער. די אידישע קהילות האָבען געליטען דאָ פון דעם מאָסקוואער חיל און די קאָזאַקען, דאָ פון די שוועדען, און ענדליך אפילו פון די ווילד־געוואָרענע פּוילישע סאָלדאַטען. צו די שרעקען פון מלחמה איז נאָך צוגעקומען די פאַרוויסטענדע קראַפט פון אַ מגפה. ערשט אין יאָהר 1658 האָבען די מלחמה־אונרוהען זיך אָנגעהויבען אײנשטילען און פּוילען האָט אויף אַ צייט אויפ־געשטעלט צוריק איהר צומרייסעלטען מלוכה־געביי.

שרעקליך זיינען געווען די פערלוסטען, וואָס דאָס פּוילישע יודענטום האָט געליטען אין דיזען אומגליקליכען יאָהר־צעהנדליג (1648—58). לויט דער מיינונג פון היסטאָריקער האָט די צאָל אומגעקומענע אידען אין יענער צייט אַריבערגעוואויגען אַ האַלבען מיליאָן. אַרום זיבען הונדערט אידישע קהילות זיינען פערניכטעט געוואָרען. אין דער רוסישער אוקריינא *) זיינען די אידישע קהילות אינגאַנצען פערשוואונדען, און אין דער פּוילישער איז גאַנץ גע־

בליבען א צעהנט־חלק פון דער אידישער בעפעלקערונג; די איבע־ריגע זיינען ענטוועדער אומגעקומען דורך די קאזאקען אדער זיינען אריינגעפאלען געפאנגען צו די טאטארען אדער זיינען גאר אנט־לאפען קיין טערקיי און אין די לענדער פון מערב־אייראפא. אין אלע לענדער פון אייראפא און אזיען האט מען דעמאלט געקענט בעגעגנען אידישע פליכטלינגע פון פוילען; איבעראל פלעגען זיי דערצעהלען פון די ליידען פון זייערע הינטערגעבליבענע ברידער, פון דעם מארטירערטום פון הונדערט'ן אידישע קהילות, און פלעגען ארויסרופען א ציטער ביי אלע צוהערער. — דער ווידערקול פון יענע שווערע ליידען הערט זיך אין די שריפטען פון יענער צייט און אין טרויעריגע תפלות אין די שוהלען. איינער וואס האט צו־געזעהן די שחיטה אין דער אוקריינא, נתן האנאווער, האט זי בע־שריבען אין זיין פראכטפולער כראניק „יון מצולה" (1653). די רבנים פלעגען פאנאנדערשיקען איבער אלע שוהלען תפלות צום זאגען אין אנדענק פון די נייע קדושים. אין תפילות וואס צורייסען דאס הארץ האט דאס אויסגעמאטערטע פאלק אויסגעגאסען זיינע ליידען און פיין.

§53. דאס זינקען פון פוילען. נאך די מלחמות פון די קאזאקען האט די פוילישע מלוכה אנגעהויבען ביסלעכווייז צו זינקען. בלויז אויף א קורצער צייט האט זי זיך פערשטארקט אין דער צייט פון דעם קעניג יאן סאביעסקי (1674—96), וועלכער איז געווען גוט געניינט צו די אידען. אין 18טען יאהרהונדערט, פאר די סאקסאנישע קעניגע אויגוסט דעם 2טען און 3טען, איז פוילען צוריק שטארק אבגעשוואכט געווארען צוליעב שלעכטער ארדנונג און אונגעלונגענע מלחמות. די בעציהונגען צו די אידען זיינען אלץ ערגער געווארען. די רעגירונג האט נאר געטראכט ווי אזוי ארויס־צוקריגען פון זיי וואס מעהר שטייערען: די שליאכטע אין זייערע „סיימען" פלעגען בענרענצען די רעכט פון די אידען; די שטאד־טישע מאגיסטראטען און צעכען פלעגען זיי שטארק דריקען אין

---

*) צו רוסלאנד איז אריבער בלויז א טייל אוקריינא אויפ'ן לינקען ברעג פון דניעפער (פאלטאווא, טשערניגאוו, א טייל קיעוו); די אוקריינא אויפ'ן רעכטען ברעג דניעפער (וואלין, דער אנדערער טייל קיעוו און פאדאליען) איז געבליבען ביי פוילען.

האנדעל און מלאכות; די יעזואיטען אין זייערע שולען האָבען געפלאנצט אין די הערצער פון די קינדער שנאה צו די מענשען פון אנדערע גלויבענס און אנדערע לענדער. זעהר אָפט פלעגען גאנצע מאסען שול־קינדער בעפאלען שוצלאָזע אידען אין די גאסען און זיי שלאָגען, און אָפטמאָל פלעגען זיי זיך אפילו ארייננרייסען אין די אידישע קווארטאלען און דאָרט מאכען פּאָגראָמען (אין פּאָזען, לעמבערג, ווילנא און אנד.). כדי צו בעשיצען זיך געגען אזעלכע אטאקעס פון די שול־קינדער פלעגען די אידישע קהילות אין די גרויסע שטעדט צאָלען א יעהרליכע סומע צו די בעאמטע פון די קאטוילישע שולען, וועלכע פלעגען דערפאר צוריקהאלטען זייערע שילער פון רציחות געגען די אידען.

איבעראל האָט דער בעלייידיגטער איד געפונען שוץ בלויז אין זיין געמיינדע, אין דעם „קהל". די פּוילישע רעגירונג אליין האָט געהאָלפען צו מאכען שטארק דעם אידישען „קהל". זי פלעגט האָבען געשעפטען ניט מיט דעם איינציגען אידען נאָר מיט קהל, וועלכער פלעגט אויפקלייבען און אריינטראָגען אין דער מלוכה־קאסע די שטייערען פון אלע אידען פון דער קהילה. פאר עפּיס א פערברעכען וואָס דער איינצעלנער איד איז בעגאנגען האָט זיין קהל געענטפערט פאר זיין רעגירונג. טראָגענדיג אזא פאראנטוואָרטליכקייט האָט דער קהל אויך געקראָגען א גרויסע מאכט איבער די מיטגליעדער פון זיין געמיינדע. אָט דיזע קהילה אָרדנונג האָט געבראכט נוצען דערמיט, וואָס זי האָט פאראייניגט די אידען און געשיצט זייערע אינטערעסען. אָבער צוזאמען דערמיט פלעגען די קהל'ן ניט זעלטען מיסברויכען זייער מאכט: זיי פלעגען פארטיילען די שטייערן ניט יושר'דיג, פלעגען קריוודען די אָרימע לטובת די רייכע און האָבען אונטערדריקט די פרייהייט פון דעם יחיד.

די צרות וואָס די פּוילישע אידען האָבען איבערגעלעבט האָבען ארויפגעלעגט זייער שטעמפּעל אויף זייער גייסטיגען לעבען. אין אוקריינא, פּאָדאָליען און וואָלין, וועלכע האָבען אם ערגסטען געליטען פון די קאָזאצקע פּאָגראָמען, ווערט די גייסטיגע מדרגה פון דער אידישער מאסע אלץ נידעריגער. דאָס לערנען פון תלמוד וואָס איז פריהער געווען פארשפּרייט צווישען אלע קלאסען פון פאָלק, הויבט אלץ אָן פארשמעלט ווערען אין א ענגען קרייז פון לומדים,

און די אָרימע מאַסע פאַרזינקט אין אונוויסענהייט און אַבערגלויבען. מעהר פאַרשפּרייט איז די לומדות נאָך געבליבען אין ליטאַ און אין די עכט פּוילישע פּראָווינצען ; נאָר דאָ בעמערקט זיך אויך די פּאַראַמטקיים פון גייסטיגען לעבען. די גאַנצע ליטעראַטור פון יענער צייט איז געווען אויסשליסליך אַ רבני'שע און בלויז איין ספר פון אַן אַנדער געביט (געשיכטע) איז ערשינען, — דער „סדר הדורות" פון דעם מינסקער רב ר' יחיאל האַלפּערין (1700). אין דיזען ווערק, וואָס בעשטעהט פון דריי חלקים, ווערט ארומגענומען די אידישע געשיכטע פון די ביבלישע צייטען ביז'ן יאָהר 1696 (1טער טייל), עס ווערען אויסגערעכענט נאָכ'ן אַלף־בית די נעמען פון אַלע תנאים און אמוראים און אויך זייערע מיינונגען אין תלמוד (2טער טייל) און צולעצט ווערט געגעבען אַ צעטעל פון מחברים און ספרים פון זינט נאָכ'ן תלמוד.

און וואָס מעהר עס איז אָבגעשוואַכט געוואָרען דאָס לערנען פון תלמוד אַלץ מעהר האָט זיך געשטאַרקט דאָס לערנען פון קבלה. די לעהרע פון די ארץ־ישראל'דיגע מקובלים, דער אר"י און ר' חיים וויטאַל, האָט געקראָגען אַ סך אַנהענגער אין פּוילען. עס האָט זיך פאַרמעהרט די צאָל פון „מוסר־ספרים", אין וועלכע עס ווערט גערעדט פון יענער וועלט, פון גן־עדן און גיהנם, פון מלאכים און שדים. עס האָבען זיך בעוויזען בעלי־שמ'ס, ד. ה. בעלי־מופת, וועלכע פלעגען היילען קערפּערליכע און גייסטיגע קראַנקהייטען מיט אָבשפּרעכען קמיעות.

§54. די שבתי־צבי'ניקעס און פראַנקיסטען. די משיח־באַוועגונג וואָס איז ארויסגערופען געוואָרען דורך שבתי־צבי איז געקומען נאָך די שרעקליכע שחיטות פון די קאָזאַקען אין פּוילען. די אויסגעמוטשעטע פּוילישע אידען האָבען דורשטיג געשלונגען די קלאַנגען וואָס זיינען געגאַנגען פון טערקיי וועגען אַ זאָגענאַנטען משיח. אין אַ סך ערטער האָט מען זיך אפילו געגרייט אין גיכען צו געהן קיין ארץ־ישראל. אז דער פאַלשער משיח האָט זיך גע־שמד'ט, האָבען די רבנים און אַלע רעכטדענקענדע לייט מיט שרעק זיך אָבגעטרייסעלט פון איהם. אָבער אין פאָלק האָט די משיח־בעוועגונג זיך ניט איינגעשטילט. אין גאַליציען און פּאָדאָליען האָבען עקזיסטירט געהיימע חברות פון שבתי־צבי'ניקעס וואָס האָבען אַוועקגע־

ווארפען א סך רעליגיעזע צערעמאָניעס אן תשעה־באב (דער געבורט־טאג פון פאלשען משיח) האָבען זיי געמאכט פאר א יום־טוב; איינע פלעגען שטענדיג תשובה טהאָן און פאסטען, און אנדערע האָבען זיך איבערגעגעבען צו פרעהליכקייט און אויסגעלאסענקייט. די רבנים זיינען געווען אונרוהיג דערפון און זיי האָבען אָנגענומען שטרענגע מיטעל. אין זומער פון 1722 האָט אן אסיפה פון רבנים אין לעמבערג ארויסגעלעגט א חרם אויף אלע פארבאָרגענע שבתי־צבי'ניקעס, וואָס וועלען ביז א בעשטימטען טערמין זיך ניט אָבזאָגען פון זייערע פערבלאָנדזשעטע מיינונגען. דיזער מיטעל האָט צום טייל געווירקט: א טייל פון זיי האָבען עפענטליך חרטה געהאט אויף זייערע זינד און האָבען גענומען אויף זיך א תשובה. נאָר די מעהרסטע פון זיי האָבען זיך פער'עקשנ'ט און אין יאָהר 1725 האָבען די רבנים ווידער געמוזט ארויס געגען זיי מיט א חרם.

צווישען דיזע געהיימע שבתי־צבי'ניקעס איז אויסגעוואקסען און האָט זיך ערצויגען דער גרינדער פון א נייער סעקטע, יעקב פראנק. ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1726 אין פאָדאָליען. זיין פאָטער, לייב, איז געווען אין חרם פאר בעלאנגען צו די שבתי־צבי'ניקעס אן ער האָט זיך בעזעצט אין דער שכנ'ישער וואלאכיען, וועלכע האָט דעמאָלט געהערט צו טערקיי. דאָ איז יעקב צוערשט געווען א משרת אין א קראָם און דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען פאנאנדערפיהרען סחורות אין שטעדט און דערפער. אָפטמאָל פלעגט איהם אויסקומען צו פאָהרען מיט זיינע סחורות איבער טערקישע שטעדט און לעבען אין סאלאָניקי, וואָס איז געווען דער צענטער פון די שבתי־צבי'ניקעס. ער האָט זיך בעפריינדעט מיט די פיהרער פון דער דאָזיגער סעקטע און האָט איבערגענומען אלע איהרע שלעכטע זייטען. דאן איז איהם אריין א געדאנק אין קאָפ — געהן צוריק אין פוילען און אָנהויבען צווישען די דאָרטיגע שבתי־צבי'ניקעס צו שפיעלען די ראָלע פון א נביא. איהם האָט געצויגען אויף דיזען וועג ניט אזוי די רעליגיעזע בעגייסטערונג, ווי דער פערלאנג נאָך כבוד און דער דורשט צו עפּיס גרויסע אונטערנעהמונגען. אין יאָהר 1755 איז פראנק ערשינען אין פאָדאָליען, האָט זיך פאראייניגט מיט די פיהרער פון די שבתי־צבי'ניקעס און האָט זיי אָנגעהויבען פרע־

דיגען יענע „אנטפּלעקונגען", וועלכע ער האָט איבערגענומען פון זיינע חברים אין סאַלאָניקי. די שבתי־צבי'ניקעס פלעגען אָבהאַלטען בשתיקה פערזאמלונגען, וואו זיי פלעגען פּראווען עפּיס זאָנדערבאַרע צערעמאָניעס. איינמאָל, אין דער צייט פון א יריד אין דעם שטעדטעל לאַנדצקאָראָנא, האָט פראנק און א מחנה פון זייערע אָנהענגער, מענער און פרויען, זיך פארקליבען אין אן אכסניא דאָרט צו פּראווען זייערע רעליגיעזע צערעמאָניעס. זיי האָבען דאָרט געזונגען זייערע תפילות, האָבען ארויסגערופען אין זיך א רעליגיעזע בעגייסטערונג דורך טאַנצען און זיך פרעהליך מאַכען, און דערביי האָבען מענער געטאַנצט מיט פרויען. די פרומע אידען, וואָס האָבען זיך געפונען אויפ'ן יריד, זיינען אויפגעבראַכט געוואָרען פאַר אזא אויפפיהרונג. זיי האָבען דערטראָגען צו די פּוילישע בעאַמטע, אז עפּיס א טערקישער אונטערטהאַן רודערט אויף דאָס פאָלק און פארשפּרייט א נייע אמונה. די פרעהליכע קאָמפּאַניע איז אַרעסטערט געוואָרען. פראנק'ן אליין, אלס א פרעמדען, האָט מען ארויסגעשיקט קיין טערקיי, און זיינע אָנהענגער האָט מען איבערגעגעבען אין רשות פון די רבנים און קהל. אן אסיפה פון רבנים אין בראָד האָט אויסגערופען א חרם אויף אלע נאָכפאָלגער פון פראנק'ן און ארויפגעלעגט אלס פליכט אויף יעדען אידען אויסצוזוכען דיזע געפעהרליכע סעקטאַנטען און זיי פאַרפאָלגען.

דאַן האָבען די פערפאָלגטע סעקטאַנטען אין פאָדאָליען זיך ענטשלאָסען אויף א פארצווייפעלטען שריט. זייערע פאַרשטעהער זיינען ערשינגען פאַר'ן קאַטוילישען בישאָף דעמבאָווסקי אין קאַמענעץ־פאָדאָלסק און האָבען איהם ערקלערט אז זייער סעקטע האַלט גיט פון דעם תלמוד, אנערקענט בלויז דעם „זהר" און זיי גלויבען אזוי ווי די קריסטען אז גאָט איז איינער אין דריי געשטאַלטען און אז דער ערלייזער—משיח איז איינער פון דיזע דריי געשטאַלטען. דיזע ערקלערונג האָט געגעבען דעם בישאָף די האָפנונג צו בעקערען דיזע אלע סעקטאַנטען צום קריסטענטום. ער האָט גענומען די „אנטי־תלמוד'יסטען" (ווי די פראנקיסטען האָבען זיך דעמאָלט גערופען), אונטער זיין שוץ און האָט ארויסגערופען די רבנים אויף אן עפענטליכען דיספּוט מיט זיי. עטליכע פאָדאָליער רבנים זיינען געקומען אין קאַמענעץ און דאָ איז פאָרגעקומען א רעליגיעזער

דיספוט צווישען זיי און די פיהרער פון דער סעקטע, אין דער אנ־וועזענהייט פון דעמבאָווסקי און אנדערע קאטוילישע גלחים (1757). די רבנים האָבען אומגעוואָרפען די טענות פון זייערע געגענער און זיי בעשולדיגט אין ליגען; נאָר דער בישאָף האָט בעשלאָסען אז די די „אנטי־תלמוד׳יסטען" זיינען גערעכט. ער האָט בעפעהלען די גלחים צו בעצאָלען די פראנקיסטען א געלד־שטראָף; אויסערדעם האָט ער בעפעהלען צוזונעהמען ביי די אידען אין פאָדאָליען אלע גמרא׳ם און זיי פארברענען. די גזרה איז אויסגעפיהרט געוואָרען. טויזענדער גמרא׳ם זיינען צוגענומען געוואָרען פון זייערע אייגענטי־מער, זיינען צוזאַמענגעבראַכט געוואָרען אין קאַמענעץ און דאָרט זיי־נען זיי פארברענט געוואָרען. די פראנקיסטען האָבען גענומען נקמה פון זייערע פערפאָלגער און האָבען זיך געפרעהט. מען קען ניט וויסען מיט וואָס די זאך וואָלט זיך געווען ענדיגען ווען בישאָף דעמבאָווסקי זאָל ניט געווען פלוצלינג שטארבען. די פראנקיסטען האָבען פארלאָרען זייער שטיצע און קהל האָט זיי ווידער גענומען רודפ׳ן.

אין דיזער צייט איז יעקב פראנק געקומען צוריק פון טערקיי. זעהענדיג די שווערע לאגע פון זיינע אנהענגער, וועלכע זיינען פון יודענטום אָבגעשטאנען און צום קריסטענטום ניט צוגעשטאנען, האָט ער זיי אַן עצה געגעבען, אז זיי זאָלען זיך שמד׳ן לפנים. פונקט אזוי ווי שבתי־צבי און זיינע מקורבים — האָט ער געזאָגט — האָבען פון דרויסען אָנגענומען דעם איסלאַם, אזוי איז באַשערט אז זיינע נאָכפאָלגער אין פוילען זאָלען אָננעהמען דאָס קריסטענטום; נאָר אין הארצען דארפען זיי האַלטען פאר „משיח" ניט קריסטוס׳ן נאָר שבתי צבי אָדער זיין שטעלפערטרעטער, פראַנק. אין יאָהר 1759 האָבען די פראנקיסטען מודיע געווען די קאַטוילישע גלחים זייער פערלאנג זיך צו פעראייניגען מיט דער קירכע. מען האָט זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. די צערעמאָניע פון שמד איז געמאַכט געוואָרען זעהר פייערליך אין די קירכען פון לעמבערג, און זייערע „טויף־פאָטערס" זיינען געווען די גרעסטע פוילישע אדעליגע. די נייע קריסטען האָבען אָנגענומען די נעמען פון זייערע טויף־פאָטערס און אויף אזא אופן זיינען זיי אריינגעטראָטען אין פוילישען אדעל. פראנק אליין האָט זיך געטויפט אין ווארשאָ, וואו זיין טויף־פאָטער

איז געווען קעניג אויגוסט דער 3טער; דערביי זיינען אנגעוועזנד געווען די מיניסטאָרען, די הויפּלייט און די אַריסטאָקראַטיע פון דער הויפּטשטאָדט. ביים טויפען זיך האָט מען פראַנק'ן אַ נאָמען געגעבען יוסף.

נאָר ניט לאַנג האָבען די פראַנקיסטען זיך געקענט פאַרשטעלען פאַר אמת'ע קאַטאָליקען. די פּוילישע גלחים האָבען בעמערקט, אַז אין געהיים האַלטען זיי זיך נאָך זייערע אמונות און מנהגים און אין גיכען איז אַלץ אויפגעדעקט געוואָרען דורך מסירות. די גלחים האָבען זיך דערוואוסט אַז די פראַנקיסטען האָבען זיך געטויפט נאָר לפּנים וועגען, כדי צו פערבעסערען זייער לאַגע, און אַז אין אמת'ן האַלטען זיי פאַר זייער „הייליגען משיח", פראַנק'ן, דעם נאָכפאָלגער פון שבתי־צבי. דאַן האָט מען פראַנק'ן אַרעסטירט און געבראַכט פאַר אַ קירכען־געריכט. דאָס געריכט האָט אַרויסגעגעבען אַ פּסק: פאַרשפּאַרען פראַנק'ן אין דער פעסטונג פון טשענסטאָכאָוו און האַלטען איהם נעבען דאָרטיגען מאָנאַסטיר, כדי ער זאָל ניט קענען האָבען קיין פאַרבינדונגען מיט זיינע אָנהענגער. דרייצעהן יאָהר (1760-72) איז פראַנק אָבגעווען אין פעסטונג, אָבער די גלחים האָבען זייער ציעל ניט דערגרייכט: די פראַנקיסטען איז געלונגען אָנצוהאַלטען פאַרבינדונגען מיט זייער „משיח"; אייניגע האָבען זאָגאַר זיך אליין אריינגעמאַכט אין טשענסטאָכאָוו אָדער האָבען געוואוינט אין דער אומגעגענד פון דער שטאָדט, אָנהאַלטענדיג אַ געשלאָסענע פאַרבאָרגענע סעקטע. זיי האָבען געזעהן אין דעם שיקזאַל פון פראַנק'ן אַ ווידערהאָלונג פון דעם שיקזאַל פון דעם „ליידענדען משיח" שבתי־צבי, וועלכער איז אַמאָל אויך געזעסען פאַרשפּאַרט אין דער פעסטונג אבידאָס. פראַנק פלעגט ערמוטיגען זיינע אָנהענגער מיט רייד און בריעף; ער פלעגט זאָגען, אַז זיך רעטען קען מען נאָר דורך דער „אמונה פון אדום", וועלכע האָט בעדייטעט עפּיס אַ מין געמיש פון קריסטענטום און דער שבתי־צבי־אידעע.

ערשט נאָך דער ערשטער צוטיילונג פון פּוילען, ווען טשענסטאָכאָוו איז גענומען געוואָרען פון די רוסען איז פראַנק בעפרייט געוואָרען פון געפענגניס (1772). בעגלייט פון אַ סך פון זיינע אָנהענגער איז ער אַרויסגעפאָהרען פון פּוילען און זיך בעזעצט אין מאָראַוויען. דאָ, און דערנאָך אין עסטרייך, האָט ער געשפּיעלט די ראָלע ווי ער

וואלט פארשפרייט דאס קריטענטום צווישען די אידען און האט אפילו געוואונען אויף זיין זייט דעם קעניגליכען הויף פון וויען. נאר אין גיכען האט מען זיך דערוואוסט פון זיין פערגאנגענהייט און ער האט געמוזט פערלאזען עסטרייך. פראנק האט זיך בעזעצט אין דייטשלאנד, אין אפענבאך, וואו ער האט זיך אליין גענומען דעם טיטעל „באראן פאן אפענבאך”. דא איז ער צוזאמען מיט זיין טאכ־טער חוה, אדער די „הייליגע מיידעל”, געשטאנען אן דער שפיץ פון זיין געהיימער סעקטע און האט געלעבט אין לוקסוס, בעקומענדיג געלד פון זיינע אנהענגער אין פוילען און מאראוויען. נאך פראנק'ס טויט (1791) האט די סעקטע אנגעהויבען צופאלען צו ווערען. די פראנקיסטען וואס זיינען געבליבען אין פוילען האבען זיך צונויפגע־גאסען מיט דער פוילישער בעפעלקערונג, און צולעצט זיינען זיי אינ־גאנצען פערשוואונדען אין דער פוילישער געזעלשאפט.

---

צעהנטער קאפיטעל.

## די איבערגאנגס־צייט.

(1750 — 1795).

§55. **משה מענדעלסאן.** די צווייטע העלפט פון 18טען יאהרהונדערט איז פאר די אידען געווען א צייט פון איבערגאנג פון דעם אלטען לעבען צו א נייעם. אין דער געבילדעטער געזעל־שאפט פון מערב־אייראפא האט זיך דעמאלט אנגעהויבען אן אויפ־קלערונגס־בעוועגונג, וועלכע האט געשטרעבט צו בעפרייען דעם מענשליכען געדאנק פון די פאראורטיילען פון מיטעלאלטער. אין פראנקרייך איז אויפגעשטאנען א דור פון שרייבער און דענקער, וועלכע האבען געפאדערט די פרייהייט פון געדאנק און געוויסען פאר אלעמען, ד. ה. יעדער איינער זאל האבען די פרייהייט ארויס־צוזאגען און צו פערטיידיגען זיינע איבערצייגונגען, אפילו ווען זיי געהען נעגען די אלגעמיין־אנגענומענע מיינונגען (וואלטעיר, די־דערא, רוסא, די ענציקלאפעדיסטען). דיזע פרייע געדאנקען וואס זיינען אויפגעקומען אין פראנקרייך האבען געפונען א סך אנהענגער

אין דייטשלאַנד. צווישען די אָנהענגער פון אויפקלערונג איז אויך געווען דער פּרייסישער קעניג פרידריך דער 2טער, וועלכער פלעגט זאָגען אַז ער ערלויבט יעדען איינעם פון זיינע אונטערטאַנען צו רעטען זיין נשמה לויט זיינע אייגענע רעליגיעזע איבערצייגונגען. אין אמת'ן אָבער האָט פרידריך ניט געוואָלט פאַרלייכטערען די שווערע לאַגע פון טויזענדע פון זיינע אונטערטאַנען, וועלכע האָבען געגלויבט אין דער אידישער רעליגיאָן. ער האָט די אידען ניט געגעבען קיינע בירגער־רעכט, און ער האָט נאָר ערלויבט פאַר־מעגליכע אידישע סוחרים צו וואוינען אין פּרייסען, בתנאי אַז זיי זאָלען דערפאַר צאָלען גרויסע שטייערען. אין דער פּרייסישער הויפּטשטאָדט בערלין האָט זיך דעמאָלט געפונען אַ קליינע אידישע קהילה. קיין אָרימע אידען פון אַנדערע ערטער האָט מען ניט אריינגעלאָזען אין דיזער שטאָדט, אָבער זיי פלעגען אריינדרינגען אהין בשתיקה. אויף אַזאַ אופן האָט זיך איינמאָל דערשלאָגען קיין בערלין אַן אָרימער אידישער אינגעל פון דער שטאָדט דעסוי, וועל־כען עס איז שפּעטער בעשערט געווען צו שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע ביי אידען ווי אויך ביים דייטשען פאָלק. דאָס איז געווען משה מענדעלסאָן.

משה מענדעלסאָן איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1729, אין דעסוי, ביי אַן אָרימען סופר, מיט'ן נאָמען מענדעל. אונטער דער השגחה פון זיין פאָטער האָט ער ערלערנט די העברעאישע שפּראַך און דעם תנ"ך, און תלמוד האָט ער געלערנט ביים רב פון שטאָדט ר' דוד פרענקל. דער יונגער משה האָט געלערנט מיט גרויס התמדה, און ווען זיין רבי פרענקל איז גערופען געוואָרען צו פאַרנעמען דעם שטול פון רבנות אין בערלין האָט זיין 14־יעהריגער תלמיד איהם נאָכגעפאָלגט אהין. אין בערלין האָט דאָס אָרימע אינגעל געלעבט אין אַ דאַך־שטיבעל און געליטען שרעקליכע נוים, אָבער ער האָט ניט אויפגעהערט צו לערנען מיט זיין געוועהנ־ליכער התמדה. די פילאָזאָפישע ספרים פון דעם רמב"ם האָבען אויפגעוועקט אין איהם דעם גייסט פון פרייען פאָרשען. זיין אָרימע נאַהרונג און דאָס אָנגעשטרענגטע לערנען האָבען שטאַרק אָבגע־שוואַכט זיין אָרגאַניזם; פון שטענדיגען זיצען האָט ער זיך אויס־געקרימט די פּלייצע און איז געוואָרען אַ הויקער. אָבער ער

האָט זיך ניט געקימערט פון זיינע קערפּערליכע פעהלערען, און האָט ארויסגעוויזען אונגעוועהנליע גייסטיגע פעהיגקייטען. עס האָט זיך איהם פערוואָלט צו בערייכערען זיין גדאנק אויך מיט יענע וויסענשאַפטליכע און פילאָזאָפישע לעהרען, וועלכע האָבען פאַר'ן אידישען קינד זיך דעמאָלט גערעכענט פאַר איבעריג און אפילו געפעהרליך. ער האָט געלערנט מאַטעמאַטיק, לאַטיין און מאָדערנע שפּראַכען און האָט פלייסיג גלעזענט די פראַנצויזישע און דייטשע ליטעראַטור. אין גיכען האָט מענדעלסאָהן שקראַגען א שטעלע אלס הויז־לעהרער ביי א רייכען אידישען פאַבריקאַנט אין בערלין, און שפּעטער—אלס פערוואַלטער אין זיין קאַנטאָר. זייענדיג איצט בעזאָרגט מיט פּרנסה האָט ער זיין גאַנצע פרייע צייט געווידמעט צו גייסטיגער ארבייט.

אן ענטשיידענדע איבערקערעניש אין מענדעלסאָנ'ס לעבען האָט געמאַכט זיין בעקאַנטשאַפט מיט דעם גרויסען דייטשען שריפטשטעלער לעסינג (1754). לעסינג וועלכער האָט נאָך אין איינער פון זיינע יוגענד־דראַמען („די אידען") געבראַנדמאַרקט די פאָראורטיילען פון זיינע דייטשע פאָלקסבריידער געגען די אידען, האָט געפונען אין מענדעלסאָנ'ען דעם שעהנסטען פאָרשטעהער פון אידישען פאָלק. צווישען די צוויי יונגע מענשען האָט זיך פאַר־בונדען א שטאַרקע פריינדשאַפט, וועלכע איז געווען בעגרינדעט אויף עהנליכע גייסטיגע און מאָראַלישע שטרעבונגען. דיזע פריינד־שאַפט האָט געהאַט א גוטע ווירקונג אויף דער ענטוויקלונג פון ביי בּיידען. לעסינג האָט אריינגעפיהרט מענדעלסאָנ'ען אין דעם קרייז פון זיינע געבילדעטע קריסטליכע חברים און האָט געמאַכט א וועג פאַר זיין ליטעראַרישען נאָמען. ווען מענדעלסאָהן האָט איהם איינ־מאָל געגעבען איבערקוקען זיינעם א כתב־יד מיט'ן נאָמען „פילאָ־זאָפישע שמועסען" האָט לעסינג אָהן זיין וויסען עס אָבגעדרוקט (1755). דאָס בוך האָט אויסגענומען ביים עולם, וואָרום עס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט א קלאָרען סטיל און א פּראַכטפאָלען דייטש. מענדעלסאָנ'ס רוהם איז בעזונדערס אויסגעוואַקסען ווען עס האָט זיך בעוויזען זיין בוך „פעדאָן", וואו, אין דער פאָרמע פון געשפּרעכען צווישען דעם פילאָזאָף סאָקראַטעס און זיין תלמיד פעדאָן, ווערט בעוויזען אז די נשמה איז אונשטערבליך. דאָס

דאָזיגע בוך איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס בעגייסטערונג אין דער גאַנצער געבילדעטער געזעלשאַפט, און מען האָט אווקגעשטעלט מענדעלסאָנ'ען אין איין שורה מיט דייטשלאַנד'ס בעסטע שרייבער. בעריהמטע שרייבער פלעגען זוכען די בעקאַנט־שאַפט פון מענדעלסאָנ'ען. זיין הויז איז געוואָרען דער צענטער פאַר די געבילדעטע מענשען פון בערלין; דאָרט פלעגען גע־פיהרט ווערען הייסע וכוחים וועגען די העכסטע פילאָזאָפישע און מאָראַלישע פראַגען, וואָס האָבען בעשעפטיגט דעם דעמאָלדיגען דור. מענדעלסאָן האָט געקראָגען דעם נאָמען „דער אידישער סאָקראַטעס".

פאַרנעהמענדיג אַ גרויסען אָרט אין דער דייטשער געזעלשאַפט האָט מענדעלסאָן פונדעסטוועגען ניט פאַרגעסען וועגען די אינטע־רעסען פון זיין פאָלק. אויב די ערשטע יאָהרען פון זיין ליטעראַ־רישער טהעטיגקייט זיינען געווען געווידמעט צו אַלגעמיין־פילאָ־זאָפישע ארבייטען, איז זיין גאַנצע שפּעטערדיגע טהעטיגקייט געווען געווידמעט צו פערשטאַרקען און בענייען דאָס יודענטום. פאָלגענדער צופאַל האָט געצוואונגען מענדעלסאָנ'ען ארויסצוטרעטען אַלס קעמפּפער פאַר'ן יודענטום. צווישען זיינע בעקאַנטע איז גע־ווען אַ בעוואוסטער גלח לאַוואַטער, וועלכען עס האָט זיך זעהר שטאַרק נעגלוסט צו מאַכען דעם אידישען פילאָזאָף פאַר אַ קריסט. לאַוואַטער האָט אָבגעדרוקט אַ בוך „בעווייזע פון דער וואַרהייט פון קריסטענטום". דעם דאָזיגען בוך האָט דער פערפאַסער געווידמעט צו מענדעלסאָנ'ען, און אין דער געדרוקטער ווידמונג האָט ער איהם פאָרגעלעגט ער זאָל ענטוועדער צושלאָגען די בעווייזע פון דעם בוך אָדער אָננעהמען דאָס קריסטענטום. דיזע ארויספאָדערונג האָט מענדעלסאָנ'ען אויפגעבראַכט. ער האָט געדרוקט אַ „זענדשרייבען צו לאַוואַטער" אין וועלכען ער האָט שטאַלץ ערקלערט, אַז ער איז שטענדיג געווען און וועט בלייבען געטריי דער אידישער אמונה, וואָס אין איהר חכמה און געטליכקייט איז ער טיעף איבערצייגט, און אַז עס איז ניט עהרליך ווען איינער בייט זיין גלויבען אָדער רעדט־אָן אַנדערע אַזוי צו טהאָן.

מענדעלסאָנ'ס הויפּט־אויפגאַבע איז בעשטאַנען ניט איז פאַר־טיידיגען די אידען געגען דער דרויסענדיגער וועלט, נאָר ער האָט געוואָלט בענייען זייער אינעווייניגסטען לעבען און צופאַסען זיי צום

אייראָפּעאישען פּראָגרעס. ער האָט געשטרעבט צו מאַכען ברייטער דעם גייסטיגען האָריזאָנט פון זיינע ברידער און אויסגלייכען די אידישע רעליגיעזע אנשויאונגען מיט די אנשויאונגען פון דער פי־לאָזאָפיע. ער האָט געזעהן ווי די אידען האָבען זיך דערווייטערט פון דעם תנ״ך, זיך אָבגעבענדיג כמעט אויסשליסליך מיט לערנען דעם תלמוד, און ווי אזוי דער תנ״ך פלעגט אָפט געטייטשט ווערען אזוי, אז דער קלאָרער געדאנק פון זיינע ווערטער איז פערדונקעלט געוואָרען. דעריבער האָט ער, אזוי ווי לוטהער, בעשלאָסען אָנצו־פאנגען די איבערבילדונג פון פאָלק מיט אן איבערזעצונג פון תנ״ך. ער האָט איבערזעצט אין דייטש דעם חומש, זיך האַלטענדיג שטרענג צו די ווערטער פון אָריגינאַל, און דערנאָך האָט ער, מיט דער הילף פון אנדערע חברים, געמאַכט אין העברעאיש א פירוש צום חומש, דעם „ביאור", וועלכער איז בעגרינדעט אויפ׳ן גראַמאַטישען און לאָגישען געדאַנק פון די ווערטער, אָהן א שום צומיש פון קינסט־ליכע טייטשען. מענדעלסאָנ׳ס איבערזעצונג און פירוש פון דער תורה איז ערשינען אין יאָהר 1783 און האָט ארויסגערופען פרייד צווישען די ליעבהאָבער פון אויפקלערונג, אָבער אונצופריעדענהייט ביי די רבנים, וועלכע האָבען געזעהן אין דער דאָזיגער „תורה" א געפעהרליכע אפיקורסות. די דייטשע רבנים זיינען ארויסגע־טראָטען מיט שאַרפע פּראָטעסטען געגען די „בערלינער", ד. ה. מענדעלסאָן און זיינע חברים, און האָבען בעפעהלען צו פערניכטען די ספרים מיט זיין איבערזעצונג און פירוש. אין מאַנכע שטעדט האָט מען ווירקליך געברענט דעם בערלינער תנ״ך. אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפען. א סך יונגעלייט האָבען זיך צוגעהאַפּט צו דער איבערזעצונג און דעם ביאור, וועלכער איז פאַר זיי געוואָרען א קוואַל פון אויפקלערונג: זיי פלעגען לערנען מענדעלסאָנ׳ס „ביאור" בעהאַלטענערהייד, און פלעגען זיך פון איהם בעקענען מיט׳ן דקדוק פון דער העברעאישער שפּראַך, מיט דער פּאָעזיע פון תנ״ך און מיט דער געשיכטע; אויף מענדעלסאָנ׳ס איבערזעצונג האָבען זיך א סך געלערנט די דייטשע שפּראַך, וועלכע האָט זיי געגעבען דעם שליסעל צו דער דייטשער ליטעראַטור און האָט זיי אריינגע־פיהרט אין דער וועלט פון דער פרייער בילדונג און פילאָזאָפיע. נאָכ׳ן חומש האָט מענדעלסאָן ארויסגעגעבען אין דעם זעלבען גייסט

דעם תהלים און אנדערע ספרים פון תנ"ך. די גאנצע אונטער־נעהמונג איז פארענדיגט געווארען שוין דורך מענדעלסאָנ'ס תלמידים.

אין איינעם פון זיינע לעצטע ווערק, געשריבען אין דייטש („ירושלים"), וויל מענדעלסאָן בעווייזען אז דאָס אידענטום פאַר־דערט ניט פון זיינע אָנהענגער בלינדען גלויבען, נאָר צו פארשטעהן די היסטאָרישע און מאָראלישע געזעצען און זיי אָבהיטען. דער גרויסער דייטשער פילאָזאָף קאנט האט בעגריסט די ערשיינונג פון „ירושלים" אלס אן אָנפאנג פון אן אלגעמיינער רעפאָרם פון רעליגיאָן. לעסינג האָט אין דעם העלד פון זיין בע־ריהמטער דראמא „נאטהאן דער וויזע" געשילדערט זיין חבר מענדעלסאָן. נאָך א קורצען אָבער פרוכטבארען לעבען איז מענ־דעלסאָן געשטאָרבען (1786) און איז ביטער בעוויינט געוואָרען פון פיעלע חברים און פארעהרער.

§56. מענדעלסאָנ'ס שולע ; דער קאמפף פאר השכלה. מענדעלסאָן האָט בעלאנגט צו יענעם קלאס שרייבער, וועלכע וויר־קען אויף זייער דור ניט אזוי מיט זייערע ביכער ווי מיט זייער פערזענליכען איינפלוס. מענדעלסאָנ'ס טהעטיגקייט אין זיין קרייז, אלס פיהרער, איז געוועזען נאָך וויכטיגער פון זיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט. ער האָט געקענט בעגייסטערען זיינע פריינד און תלמידים און וועקען זיי צו ארבייטען לטובת הכלל. „מענדעל־סאָנ'ס קרייז" האָט זיך געשטעלט צוויי הויפט־ציעלען : צו איבער־בויען די אידישע קינדער־ערציהונג און אויפלעבען די העברעאישע ליטעראטור. דער פונדאמענט צו דער פארווירקליכונג פון די דאָ־זיגע צוויי ציעלען איז געלעגט געוואָרען נאָך ביי מענדעלסאָנ'ס לעבען. לויט דעם פּלאן פון זיין חבר און מיטארבייטער דוד פרידלענ־דער איז געגרינדעט געוואָרען אין בערלין, אין יאָהר 1778, די ערשטע „אידישע פרייע שולע", אין וועלכער מען האָט געלערענט אויף דייטש אלגעמיינע געגענשטאנדען, העברעאישען דקדוק און תנ"ך. די נייע „שולע" האָט עס געדארפט אויסבעסערען די חסרונות פון דעם אלטען „חדר", וואו מען פלעגט נאָר לערנען תלמוד.

די שולע איז געגרינדעט געוואָרען פאר'ן יונגען דור. אָבער צו ערציהען די דערוואקסענע האָבען זיי געארבייט דורך דער

ליטעראַטור. עס איז נייטיג געווען ארויסצושטויסען די פארגרייזטע העברעאישע שפּראַך וואָס איז דעמאָלט געברויכט געוואָרען אין די ספרים, און אויפלעבען צוריק די ריינע שפּראַך פון תנ"ך. האָבען מענדעלסאָנ'ס תלמידים געגרינדעט אין 1783, אין בערלין, אַ „חברת חובבי שפת עבר“ און האָבען אָנגעהויבען ארויסגעבען אַ זשורנאַל מיט'ן נאָמען „המאסף“ (דער זאַמלער). אין דיזען זשורנאַל פלעגען קומען לירישע און דידאַקטישע שירים אין העברעאיש, מאמרים איבער וויסענשאַפטליכע ענינים, פאָרשונגען אין העבראישען דקדוק און העברעאישער ליטעראַטור, איבערזעצונגען פון מוסטערען פון דער דייטשער און פראַנצויזישער ליטעראַטור. אין אַלגעמיין האָט דער זשורנאַל דערמאָנט צום טייל די היינטיגע זשורנאַלען פאַר דער יוגענד, נאָר טאַקע דערפאַר האָט ער געהאַט ערפאָלג ביי דעם דעמאָלדיגען עולם. די מיטארבייטער פון זשורנאַל זיינען געווען מענדעלסאָנ'ס חברים און תלמידים — אייכעל, וויזעל פרידלענדער און אנדערע.

איינער פון מענדעלסאָנ'ס בעסטע מיטארבייטער איז געווען נפתלי־הערץ וויזעל (וויזעלי) פון האמבורג (1805—1726). וויזעל האָט זעהר פיעל מיטגעהאָלפען ביים צוזאַמענשטעלען דעם „ביאור“. נאָך פריהער האָט ער צוגעצויגען צו זיך אויפמערקזאַמקייט מיט זיין זעלטענער אָבהאַנדלונג וועגען דער העברעאישער שפּראַך („הלבנון“ אָדער „גן־נעול“). נאָך דיזען ווערק זיינען געקומען אנדערע און אַ רייהע ארטיקלען און ליעדער אין „המאסף“. וויזעל האָט געשריבען אַלע זיינע ווערק אין דער ניי־אויפגעלעבטער ביבלישער שפּראַך, בעת מענדעלסאָן האָט געשריבען מעהרסטענס אין דייטש. וויזעל'ס גרויסע פּאָעמע „משה“ (אין „שירי תפארת“) בעזינגט משה'ס גרויסע טהאַטען און יציאת מצרים אין שטאַרקע ביבלישע פערזען, וועלכע די העברעאישע פּאָעזיע האָט שוין לאַנג ניט ארויסגעגעבען. נאָר מעהר פון אַלץ האָט זיך וויזעל בערימט געמאַכט מיט זיין קאַמפּף געגען די רבנים, וועלכע האָבען אָנגעהויבען רודפ'ן די נייע השכלה אין עסטרייך.

אין עסטרייך האָט געהערשט דער אויפגעקלערטער קעניג יאָזעף דער 2טער (1780—90). דיזער קעניג האָט געוואָלט פארבעסערען די לאַגע פון די אידען אין זיין קעניגרייך און האָט פער־

אָרדענט אַז עס זאָלען געגרינדעט ווערען אידישע אָנפאנגס־שולען וואו מען זאָל לערנען אַלגעמיינע למודים און די דייטשע שפראך. דיזער בעפעהל האָט ארויסגערופען אַ גרויסען שטורם צווישען די אידען פון עסטרייך, בעהמען און פוילישען גאַליציען, וועלכע איז דעמאָלט צוגעשלאָסען געוואָרען צו עסטרייך. די פרומע אידישע מאסע און איהרע גייסטיגע פיהרער האָבען מורא געהאט, אַז די נייע שולען וועלען אָבציהען דאָס פאָלק פון לערנען תורה און גמרא. אנדערש האָבען געקוקט דערויף מענדעלסאָנ׳ס אנהענגער, אָדער די „משכילים”. זיי האָבען בעגריסט קעניג יאָזעפ׳ס בעפעהל, אלס אַן אָנפאנג פון אַ ליכטיגער צייט אין דעם לעבען פון די אידען. וויזעל האָט אָנגעשריבען אַ לויב־געזאנג לכבוד דעם „קעניג־בעפרייער”. דערהערענדיג אַז די רבנים זיינען ניט צופריעדען מיט די רעפאָרמען פון קעניג יאָזעף, האָט זיך וויזעל געווענדט צו די עסטרייכישע אידען מיט אַ שריפט, וואָס איז אָבגעדרוקט געוואָרען אין בערלין אין יאָהר 1782 אונטער׳ן נאָמען „דברי שלום ואמת”. אין דיזער שריפט האָט ער ווארעם געבעטען אַז די אידען זאָלען בעגריסען די גוטע פעראָרדנונגען פון דעם קעניג און האָט געוויזען אַז אפילו פון דעם רעליגיעזען שטאנדפונקט איז אַ חוב אויף יעדען אידען צו האָבען אַלגעמיינע בילדונג און צו קענען די לאנדסשפראך, ווארום אָהן אַ בעקאנטשאפט מיט די נאטור־וויסענשאפטען, געשיכטע און געאָגראפיע קען מען ניט פארשטעהן גוט דעם תלמוד און בכלל דעם גייסט פון יודענטום. וויזעל׳ס שריפט האָט געפונען אַן אָבקלאנג בלויז ביי די אידען פון טריעסט, וועלכע זיינען געווען מעהרסטענס איטאַליענישע אידען; אָבער אין די אַנדערע ערטער האָט זי ארויסגערופען אַ שטורם פון אונצופריעדענקייט צווישען דער פרומער קלאַס. דער הויפט רב פון פראג ר׳ יחזקאל לאנדוי פלעגט האלטען אין די שוהלען פייערדיגע דרשות געגען די פריידענקער. מען האָט די משכילים ערקלערט קריעג; מען פלעגט זיי לעגען אין חרם און אין ליס האָט מען וויזעל׳ס שריפט פארברענט אין דער עפענטליכקייט. דעמאָלט האָט וויזעל אָבגעדרוקט אַ צווייטע שריפט, אין וועלכער ער האָט זיך פערטיידיגט געגען דער בעשולדיגונג אין אפיקורסות און האָט ווידער בעוויזען אַז אַלגעמיינע בילדונג און די אידישע רעליגיאָן הארמאָנירען. נאָכדעם

זיינען די אטאקען אויף ווייזעל'ן אָבגעשטעלט געוואָרען; אָבער דער קאמפף צווישען די משכילים און זייערע געגנער האָט נאָך געדויערט א סך יאָהר.

§57. די היידאמאקען און די צוטיילונג פון פוילען. בשעת אין מערב־אייראָפּא איז אויפגעגאנגען דער מאָרגען־שטערן פון א ניי לעבען האָט אין פוילען געהערשט די אלטע אונאָרדנונג, וועלכע האָט געבראכט דאס לאנד צום אונטערגאנג. פאר'ן לעצטען קעניג סטאניסלאוו־אויגוסט (1764) איז פוילען געוואָרען אונטער־טעניג צו איהרע שטארקע שכנים, איבערהויפּט רוסלאנד. אינ־וועניג אין לאנד האָט זיך די אונאָרדנונג געשטארקט, דער קאמפף צווישען די פארשיידענע קלאסען און אמונות האָט זיך פארשארפט, די רעכט פון די אידען און די „דיסידענטען" (ד. ה. קריסטען וואָס זיינען ניט קיין קאטאָליקען) זיינען בעגרענצט געוואָרען. די לאגע פון די אידען איז בעזונדערס שווער געווען אין פּאָדאָליען, וואָלין און יענעם טייל פון אוקריינא, וועלכע איז געבליבען ביי פוילען. דאָ האָבען זיך די אידען ווידער געפונען צווישען צוויי פייערען: צווישען די זעלבסטהערשענדע פוילישע „פאנעס" און די פאר־שקלאפטע פּראוואָסלאווע פּויערים. אין דער ערשטער העלפט פון 18טען יאָהרהונדערט האָבען זיך צווישען דיזע פּויערים אָנגעהויבען אונרוהען, וועלכע האָבען דערמאָנט אָן חמעלניצקי'ס צייטען. אנט־לאָפענע פּויערים פלעגען זיך פאראייניגען מיט די קאָזאקען פון דעם רוסישען טייל פון דער אוקריינא און מיט די „זאפּאָראָזשצעס" און זיי האָבען געבילדעט פרייע באנדעס „היידאמאקען" (ד. ה. פלינקע, געשיקטע אין לויפען. די היידאמאקען פלעגען מאכען רויבערישע אָנפאלען דאָ אויף פּריצישע גיטער, דאָ אויף אידישע שטעדטלעך. פון אָנפאנג זיינען דיזע אָנפאלען געווען צופעליג און זעלטען, נאָר דערנאָך זיינען זיי געוואָרען עפטער און זיי האָבען אָנגענומען דעם כאראקטער פון א שרעקליכען פאָלקס־אויפשטאנד. דער שטורם פון דעם פאָלקס־אויפשטאנד האָט זיך צושפּיעלט אין יאָהר 1768.

אין יענער צייט איז אָנגעגאנגען א סכסוך צווישען פוילען און רוסלאנד איבער דער פּראוואָסלאווער בעפעלקערונג פון פוילען, פאר וועלכער רוסלאנד האָט געפאָדערט גלייכע רעכט. די קאטוי־

לישע גלחים האָבען מיט אַלע קרעפטען געקעמפפט געגען גלייכ־בערעכטיגונג פאר ניט־קאַטאָליקען, און די פּראוואָסלאַוונע גלחים האָבען גערייצט די רוסישע אוקריינער צו אַ בונט. אין פּאָלק איז אומגעגאנגען פון האנד צו האנד אַ פאַלשער בעפעהל פון דער קעניגין יעקאַטערינא דער 2טער, אין וועלכען עס איז בעפעהלט געוואָרען „אומצוברענגען די ליאַכען און אידען" אין דער אוקריינא. בראש פון דער נייער בעוועגונג פון די היידאמאקען איז געשטאַנען דער קאָזאַק זשעלעזניאַק. זשעלעזניאַק'ס רויבער־באַנדעס האָבען געבושעוועט אין די געגענדען פון קיעוו, פּלעגען הרג'ענען פּריצים און אידען און פארניכטען שטעדטלעך און די פּריצישע גיטער. די היידאמאקען פלעגען אָפט אויפהענגען אויף איין בוים צוזאַמען אַ פּאָלאַק, אַ אידען און אַ טויטען הונט, און אויפ'ן בוים פלעגען זיי אָנשרייבען: „ליאַך, איד און הונט—דאָס איז אַלץ איין אמונה". (ליאַך, זשיד דא סאָבאַקאַ — וסיאָ וועראַ אָדנאַקאַ). בערויבענדיג די אידען אין עטליכע שטעדטלעך איז זשעלעזניאַק אוועק מיט זיינע באַנדעס צו דער בעפעסטיגטער שטאָדט אומאַן, וואוהין עס זיינען זיך פון אָנהויב פון דעם אויפשטאַנד צונויפגע־לאָפען איבער צעהן טויזענד פּאָלאַקען און אידען. דערהערענדיג אַז די היידאמאקען קומען אָן האָט דער פּוילישער גובערנאַטאָר פון אומאַן ארויסגעשיקט געגען זיי זיין קאָזאַקישען חיל אונטער דער קאָמאַנדע פון איינעם גאָנטאַ. נאָר גאָנטאַ, וועלכער איז אַליין געווען אַ פּראוואָסלאַוונער און אַ קאָזאַק, האָט פעררעטען די פּאָ־לאַקען און האָט זיך פאראייניגט מיט זשעלעזניאַק'ן. דעם 18טען יולי 1768 זיינען ביידע פיהרער פון די היידאמאקען אונטערגע־קומען צו אומאַן. פון אָנפאַנג האָט זיך די שטאָדט פארטיידיגט. די פּאָלאַקען און די אידען האָבען צוזאַמען געארבייט אויף דער פעסטונגס־וואַנט, שיסענדיג אויף די בעלאַגערער פון הארמאַטען און ביקסען; נאָר איינהאַלטען די שטאָדט איז זיי ניט געלונגען. ווען די היידאמאקען האָבען זיך אריינגעריסען אין שטאָדט האָבען זיי זיך פריהער פון אַלץ געוואָרפען אויף די אידען, וועלכע זיינען אומגעלאָפען אין שרעק איבער די גאַסען: מען פלעגט זיי טויטען מיט גרויס אכזריות, טרעטען אונטער די פיס פון די פערד און ארונטערוואַרפען פון די דעכער פון הויכע געביידען; קינדער פלעגט

מען ארויפשטעכען אויף שפּיזען און פּרויען פּלעגט מען פּייניגען. א מאסע אידען, ארום דריי טויזענד אין צאָל, האָט זיך פארשפּארט אין דער גרויסער שוהל. די היידאמאקען האָבען אָנגעשטעלט אנטקעגען דער טיר א הארמאט, האָבען די טיר אויפגעריסען און דאן זיך אריינגעריסען אינווענינג און פערוואנדעלט די שוהל אין א יאטקע. פאַרטיג געוואָרען מיט די אידען האָבען די היידאמאקען זיך גענומען צו די פּאָלאקען; א סך האָבען זיי אויסגעקוילעט אין קלויסטער; דער גובערנאטאָר און אלע פּריצים זיינען גע'הרג'עט געוואָרען. די גאסען פון שטאָדט זייגען געווען פארזייהט מיט טויטע אָדער פארפּייניגטע קערפּער. ארום צוואנציג טויזענד אידען און פּאָלאקען זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון דער „אומאנער שחיטה". אין דערזעלבער צייט האָבען קלענערע באנדעס היידאמאקען אומגעבראכט די פּאָלאקען און אידען אין אנדערע שטעדט פון קיעוו און פּאָדאָל, ווי צום ביישפּיעל, פּאסטאָר, זשיוואָטאָוו, טולטשין. דאָרט וואו אמאָל האָט געבושעוועט די ארמיי פון חמעלניצקי'ן, האָט זיך ווידער געגאָסען אידיש בלוט און עס האָבען זיך געהערט די געשרייען פון מארטירער. אָבער דאָס מאָל האָט די שחיטה ניט געדויערט לאנג. אי דער רוסישער אי דער פּוילישער חיל האָבען זיך שטארק גענומען צו דערשטיקען דעם אויפשטאנד. שוין אין גיכען נאָך דער אומאנער שחיטה זיינען זשעלעזניאק און גאָנטא גענומען געוואָרען געפאנגען פון דעם רוסישען חיל. גאָנטא און זיין מחנה זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו דער פּוילישער רעגירונג און ער האָט בעקומען א שרעקליכע שטראָף: מען האָט פון איהם אראָבגעצויגען די הויט פּאסענווייז און דערנאָך צופערטעלט.

אין גיכען איז פּוילען צופאלען און איז ביסלעכווייז צוטיילט געוואָרען צווישען די שכנישע מלוכות. אָנפאנגענדיג מיט'ן יאָהר 1772 האָבען רוסלאנד, עסטרייך און פּרייסען געטיילט פּוילען צווישען זיך דריי מאָל. די לעצטע צוטיילונג איז פאָרגעקומען אין יאָהר 1795. רוסלאנד האָט געקראָגען ווייס־רוסלאנד, ליטא, וואָלין און פּאָדאָליען און שפּעטער אויך די אינווענינסטע פּוילישע פּראָווינצען (די „ווייכסעל פּראָווינצען"); עסטרייך האָט געקראָגען גאליציען אָדער רויט־רוסלאנד, און פּרייסען—פּאָמעראניען און

פּאָזען. אין פערלויף פון צוויי צעהנדליג יאָהר זיינען די צאָלרייכע פוילישע אידען פערוואַנדעלט געוואָרען אין רוסישע, עסטרייכישע און פּרייסישע אונטערטאַנען. דער גרעסטער טייל פון דיזער מאַסע אידען איז אַרונטער אונטער רוסלאַנד.

### §58. די אידען אין רוסלאַנד אין פעטער׳ס צייטען.

די הערשער פון דער אַלטער מאָסקווער רוסלאַנד האָבען בשום אופן ניט אַריינגעלאָזט קיין אידען אין זייערע לענדער. די רוסען פון יענער צייט האָבען ניט ליעב געהאַט קיין פרעמדע בכלל, און די אידען בפרט, אַלס ניט־קריסטען, וועלכע האָבען אמאָל געבראַכט אין זייער לאַנד די „אידישע אפּיקורסות". אידישע סוחרים פון פוילען און ליטאָ פלעגען קומען קיין רוסלאַנד בלויז צייטווייליג. וועגען געשעפט, אָבער שטענדיג דאָרט וואוינען האָבען זיי ניט געקענט. ווען דער רוסישער צאַר איוואַן גראָזני האָט איינגענומען ביי די פּאָליאַקען די שטאָדט פּאָלאָצק האָט ער בעפעהלען אויסצו׳שמד׳ן אַלע אידען, און די וואָס ווילען ניט זיך שמד׳ן—דערטרינקען אין דער דווינאַ (1563). צאַר אַלעקסיי מיכיילאָוויטש האָט אַרויסגעטריבען די אידען אפילו פון די ליט־ווישע און ווייס־רוסישע שטעדט, וואו זיי האָבען זיך בעזעצט צייט־ווייליג (§52). אין די קליין־רוסישע פּראָווינצען וואָס רוסלאַנד האָט דעמאָלט צוגעשלאָסען צו זיך, האָבען די אידען אויך ניט געהאַט קיין בעשטענדיגען וואוינרעכט. ערשט פאַר פעטער דעם גרויסען און זיינע נאָכפאָלגער האָבען די אידען אָנגעהויבען אַריינ־צודרינגען אין מאַסען אין די רוסישע געגענדען, וואָס האָבען זיך געגרעניצט מיט פּוילען, איבערהויפּט אין קליין־רוסלאַנד. כל־זמן פעטער האָט געלעבט האָט מען זיי ניט געטשעפּעט; אָבער נאָך זיין טויט, פאַר יעקאַטערינאַ דער 1טער, איז אַרויס אַ בעפעהל אַרויסצוטרייבען איבער׳ן גרעניץ (ד. ה. קיין פּוילען) אַלע אידען פון קליין־רוסלאַנד (1727). ניט קוקענדיג אויף די אַלע פאַרבאָטען פלעגען אידישע סוחרים אַלץ קומען קיין רוסלאַנד פיר געשעפט. אין יאָהר 1743 האָט דער סענאַט אין פעטראָגראַד (דעמאָלט פּע־טערבורג) געבעטען די קעניגין עליסאַוועטאַ פּעטראָוונאַ אַריינצו־לאָזען אידען צו האַנדלען אין קליין־רוסלאַנד, בעווייזענדיג אַז די אידישע סוחרים ברענגען גרויס נוצען דעם לאַנד. נאָר די קעניגין

האָט אָנגעשריבען אויף דער ביטע פון דעם סענאט פאָלגענדען ענטפער: „פון קריסטוס׳עס שונאים וויל איך ניט קיין נוצען״.
ערשט אין דער צייט פון יעקאטערינא דער 2טער (1762—96) איז א גרויסע מאסע פוילישע אידען ארונטער אונטער דער הערשאפט פון רוסלאנד, דורך דער צוטיילונג פון פוילען און דורך דער צושליסונג פון א רייהע לענדערייען איהרע צו דער רוסישער מלוכה.

די בעציהונגען פון יעקאטערינא׳ן צו די אידען, וועלכע זיינען ארונטער אונטער דער רוסישער ממשלה, זיינען ניט געווען קיין בעשטענדיגע. האלטענדיג די אידען פאר נוצליך פאר׳ן האנדעל האָט יעקאטערינא זיי ערלויבט זיך צו בעזעצען אין דער פראָווינץ פון נייי־רוסלאנד, וועלכע איז ערשט ניט לאנג איינגענומען געוואָרען און האָט זיך גענויטיגט אין בעפעלקערונג. אָבער אין די עכט־רוסישע פראָווינצען פון גרויס־רוסלאנד האָבען זיי, ווי פריהער, ניט געהאט קיין וואוינרעכט. בשעת די פארשיידענע טיילען פון פוילען זיינען אריבער צו רוסלאנד האָט די רוסישע רעגירונג מבטיח געווען די אידען וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען אז זייערע רעכט, וואָס זיי האָבען גענאָסען פריהער, וועלען ביי זיי ניט צוגענומען ווערען. אין אמת׳ן אָבער איז זייער לאגע ערגער געוואָרען. זייערע האנדעלס־רעכט אין די שטעדט און דערפער זיינען בעגרענצט געוואָרען און זייערע שטייערען זיינען געהעכערט געוואָרען. אין 1794 איז ארויסגעגעבען געוואָרען א בעפעהל צו נעהמען ביי די אידען, וועלכע טרעטען אריין אין בירגער אָדער האנדעלס־שטאַם, צוויי מאָל אזוי פיעל ווי ביי קריסטען. פון דיזער גזרה זיינען נאָר פטור געווען די קאראימען (1795), וועלכע די רוסישע רעגירונג האָט דוקא בעשיצט. די אונטערדריקונג פאר בעלאנגען צו דער אידישער נאציאָן און רעליגיאָן איז דורכגעפיהרט געוואָרען מיט דער זעלבער קראפט אין דעם גאנצען געביי פון דער געזעצגעבונג. די אידען האָט מען ניט גערעכענט פאר עכטע בירגער פון לאנד און זיי האָבען ניט גענאָסען אלע בירגערליכע רעכט. די זעלבע לאגע איז פאָרטגעזעצט געוואָרען אין רוסלאנד אויך אין דער נייערער צייט.

§59. ר׳ ישראל בעל־שם טוב און דער חסידיזם. אין דער צייט ווען די פוילישע אידען זיינען ארונטער אונטער דער ממשלה פון פוילען איז פאָרגעקומען צווישען זיי א גרויסע רע־

ליגיעזע בעוועגונג, וועלכע האָט זיך אונטערשיידט אי פון דעם אַלטען רבניזם אי פון דער נייער בערלינער השכלה. אין פאָלק זיינען געווען אַ סך וואָס האָבען זיך ניט בענוגענט מיט׳ן רבניזם, וועלכע איז בעשטאַנען אויף לערנען תלמוד און שטרענג אָבהיטען די אויסערליכע צערעמאָניעס. אויך די השכלה איז ניט געווען צוגענגליך פאַר די גרויסע מאַסען פון פאָלק, וועלכע האָט געהאַ־רעוועט ביטער אויפ׳ן שטיקעל ברויט. דאָס טרוקענע אָבהיטען אַזוי ווי אַ מאַשין די פאַרשיידענע רעליגיעזע צערעמאָניעס האָט אויך ניט געקענט בעפריעדיגען מענשען מיט אַ טיעפען רעליגיעזען גע־פיהל. דיזע אונצופריעדענקייט האָט אין דער פריהעריגער צייט געשטויסען אַ סך אין דער מחנה פון די שבתי־צבי׳ניקעס און פראַנ־קיסטען; אָבער ווען דיזע סעקטען האָבען זיך דערוויטערט פון יודענטום האָט זיך בעוויזען אַ נייע לעהרע, אַ טיעפערע און בעסער צוגעפּאַסטע צו די נייע רעליגיעזע בעדערפנישען. דאָס איז געווען די לעהרע פון דער „חסידות״, און דער בעשעפער פון דער חסידות איז געווען אַ בעשיידענער איד פון פּאָדאָליען, ר׳ ישראל בעל־שם טוב, אָדער ווי זיין נאָמען איז פאַרקירצט בעש״ט.

ר׳ ישראל בעל־שם טוב איז געבאָרען געוואָרען אין פּאָדאָליען אַרום יאָהר 1700, אין אַן אָרימער פאַמיליע. ער איז יונג געוואָרען אַ יתום און די בעלי־צדקה פון שטאָדט האָבען איהם גענומען אונטער זייער השגחה און האָבען איהם אָבגעגעבען אין חדר אריין. נאָר די למודים אין חדר זיינען געווען צו טרוקען פאַר׳ן יונגען אינגעל, וועלכער האָט געהאַט אַ טרוימערישע נאַטור. דער קליינער ישראל פלעגט זעהר אָפט אַנטלויפען פון חדר, און ניט זעלטען פלעגט מען איהם געפינען אין דעם דערבייאיגען וועל־דעל אליין, פאַרטיעפט אין מחשבות. צו דרייצעהן יאָהר איז ישראל געוואָרען אַ „בעהעלפער״ און שפעטער—אַ שמש. דאָ האָט ער זיך אויפגעפיהרט מאָדנע: ביימאָג פלעגט ער שלאָפען, אָדער זיך מאַכען שלאָפענדיג, און ביינאַכט, ווען די שוהל פלעגט זיין לעדיג, פלעגט ער מיט בעגייסטערונג מתפלל זיין אָדער לערנען. ער האָט זיך פאַרטיעפט אין די סודות פון דער קבלה, פלעגט לערנען דעם זהר און ער האָט געלערנט ווי צו „פראַווען מופתים״ דורך שמות און שבועות פון דער קבלה. נאָך דער חתונה האָט ר׳ ישראל גע־

לעבט אין אַ דאָרף צווישען די קאַרפּאַטישע בערג און דערנאָך אין דעם גאַליציישען שטעדטעל טלוסט. דאָ האָט ער, לויט די חסידישע מסורות, זיך צוגעגרייט פאַר זיין צוקונפטיגער טהעטיגקייט. ערשט אין זיין 36טען יאָהר האָט ער אָנגעהויבען זיך אָפען ארויסצעווייזען אלס אַ „בעל־שם". אין יענער צייט זיינען געווען אַ סך אזעלכע „בעל־שם"ס, וועלכע פלעגען היילען פארשיידענע קראנקהייטען דורך שמות, אָבשפּרעכענישען, קמיעות און גראָזען. ר' ישראל בעל־שם האָט אויך בענוצט די דאָזיגע מיטעל, נאָר צוזאמען דער־מיט פלעגט ער אויך היילען דורך תפלות, און דערביי פלעגט ער מתפלל זיין היים, מיט התלהבות, מיט אויסגעשרייען און זיך שטארק שאָקלענדיג. ווען מען פלעגט איהם בעטען ער זאָל פאָר־אויסזאָגען די צוקונפט פלעגט ער עפענען אבי־וואו דעם „זהר" און פון דאנען זאָגען די צוקונפט. אין גיכען איז ער בעריהמט געוואָרען אין פאָלק אלס אַ הייליגער מענש און מען האָט איהם אַ נאָמען געגעבען דער בעל־שם טוב.

ווערענדיג בעריהמט אלס בעל־מופת, האָט דער בעל־שם אָנגעהויבען צו ווירקען אלס לעהרער. וואנדערענדיג איבער פאָ־דאָליען און וואָלין האָט ער אין דערזעלבער צייט געהיילט און געפּרעדיגט. דערנאָך האָט ער זיך בעזעצט אין דעם שטעדטעל מעזיביזש, פּאָדאָליען, און אהער פלעגט קומען דאָס פאָלק צו הערען זיינע קלוגע שמועסען. דער בעל־שם האָט געלערנט, אז די אמת'ע פרומקייט איז ניט דוקא צו זיין אַ למדן, נאָר צו זיין מיט'ן הארצען צוגעבונדען צו גאָט, צו האָבען אַ פּשוט'ן גלויבען, אָהן קשיות און צו מתפלל זיין צו גאָט מיט וואַרעמקייט. די התקרבות צו גאָט איז דער הויפּט־צוועק פון דער רעליגיאָן. תפלה איז דאָס וויכ־טיגסטע מיטעל ווי אזוי דער מענש זאָל זיך צונויפגיסען מיט גאָט. דעריבער דאַרף די תפלה זיין אַ בעגייסטערטע, אַ הייסע, און די נשמה פון דעם מענשען דאַרף זיך בעת דער תפלה אזוי ווי אָב־טיילען פון דעם קערפּער. כדי צו גרייכען צו דיזען בעגייסטערטען צושטאַנד קען מען בענוצען קינסטליכע מיטעל: בעוועגען דעם גוף, מתפלל זיין הויך אויפ'ן קול, זיך שאָקלען. דער בעל־שם האָט געלערנט פונקט דעם חיפך פון דעם אר"י'ס שיטה, אז פאסטען אַ סך אָבטויטען דעם גוף, און בכלל נזירות זיינען שעד־

ליך און זינדיג, ווארום גאט האט ליעב א מענשען א גוט־מוטיגע און פרעהליכע שטימונג. אין אמונה איז דער עיקר פון אלץ—דאס אינערליכע געפיהל, און ניט די אויסערליכע צערע־מאניע; און צופיעל צערעמאניע איז שעדליך. דער פרומער אדער „חסיד" דארף דיענען גאט ניט נאר מיט אבהיטען די פעסטגע־שטעלטע מצוות, נאר אויך אין אלע זיינע טאג־טעגליכע מעשים און אפילו אין זיינע געדאנקען. און ווען מען איז שטענדיג אין גייסט פאראייניגט מיט גאט קען מען דערגרייכען צו דער מדרגה פון רוח הקודש, נבואה אדער טהאן מופתים. דער „צדיק"— דאס איז א מענש, וואס דורך דער היילינקייט פון זיין לעבען איז ער מעהר פון אלעמען פאראייניגט מיט גאט און האט די גרעסטע התקרבות צו איהם. די ראלע פון דעם צדיק איז— צו פארמיטלען צווישען גאט און די פשוט'ע מענשען. דורכ'ן צדיק ווערט דערגרייכט א פולע אויסלייטערונג פון דער נשמה, און גליק אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. דעם צדיק דארף מען פארהייליגען אלס דעם שליח און ליעבלינג פון גאט.

די לעהרע פון חסידיזם האט זיך פונקט צוגעפאסט צו די בע־דערפנישען פון אידישען המון אין פאדאליען, וואלין און גאליציען, ווי עס קען גאר בעסער ניט געבען. פון איין זייט איז אין דער רעליגיאן אריינגעבראכט געווארען דער גייסט פון הארציגען גלויבען און תפלה טהאן וואס איז נאהענט צום פאלק, אנשטאט די לומדות פון ספרים וואס איז ווייט דעם פאלק; און פון דער אנדערער זייט איז בעשאפען געווארען די מעגליכקייט צו „ראטעווען די נשמה" דורך דעם צדיק און בעל מופת, צו וועמען דער פראסטער פאלקסמענש האט אימער געפיהלט א שטארקע נייגונג. ר' ישראל בעל־שם טוב, אלס דער גרעסטער פון די צדיקים, איז געווארען דער ליעבלינג פון פראסטען פאלק. די נאכריכטען וועגען די נסים און הארציגער לעהרע פון דעם מעזעביזשער צדיק האבען צוגעצויגען צו איהם אפילו לומדים, רבנים און מגידים. דאס פאלק האט גע־רעדט, אז דער בעל־שם טוב האט געקראגען די וואונדערליכע אנט־פלעקונגען פון אליהו הנביא. דער בעל־שם טוב האט אליין געגלויבט אין זיין הויכען בערוף. ארום דעם יאהר 1750 האט ער געשיקט אין ארץ ישראל א נביאשע שריפט, אין וועלכער ער האט גע־

מעלדעט וועגען אַ וואונדערליכער זעהונג, וואָס ער האָט געהאַט. די נשמה פון דעם בעל־שם טוב איז אַרויף אויפ'ן הימעל, האָט געזעהן דאָרט משיח'ן און אַ סך נשמות פון געשטאָרבענע מענשען. דער בעל־שם טוב האָט געפרעגט משיח'ן: „זאָג מיר, מיין האַר, ווען וועסטו שוין קומען אויף דער ערד?" און געענטפערט האָט משיח: „אָט האָסטו אַ צייכען: ווען עס וועט ווערען בעוואוסט די לעהרע דיינע, און ווען די איבעריגע מענשען וועלען אימשטאַנד זיין צו בעווייזען אַזעלכע נסים ווי דו—דאַן וועט אָנשטעהן די גרויסע צייט פון רצון און די גאולה". דער בעל־שם טוב איז נפטר געוואָרען אין דעם יאָהר 1760, אין מעזעביזש, ארומגערינגעלט פון אַ סך געטרייע תלמידים.

§60. דער קאַמפף פון די רבנים און די חסידים. די ארבייט פון דעם בעל־שם טוב האָבען פאָרגעזעצט זיינע נאָכפאָלגער און תלמידים, פון וועלכע די וויכטיגסטע זיינען געוועזען ר' בער פון מעזעריטש און ר' יעקב כהן. ר' בער האָט זיך גערעכענט פאַר'ן ממלא מקום פון דעם בעל־שם טוב. פאַר זיין צייט איז דאָס וואָלינער שטעדטעל מעזעריטש געוואָרען פונקט אַזאַ הייליגער פלאַץ פאַר די חסידים ווי עס איז פריהער געוועזען מעזעביזש. צו ר' בער'ן פלעגען קומען תלמידים פון אַ סך ערטער פון פוילען און אפילו ליטאַ און פלעגען זיך גרייטען ביי איהם צו דער ראָלע פון צדיקים. נאָכ'ן טויט פון ר' בער'ן (1772) איז אויפגעשטאַנען אַ צווייטער לעהרער פון חסידיזם, ר' יעקב יוסף כהן, וועלכער איז פריהער געוועזען רב און מגיד פון נעמיראָוו און פּאָלאָנאָיע. ער האָט דער ערשטער אָבגעדרוקט אין זיינע ספרים („תולדות יעקב יוסף" און אַנד.). אַ סך געדאַנקען, וואָס ער האָט געהערט פון דעם בעל־שם טוב (1780). זיינע ספרים האָבען געלעגט דעם פונדאַמענט פון דער חסידישער ליטעראַטור, וועלכע איז בעשטאַנען פון די ווערק פון די בעריהמטע צדיקים.

אין סוף פון 18טען יאָהרהונדערט האָט זיך דער חסידיזם פאַרשפּרייט מיט אונגלויבליכער שנעלקייט אין פוילען און ליטאַ. אין פּאָדאָליען און וואָלין פלעגען גאַנצע קהילות אָננעהמען די נייע לעהרע. די חסידים האָבען געהאַט זייערע אייגענע שוהלען, וואו זיי האָבען אָפען מתפּלל געוועזען אויף זייער שטייגער, מיט

ברען און שטארקע בעוועגונגען פון קערפער. זיי האבען עטוואס געענדערט דעם סדר און אינהאלט פון זייערע תפלות. אבער אין ליטא און אין ווייס־רוסלאנד, וואו עס זיינען געווען שטארק די תלמוד׳יסטען, פלעגען די חסידים פון אנפאנג אבהאלטען זייערע מניגים בשתיקה, מורא האבענדיג פאר רדיפות. בראש פון די חסידים זיינען געשטאנען די צדיקים, מעהרסטענטייל די תלמידים פון ר׳ בער פון מעזעביזש. (די הויפט צדיקים זיינען געווען: ר׳ אלימלך ליזענסקער אין גאליציען, ר׳ ברוך טולטשינער—דעם בעל־שם׳ס אייניקעל — אין פאדאליען, ר׳ לוי־יצחק בערדיטשיווער אין וואלין אן ר׳ זלמן שניאורסאן אין ליטא און אין ווייס־רוסלאנד). די פאדאליער און גאליצישע רביים זיינען געווען ניט נאר לעהרער, נאר אויך בעל־מופתים; צו זיי פלעגען קומען מאסען מענשען מיט בקשות זיי צו היילען פון קראנקהייטען, זיי בענשען, פאראויסזאגען די צוקונפט א. ז. וו. א סך פון די צדיקים פלעגען נעהמען געלד פאר זייערע עצות, בלויז דער גרעסטער פון די ליטווישע רביים, ר׳ זלמן שניאורסאן האט ניט געוואלט פראווען קיין מופתים. געבארען געווארען איז ר׳ זלמן אין דעם קליינעם שטעדטעל ליאזנע, מאהליווער גובערניע. אין זיין יוגענד האט ער געלערנט תלמוד און ווען ער איז אלט געווארען 20 יאהר איז ער אוועק קיין מעזעביזש און דא האט ער זיך בעקענט מיט׳ן חסידיזם אונטער רבי בער. קומענדיג צוריק אהיים האט ער אנגעהויבען פארשפרייטען דיזע לעהרע אין א נייער טיעפערער פארמע ווי די אנדערע צדיקים אין דרום. ר׳ זלמן האט געקראגען א סך אנהענגער אין ליטא. בראש פון די ליטווישע רבנים איז דעמאלט געשטאנען ר׳ אליהו פון ווילנא, וועלכער האט געקראגען דעם גרויסען נאמען גאון (1720-97). אין דעם דאזיגען מענשען האט זיך פערקערפערט די גרעסטע קראפט פון א געדאנק, וואס האט זיך יאהרהונדערטען געשפייזט אויפ׳ן תלמוד. פון קליינווייז־אן האט דער ווילנער גאון ארויסגעוויזען אונגעוועהנ־ליכע פעהיגקייטען. זייענדיג א קינד פון זעקס יאהר האט ער שוין געלערנט תלמוד און צו עלף האט ער זיך שוין בעטייליגט אין שווערע וכוחים פון תלמוד און מיט זיינע בקיאות האט ער ערשטוינט אלטע רבנים. זיין געדאנק האט שנעל אויפגעכאפט אלץ צו וואס ער האט זיך נאר צוגעריהרט. ר׳ אליהו האט געקענט קבלה און צווישען

זיין אַרבייט האָט ער זיך בעקענט מיט טיילען פון מאַטעמאַ־
טיקע, אַסטראָנאָמיע און פיזיקע, אויף וויפיל ער האָט עס געדאַרפט
האָבען אום צו פערשטעהן געוויסע שטעלען אין תלמוד. געלעבט
האָט ער אין ווילנא, אָבגעזונדערט פון אלעמען, איינגאַנצען פאַר־
טיעפט אין זיינע ספרים; געגעסען ווייניג, געשלאָפען איינגאַנצען
צוויי שעה אין מעת־לעת, האָט ווינציג גערעדט מיט זייטיגע מענ־
שען וועגען וועלטליכע זאכען נאָר אין בעשטימטע שטונדען פלעגט
ער זאָגען דעם שיעור פאַר זיינע תלמידים. א שטרענגעם אָבהיטען
אַלע מינדסטע פּרטים פון אמונה, און אַן אָבגעזונדערט לעבען — אָט
דאָס זיינען געווען די כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון דעם ווילנער
גאון. דאַריבער איז ער געווען אַזוי שטאַרק געגען דעם חסידיזם,
וועלכער האָט געלערנט, אַז כדי צו זיין פרום איז ניט נויטיג סיי די
שטרענגקייט פון די פּרטים פון אמונה סיי די גרויסע אָבגעזונדערט־
קייט, סיי די לומדות. א פּראָסטער מענש קען אויך זיין פרום.
אויף אַזאַ אַרט האָט זיך דער ווילנער גאון געשטעלט
בראש פון די רבנים, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען קעמפּ־
פען געגען דעם בעל־שם טוב׳ס לעהרע. אין ווילנא און
אַנדערע שטעדט האָט מען אויסגערופען אין די שוהלען אַ
חרם געגען אַלע, וועלכע בעלאַנגען צו די חסידים (1772 און 1781),
חסידישע „שטיבלעך״ אין ליטאַ האָט מען פאַרמאַכט און חסידישע
ספרים האָט מען געברענט. די חסידים זיינען ערקלערט געוואָרן
אַלס אפּיקורסים און מען האָט זיי אויסגעשלאָסען פון אַ סך קהילות.
די געגנער פון די חסידים האָבען זיך גערופען „מתנגדים״, ד. ה.
געגנער. אַזוי ווי די ראשי הקהל אין ליטאַ און רוסלאַנד האָבען
מעהרסטענס געהערט צו די מתנגדים האָבען זיי אויסגענוצט זייער
מאַכט צו אונטערדריקען די חסידים אין געזעלשאַפטליכען לעבען.
אָבער ניט קוקענדיג אויף אַלע פערפאָלגונגען האָט זיך דער חסידיזם
אַלץ מעהר פאַרשפּרייט, און אין יאָהר 1796 האָבען די קהל׳ן, מיט
דער ערלויבניש פון דעם ווילנער גאון, אָנגעהויבען געגען די חסידים
אַ נייעם קאַמפּף.

דער טויט פון דעם ווילנער גאון (1797) האָט אַרויסגערופען
אַן אָפענע פרייד צווישען די פערפאָלגטע חסידים. דאָס האָט נאָך
מעהר אויפגערייצט די מתנגדים. זייער צאָרן איז דערגאַנגען אַזוי

ווייט, אז זיי האָבען בעשלאָסען צו דערטראָגען צו דער רוסישער רעגירונג, אז די פיהרער פון די חסידים פרעדיגען געפעהרליכע שפּאַלטונגען אין פאָלק. דער סוף איז געווען אז מען האָט דעם רבי'ן ר' זלמן שניאורסאָן ארעסטירט און אָבגעפיהרט קיין פּעטערבורג (פּעטראָגראַד). דאָרט האָט מען איהם געשטעלט אויף א פאַרהער אין דער „געהיימער קאַנצעלאַריע" און מען האָט איהם געהאַלטען אין פעסטונג. נאָך אין גיכען האָט מען איהם בעפרייט, א דאַנק דער בעמיהונג פון די חסידים (1798). אָבער זיינע געגנער האָבען ניט געשוויגען און אין צוויי יאָהר ארום האָט מען רבי זלמנ'ען ווידער ארעסטירט. נור ווען אלכסנדר דער 1טער איז ארויף אויפ'ן טראָהן האָט מען רבי זלמנ'ען ענדגילטיג בעפרייט. ער האָט זיך אומגעקערט אין זיין וואוין־אָרט (צוערשט דאָס שטעדטעל ליאָזנא, און נאָכער לאַדי, מאָהליווער גובערניע; פון דאַנען קומט דער נאָמען „הרב מלאדי") און האָט ווייטער געפיהרט זיינע צאָלרייכע אָנהענגער די „חב"ד'ער חסידים".*) דער קאַמפּף פון די רבנים געגען די חסידים אין ליטא און ווייס־רוסלאַנד האָט נאָך געבראַכט דערצו, אז די חסידים האָבען זיך אויסגעטיילט אין בעזונדערע קהילות, און האָבען א לאַנגע צייט אפילו זיך ניט מתחתן געווען מיט די מתנגדים. אָבער אין פּאָדאָליען און אין דעם גאַנצען דרום־מערב קאָנט האָבען די חסידים כמעט איינגאַנצען ארויסגעשטויסען די מתנגדים און די רביים האָבען געקראָגען יענע מאַכט איבער'ן פאָלק וואָס פריהער האָבען געהאַט די רבנים.

אָבוואָהל די חסידים און די מתנגדים האָבען געקעמפּפט איינע מיט די אַנדערע דאָך זיינען זיי געווען פעראייניגט אין זייער קאַמפּף געגען דער השכלה, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט צווישען די דייטשע אידען. אויב צווישען די פּויליש־רוסישע אידען פלעגען זיך אמאָל בעווייזען מענשען, וואָס זיי האָט גע־צויגען צו אַלגעמיינער בילדונג פלעגען זיי געהן קיין אויסלאַנד, איבערהויפּט אין דייטשלאַנד. איינער אזא איז געווען שלמה

---

*) די לעהרע פון רבי זלמן שניאור, וועלכע ער האָט אויסגעדריקט אין זיין ספר „תאניה", איז בעגרינדעט אויף דריי זאַכען: חכמה, בינה (פערשטאַנד), דעת (וויסען). די דאָזיגע דריי ווערטער זיינען פאַרקירצט געוואָרען אין די ראשי תיבות „חב"ד".

מיימון (1753—1800). געבאָרען געוואָרען איז שלמה מיימון ביי אַן ארענדאר אין אַ דאָרף (נעבען נעסוויזש, מינסקער גוב.). ער האָט געלערנט גמרא, אַזוי ווי אַלע קינדער פון יענער צייט. לויט דעם דעמאָלדיגען מנהג האָט מען שלמה'ן חתונה געמאכט צו צוועלף יאָהר, אָבער ער האָט נאָך דער חתונה ווייטער גע־לערנט. פון תלמוד איז ער אריבער צו קבלה, און פון איהר — צו דער רעליגיעזער פילאָזאָפיע פון דעם רמב"ם. אָבער זיין געדאנק האָט געדורשט נאָך די נייע וויסענשאפטען, וועלכע ער האָט ניט געקענט קריגען אין זיין סביבה. אין יאָהר 1777 האָט מיימון פערלאָזט זיין היים און פאמיליע און איז אוועק קיין דייטשלאנד, דאָרט צו קריגען אַלגעמיינע בילדונג. ער איז אָנ־געקומען צוערשט אין קעניגסבערג, און דערנאָך אין בערלין, האָט געליטען נויט און האָט פארזוכט די גאנצע ביטערקייט פון אַ וואנדערנדען לעבען אין דער פרעמד. אין בערלין האָט ער זיך בעקענט מיט מענדעלסאָנ'ען און זיינע חברים, האָט זיך שנעל ערוואָרבען די דייטשע ליטעראטור און בילדונג, האָט דורכ־געשטודירט די פילאָזאָפיע, איבערהויפט די שיטה פון קאנט. דער שארפער איבערגאנג פון דעם אָבגעשלאָסענעם לעבען אין דער ליטאַ צו דעם פרייען לעבען פון אַ געבילדעטען אייראָפּעער האָט געמאכט אַ שטארקען רושם אויף מיימונ'ס נשמה. ער איז אריינגעפאַלען אין ספקות און אפיקורסות. אין זיינע טיעפזיניגע ווערק, געשריבען אין דייטש, האָט ער בעהאנדעלט הויכע פי־לאָזאָפישע פראגען. אין 1792 האָט ער אָנגעשריבען זיין „אויטאָביאָגראפיע", וואו ער האָט העל געשילדערט דאָס אינווע־ניגסטע לעבען און די מנהגים פון די פויליש־ליטווישע אידען און האָט דערצעהלט די טרויעריגע געשיכטע פון זיין לעבען. געשטאָרבען איז ער אין שלעזוויג, אין 1800. פון יודענטום איז מיימון געווען אינגאנצען דערווייטערט אין די לעצטע טעג פון זיין לעבען. ער האָט זעהר ווייניג אויפגעטהאָן פאר דער אויפקלערונג פון זיין אייגענעם פאָלק. אין העברעאיש איז בלויז פארהאַן זיין ניט־געענדיגטער פירוש אויפ'ן רמב"מ'ס „מורה נבוכים".

## עלפטער קאַפּיטעל.

# די וויכטיגסטע געשעהענישען פון 19טען יאָהרהונדערט.

§61. די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן. אין סוף פון 18טען יאָהרהונדערט איז פאָרגעקומען אַן איבערקערעניש, וואָס האָט געענדערט די פּאָליטישע אָרדנונג אין דעם לעבען פון אייניגע אייראָפּעאישע פעלקער. די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן אין יאָהר 1789 האָט אָנגעזאָגט דעם אָנהויב פון „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט" פון אַלע פעלקער און אַלע גלויבענס. אַלס אַ רעזולטאַט דערפון איז אַנערקענט געוואָרען די גלייכבערעכטיגונג פון די אידען, וועלכע האָבען אין דעם 18טען יאָהרהונדערט זיך ווידער בעוויזען אין פראַנקרייך.*)

די גרעסטע מענער פון דער רעוואָלוציע (מיראַבאָ און אַנדערע) האָבען געפאָדערט אין דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג, אַז די אידען זאָלען געגעבען ווערען אַלע בירגערליכע רעכט צוגלייך מיט די קריסטען (1789). וועגען דעם האָבען זיך אויך משתדל געווען די פארטרעטער פון די אידישע געמיינדען אין פּאַריז און אַנדערע שטעדט. געגען דער אידישער גלייכבערעכטיגונג האָבען זיך אין דער נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג ארויסגעזאָגט בלויז די דעפּוטאַטען פון דער קאַטוילישער קירכע און פון דער בעפעלקערונג פון עלזאַס. נאָך הייסע וכוחים אויף אַ סך זיצונגען איז בעשלאָסען

*) נאָכ'ן גירוש פון פראַנקרייך אין 1394 האָבען זיך אידען ניט געוויזען אין פראַנקרייך גאַנצע דריי הונדערט יאָהר. בעזעצט האָבען זיך דאָרט בלויז מאַראַנען פון שפּאַניען, אונטער'ן נאָמען „ניי־קריסטען". ערשט צום סוף פון 17טען יאָהרהונדערט זיינען אונטער פראַנקרייך אַרונטער אַ סך אידען פון די דייטשע פּראָווינצען עלזאַס-לאָטרינגען, וועלכע לואי דער 14טער האָט איינגענומען. אין 18טען יאָהרהונדערט איז די צאָל פון אידען אין פראַנקרייך געוואַקסען; אַ סך האָבען אפילו געלעבט אין פּאַריז. נאָר זייער בירגערליכע לאַגע איז געוועזן פונקט אַזוי נידריג ווי אין דייטשלאַנד.

געוואָרען צו געבען די אידען אין פראַנקרייך אַלע בירגערליכע רעכט (28טען סעפּטעמבער 1791) און קעניג לואי דער 16טער האָט בע־שטעטיגט דעם בעשלוס פון דער נאַציאָנאַל־פערזאמלונג. דאָס איז געווען דער ערשטער ביישפּיעל אין איירָאָפּאַ פון דער אידישער „עמאַנסיפּאַציע", ד. ה. זייער בעפרייאונג פון הונדערט־יעהריגער רעכטלאָזיגקייט.

אָבער ניט מיט אַמאָל האָבען די קריסטען שלום געמאַכט מיט דער אידישער גלייכבערעכטיגונג. אין עלזאַס, וואו די אידישע בע־פעלקערונג איז געווען גרויס, האָט די שנאה צו זיי ניט אויפגעהערט. דער פראַנצויזישער אימפּעראַטאָר נאַפּאָלעאָן דער 1טער, וועלכער האָט פאַרכאַפּט די מאַכט נאָך דער רעוואָלוציע, האָט זיך געוואַ־קעלט אין זיינע בעציהונגען צו די אידען. אין יאָהר 1806 האָט ער פעררופען אין פּאַריז אַ פערזאַמלונג פון אידישע דעפּוטאַטען פון פראַנקרייך, איטאַליען און האָלאַנד. דער פּאָרזיצענדער פון דער פערזאַמלונג איז געווען דער רייכער ספרדי אברהם פורטאַדאָ פון באָרדאָ. די דעפּוטאַטען האָט מען געשטעלט 12 פראַגען וועגען דעם, ווי אַזוי עס פּאַסען זיך צוזאַמען די דינים פון דער אידישער רעליגיאָן מיט די לאַנד־געזעצען פון פראַנקרייך. דער ענטפער פון דער אסיפה איז געווען, אַז די אידען וואָס לעבען אין פראַנקרייך רעכנען זי פאַר זייער פאָטערלאַנד, און איהרע געזעצען זיינען פאַר זיי פּונקט אַזוי הייליג ווי די געזעצען פון יודענטום. נאַפּאָלעאָן איז געווען זעהר צופריעדען פון דעם דאָזיגען ענטפער און האָט באַלד נאָכדעם געגרינדעט אין פּאַריז אַ „סנהדרין" פון 71 מיט־גליעדער, מיט די עלטסטע רבנים בראש, מיט'ן צוועק אויסצו־ארבייטען אַ דייטליכען פּלאַן ווי אַזוי אייַנצואָרדנען די אידישע קהילות אין פראַנקרייך. לויט דעם פּלאַן פון דעם סנהדרין איז געפונען געוואָרען פאַר נויטיג צו גרינדען אין פּאַריז אַ הויפּט־קאָנסיסטאָריע, און אין די פּראָווינצען—קלענערע קאָנסיסטאָריעס; די דאָזיגע קאָנסיסטאָריעס האָבען געדאַרפט פערוואַלטען די עניינים פון די אידישע קהילות און איבערהויפּט אכטונג צו געבען אַז די אידען זאָלען ערפילען זייערע בירגערליכע פּליכטען. די דאָזיגע קהילה־אָרדנונג איז איינגעפיהרט געוואָרען און האָט זיך אויפגעהיט אין פראַנקרייך ביז דער לעצטער צייט.

די זיעגרייכע מלחמות פון נאפּאָלעאָנ'ען האָבען דורכגעלעגט דעם וועג פאַר דער אידישער גלייכבערעכטיגונג אויך אין אנדערע לענדער פון איירָאָפּא. אין איטאַליען, וועו די פראַנצויזישע הער־שאַפט האָט זיך דאָרט בעפעסטיגט, איז אויך ערקלערט געוואָרען די גלייכבערעכטיגונג פאַר די אידען. אין האָלאַנד זיינען אָבגעשאַפט געוואָרען די לעצטע בעשרענקונגען, וואָס האָבען אַזוי שטאַרק גע־דריקט די אידישע קהילות.

§62. דער ערפאָלג פון דער השכלה אין מערב. אין דייטשלאַנד, וואו עס איז צוערשט געבאָרען געוואָרען די נייע אידישע השכלה, האָט זיך די בירגערליכע לאַגע פון די אידען פער־בעסערט נאָר אויף אַ קורצער צייט. זייער גלייכבערעכטיגונג איז אנערקענט געוואָרען אין איניגע דייטשע לענדער, וואָס זיינען אריין אין דעם „רהיין־בונד" וואָס נאַפּאָלעאָן האָט בעשאַפען. אין פּרייסען, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט בעזיעגט, איז געמאַכט געוואָרען אַן עהנליכער פערזוך. אין אַ בעפעהל אין יאָהר 1812 האָט קעניג פרידריך ווילהעלם דער 3טער אנערקענט פאַר נויטיג צו געבען די פּרייסישע אידען גלייכע רעכט. נאָר די דאָזיגע פון רחמנות געשענקטע עמאַנסיפּאַציע איז אָבגעשאַפט געוואָרען אַזוי שנעל ווי דייטשלאַנד האָט אָבגעטרייסעלט פון זיך דעם יאָך פון נאַפּאָלעאָן דעם 1טען. עס איז געגרינדעט געוואָרען „די הייליגע אליאַנץ" פון די וויכטיגסטע איירָאָפּאָאישע מלכים (1815) צו קעמפּפען געגען די פרייהייטליכע (ליבעראַלע) געדאַנקען און איינשטעלען צוריק די אַלטע פּאָליטישע אָרדנונג. די דאָזיגע רעאַקציע וועלכע האָט געדויערט העכער 30 יאָהר איז געוועזן זעהר שטאַרק אין דייטשלאַנד און עסטרייך. די פאַרבעסערונג פון דער אידישער ביר־גערליכע לאַגע, וואָס האָט זיך דאָ אָנגעפאַנגען, האָט זיך אָבגע־שטעלט. די דייטשע רעגירונגען האָבען ווידער אָנגעהויבען צו בעשרענקען זייערע רעכט, און אין איניגע ערטער האָט דער פּיב־סטערער המון אפילו געפּרובט בעגייען די מיטעלאַלטערליכע אטאַ־קען אויף דער רעכטלאָזער נאַציאָן. אין ווירצבורג, באַמבערג און אנדערע שטעדט זיינען פאָרגעקומען מאַסען־פּאָגראָמען אויף די אידען (1819—20).

די דייטשע אידען האָבען דעמאָלט בעזונדערס שטאַרק דער־

פיהלט די גאַנצע לאַסט פון זייער בירגערליכער רעכטלאָזיגקייט. זיי האָבען שוין צייט געהאַט זיך צונויפצוגיסען מיט דער דייטשער אויפקלערונג און האָבען ערשט ניט לאַנג אַנטהייל גענומען אין די בעפרייאונגס־מלחמות פון דייטשלאַנד געגען נאַפּאָלעאָנ׳ען. זיי האָבען זיך שוין גערעכענט פאַר גוטע בירגער פון זייער דייטשען פאָ־טערלאַנד, און פּלוצלינג האָט מען זיי ווידער אָנגעהויבען בעהאַנד־לען ווי פרעמדע. פונדעסטוועגען האָבען ניט אַלע אַזוי שטאַרק געפיהלט די ביטערקייט פון דער דאָזיגער בעליידיגונג. אַ סך דייטשע אידען זיינען שוין אַזוי ווייט פאַרגאַנגען אין זייער צו־נויפגיסונג מיט די דייטשען, אַז זיי האָבען אינגאַנצען פאַרגעסען זייער פאָלק. אין בערלין און אַנדערע שטעדט האָבען זיך אַ סך אידישע פאַמיליען גע׳שמד׳ט. אפילו משה מענדעלסאָנ׳ס טעכטער (דאָראָטעאַ און הענריעטאַ) האָבען אָנגענומען דעם קריסטענטום. אין די גרויסע סאַלאָנען פון בערלין פלעגען זיך צוזאַמענקומען געבילדעטע אידען און קריסטען און דיזע בעגעגנישען פלעגען אָפט פיהרען צו שדוכים צווישען קריסטען און אידישע מיידלעך, וועלכע פלעגען זיך דאַריבער אָבזאָגען פון זייער גלויבען. די גרעסטע שריי־בער פון דייטשלאַנד אין יענער צייט, בערנע (געשט. 1837) און היינע (געשט. אין 1856) האָבען זיך אָבגעזאָגט אין דער יוגענד פון זייער גלויבען; אָבער זיי האָבען עס שפּעטער פאַרגיטיגט דער־מיט וואָס זיי זיינען געוואָרען הייסע פערטיידיגער פון זייער פאָלק. זייענדיג אַ געניאַלער פּובליציסט און פרייהייטס־קעמפּפער האָט בערנע שאַרף קריטיקירט די חסרונות פון די דייטשען און דאַרונטער זייערע ווילדע פאָראורטיילען געגען אידען. היינע, דער גרעסטער דייטשער פּאָעט נאָך גהעטע, פלעגט אין זיינע וואונדערליכע לידער בעזינגען אויך די אידישע ליידען, האָט אָנגעשריבען אַן ערצעהלונג פון דעם אידישען לעבען פון מיטעלאַלטער („דער רבי פון באַכראַך") און אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען האָט ער געשריבען בע־גייסטערטע פערזען וועגען דער גרויסקייט פון דער ביבעל.

עס זיינען אויך געווען אידישע מענער, וועלכע האָבען זיך אינגאַנצען געווידמעט דעם אידישען פאָלק. גבריאל ריסער, וועלכער האָט ארויסגעגעבען (אין די 1830 יאָהרען) אַ זשורנאַל „דער יודע" אין דייטש איז ארויסגעטראָטען אַלס פייערדיגער קעמפּפער

פאר דער אידישער עמאנסיפאציע, האט געוועקט דאס געפיהל פון זעלבסט־אכטונג אין זיינע פאלקס־ברידער און האט פערדאמט די אבטריניגע. „ניט עהרליך איז דער זוהן — פלעגט ער זאגען — וואס שעהמט זיך מיט זיין פאטער, און ניט עהרליך איז דער דור, וואס שעהמט זיך מיט זיין פערגאנגענהייט". אנדערע שרייבער האבען געפארשט די אידישע וויסענשאפט און געשיכטע. דער וויכטיגסטער צווישען די איז געווען לעאפאלד צונץ, וועלכער ווערט אנגערופען דער פאטער פון דער נייער אידישער געשיכטס־שריי־בונג. די בליהענדע צייט פון זיין טהעטיגקייט איז געווען אין די יאהרען 1825 ביז 1855. זיינע גלענצענדע פארשונגען אין דער ליטעראטור פון מיטעלאלטער, אין דער פאעזיע פון די תפלות און שוהל האבען בעלויכטען א צווייג פון יודענטום וואס איז ביז דער־מאלט געלעגען אין דער פינסטער. א שול־חבר פון צונץ, מ. יאסט, האט אנגעשריבען די געשיכטע פון די אידען פון די עלטסטע צייטען ביז זיין אייגענער עפאכע אין א רייהע פאפולערע ווערק, געשריבען, אזוי ווי צונצ'ס ווערק, אין דייטש. דער שטודיום פון דער אי־דישער געשיכטע האט פאנאנדערגעוויקעלט פאר די געבילדעטע מענשען דאס בילד פון דער ענטוויקלונג פון יודענטום. די פריי־דענקערישע שרייבער האבען אנגעהויבען ענטוויקלען די אידעע, אז פאר דעם היינטיגען אידען איז ניט קיין חיוב אבצוהיטען די פיעלע מצוות, געבאטען און דינים, וועלכע זיינען פעסטגעשטעלט גע־ווארען אין תלמוד און פון די פארצייטיגע רבנים. זיי האבען גע'טענה'ט אז דאס איז א שווערע לאסט און איז זאגאר געפעהר־ליך, ווארום דער היינטיגער געבילדעטער איד, ניט זייענדיג אימ־שטאנד זיי אבצוהיטען, פערוווארפט צוזאמען מיט זיי אויך די עיקרים פון דער תורה און דערנאך ווערט ער אינגאנצען דערוויי־טערט פון דער אמונה. די אנהענגער פון דיזער אידעע האבען גע־פאדערט רעפארמען אין יודענטום. בראש פון די „רעפארמער" איז געשטאנען (פון די 1840 יאהרען) דער טאלאנטפולער היסטאריקער פון יודענטום, אברהם גייגער, ראבינער פון ברעסלוי. אבער צווישען די רעפארמער איז ניט געווען קיין אחדות. איינע האבען געלעגט זייער אויפמערקזאמקייט בלויז אויף די אויסערליכע ענדערונגען, אז די אויסשטאטונג פון שוהל און די תפלות זאל זיין שעהן; אנ־

דערע האָבען אָנגעהויבען דערמיט וואָס זיי האָבען אָבגעלייקענט וויכטיגע עיקרים פון דער רעליגיאָן, אנשטאט וואָס זיי האָבען לכתחילה געוואָלט ענדערען די וועניגער וויכטיגע צערעמאָניעס. אנטקעגען די רעפאָרמער זיינען ארויסגעטראָטען די פרומע אָדער אָרטאָדאָקסען. בראש פון די אָרטאָדאָקסען איז געשטאַנען גייגער'ס אוניווערזיטעט־חבר ר' שמעון־רפאל הירש, וועלכער האָט אוועקגע־שטעלט דעם כלל אז „ניט די רעליגיאָן דאַרף צוגעפאַסט ווערען צום לעבען, נאָר דאָס לעבען צו דער רעליגיאָן". צווישען די צוויי צדדים האָט זיך פאנאנדערגעברענט א פארצווייפעלטער קאמפף.

צווישען די אידען פון פראנקרייך, איטאליען און עסטרייך בע־מערקט זיך אויך אין דיזער צייט א גייסטיגע דערהויבונג, אָבוואָהל אין א קלענערען גראד ווי אין דייטשלאַנד. אין פראנקרייך, אין דער ערשטער העלפט פון 19טען יאָהרהונדערט, זיינען די וויכטיגסטע אידישע געלערטע געווען: סאלוואדאָר, וועלכער האָט פארפאסט אייניגע גרויסע ווערק וועגען תורת משה, דער געשיכטע פון דער רוימישער הערשאפט אין יהודה און דער ענטשטעהונג פון קריס־טענטום; און דער אָריענטאליסט מונק, וועלכער האָט אויסגעגאָסען א סך ליכטיגקייט אויף דער אידיש־אראבישער פילאָזאָפיע פון מיטעלאלטער. אין איטאליען איז געווען דער גרויסער דענקער שמואל דוד לוצאטאָ (1800—65). לוצאטאָ האָט געשריבען א סך געלערנטע ווערק, אין וועלכע ער האָט ענטוויקעלט דעם געדאנק, אז דאָס יודענטום ענטהאלט אין זיך די העכסטע פילאָזאָפיע און די פאָלקאָמסטע סיסטעמע פון מאָראל. צולעצט איז ער געקומען צום בעשלוס אז די אייראָפעאישע קולטור איז פאלש און האָט געזעהן אין דער ריינער וועלט־אנשויאונג פון יודענטום א שוץ געגען דער וואקסענדער פערדאָרבענקייט פון די זיטען. דער נייער גייסט האָט אריינגעדרונגען אויך אין עסטרייך, אין דער געוועזענער פויר־לישער פּראָווינץ גאליציען, אָבוואָהל דער חסידיזם האָט דאָ גע־קעמפּפט זעהר שטארק געגען דער השכלה. נחמן קראָכמאל אין בראָד (געשט. 1850) האָט געגעבען א פילאָזאָפישע בעלייכטונג צו דער הונדערט־יעהריגער אידישער געשיכטע („מורה נבוכי הזמן"); און זיין תלמיד שלמה יהודה ראפּאפּאָרט פון פּראג, האָט אויסגעפאָרשט, אזוי ווי צונץ, א סך מאָמענטען פון דער געשיכטע

**פון דער אידישער ליטעראטור.** יוסף פערל און יצחק ערטער, זיינען געוועזן צוויי שרייבער, וואָס האָבען געשריבען סאטירען געגען די חסידים.

**§63. די רוסישע אידען פאר אלכסנדר דעם 1טען און ניקאָלאי דעם 1טען.** די בעפרייאונגס־בעוועגונגען וואָס האָבען געהערשט אין מערב־אייראָפא אין אָנפאנג פון דעם 19טען יאָהר־הונדערט זיינען אריינגעדרונגען אויף אַ קורצער צייט אויך אין רוסלאנד, וואו, נאָך דער צושליסונג פון פוילען, האָט געוואוינט אַ גרויסע צאָל אידען. אלכסנדר דער 1טער, דער אייניקעל פון יעקאטערינא דער גרויסער (1801—1825), האָט געזעצט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע צו בעטראכטען די פראגע וועגען דער פערבעסערונג פון דער אידישער לאגע אין רוסלאנד, און אין יאָהר 1804 האָט ער בעשטעטיגט דעם פלאן, וואָס די דאָזיגע קאָמיסיע האָט אויסגעארבייט. בילדונג פאר די אידען איז אין דעם דאָזיגען פלאן געשטאנען אויפ'ן ערשטען פונקט: אידען זאָלען צוגעלאָזט ווערען צו רוסישע בילדונגס־אנשטאלטען, און די רוסישע שפּראך זאָל ווי ווייט מעגליך צווישען זיי פארשפּרייט ווערען. לויט דער בעשעפטיגונג צוטיילען זיך די אידען אויף פיער קלאסען: ערד־ארבייטער, פאבריקאנטען און בעלי־מלאכות, סוחרים, און בירגער. צו ערד־ארבייטער ווערען געגעבען בעדייטענדע פריווילעגיעס: זיך צו בעשעפטיגען מיט שענקעריי און ארענדעס אין די דערפער ווערט פערבאָטען. און דאריבער ווערט די אידען פערבאָטען אפילו צו וואוינען אין דערפער. כדי צוצוציהען די אידען צו ערד־ארבייט האָט די רעגירונג בעשטימט די ליידיגע סטעפּעס פון קליין־רוסלאנד פאר די וואָס ווילען זיך דאָרט בעזעצען, אויף גרינגע בעדינגונגען. אויף דער איינלאדונג פון דער רעגירונג האָבען זיך אָבגערופען עטליכע הונדערט אידישע פאמיליעס פון צפון־מערב קאנט, וועלכע האָבען געגרינדעט די ערשטע פארם קאָלאָניעס אין זיד (1808). אָבער דער דאָזיגער ערשטער פערזוך איז געוועזן ניט געלונגען. די ניט־געוואוינהייט פון די אידען צו ערד־ארבייט פון איין זייט און די שוועריגקייט צו בעלעבען די ווילדע סטעפּעס פון דער אנדערער זייט האָבען אין גיכען געבראכט די אידישע קאָלאָניעס צו אונטערגאנג, וועלכע האָבען ערשט אין דער שפּעטערער

צייט אויפגעלעבט צו אַ ניי לעבען. די בעמיהונג פון דער רעגירונג צו פערבעסערען די אידישע לאַגע איז אויך גיך אָבגעשוואַכט געוואָרען. דער קריעג מיט נאַפּאָלעאָנ'ען (1812) און דער אַריינטראָט פון רוסלאַנד אין דער „הייליגער אַליאַנץ" (1815) האָבען אָבגעצווינגען די אויפמערקזאַמקייט פון אַלכסנדר דעם 1טען אין אַן אַנדער זייט. אין דער צווייטער העלפט פון זיין ממשלה האָבען די געפּלאַנטע רעפאָרמען פאַר די אידען אָבגעטראָטען דעם פּלאַץ פאַר אַנדערע: מען האָט זיך גענומען צו פערשפּרייטען קריסטענטום צווישען די אידען, און צו דיזען צוועק האָט מען אין יאָהר 1817 געגרינדעט די „געזעלשאַפט פון אידישע קריסטען"; דער גירוש פון די אידען פון די דערפער אין די שטעדט אַריין איז אין ערטער געמאַכט געוואָרען מיט שרעקליכער שטרענגקייט אין דער צייט ווען די פּלענער וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין יאָהר 1804 אויפצוהויבען די מדרגה פון בילדונג און דאָסווירטשאַפטליכע לעבען פון די אידען זיינען געבליבען ניט אויסגעפיהרט.

אין דער צייט פון פּאַוועל דעם 1טען (1825—55) איז די לאַגע פון די אידען שטאַרק פאַרערגערט געוואָרען. אין יענער צייט איז אין די רעגירונגס-קרייזען אָנגענומען געוואָרען די מיטעלאַלטערליכע מיינונג, אַז די אידישע פראַגע קען געלייזט ווערען נאָר אויף דעם וועג, אַז די אידען זאָלען זיך צוזאַמענגיסען אין זייער רעליגיאָן און לעבענס-פיהרונג מיט דעם רוסישען פאָלק. און די שווערע געזעצען פון יענער צייט זיינען געווען געריכטעט כדי צו דערגרייכען דיזען ציעל. אין 1827 יאָהר איז ארויסגעגעבען געוואָרען אַ געזעץ, וואָס האָט געצוואונגען אידען צו אַ גרויזאַמען מיליטער-דיענסט. דאָס דיענסט האָט געדויערט גאַנצע 25 יאָהר און די רעקרוטען פלעגען אוועקגעשיקט ווערען אין די ווייטסטע טיילען פון רוסלאַנד, וואו זיי פלעגען אָבגעריסען ווערען פון זייער פאַמיליע און סביבה. אַן סאָלדאַטען פלעגט מען אָפט חאַפּען קליינע קינדער, וועלכע מען פלעגט פאַרשיקען אין די טיעפע גובערניעס און דאָרטען זיי לערנען אין בעזונדערע קינדערשע באַטאַליאָנען. אַזעלכע יונגע סאָלדאַטען פלעגען זיך רופען „קאַנטאָניסטען". אונטער'ן דרוק פון זייערע אויבער-קאָמאַנדירען פלעגען די מעהרסטע קאַנטאָניסטען אָננעהמען דאָס קריסטענטום און פלע־

גען זיך מעהר ניט אומקערען צו זייערע פאמיליען. אויסער די מיליטער־דיענסט געזעצען זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען שטרענגע געזעצען, וועלכע האָבען בעגרענעצט דאָס וואוינרעכט פון די אידען, ווי אויך זייער רעכט צו האנדלען און צו טהאָן מלאכות. זיי האָבען ניט געטאָרט זיך בעזעצען אויף שטענדיג אויסערהאלב די געוועזענע פוילישע פּראָווינצען, וועלכע זיינען געוועזען אָבגעצייכענט אלס דער אידישער „תחום" („טשערטא"). בלויז אין די לעצטע צעהן יאָהר פון ניקאָליי דעם 1טען האָט זיך די רעגירונג איבערצייגט, אז מיט אונטערדריקענדע מיטעל אליין איז ניט מעגליך צו לייזען די אידישע פראגע און אז עס איז נויטיג אָנצונעהמען מיטעל אויפצוהויבען די מדרגה פון בילדונג צווישען די אידען. לויט'ן פּאָרשלאג פון בילדונגס־מיניסטער אואוואראָוו זיינען אין די 40־ער יאָהרען געגרינדעט געוואָרען אידישע אָנפאנגס־שולען מיט קורסען פון אלגעמיינער בילדונג און אויך צוויי „ראבינער־שולען" (אין ווילנא און זשיטאָמיר) אויף צוצוגרייטען געבילדעטע ראבינער און לעהרער. נאָך די אידישע מאסע, אָנגעשראָקען פון די ערשטע מעטאָדען פון דער רעגירונג, האָט זיך פערטראָגען מיט אונצוטרוי צו די שולען; זיי האָבען געזעהן אין זיי אַ סכנה פאר זייער רעליגיאָן און פאָלק.

די אויסנאהמס־געזעצען געגען די רוסישע אידען האָבען געהאָלפען אויפצוהאלטען זייער אינערליכע איינגעשלאָסענקייט. די רבנים און דער חסידיזם האָבען ארומגעצאמט די אידען געגען די אידעען פון דרויסען. אָבער די נייע גייסטיגע בעוועגונגען האָבען זיך פונדעסטוועגען אריינגעבראָכען פון די צענטרען פון מערב־אייראָפּא. יצחק בער לעווינזאָן פון קרעמענעץ (1786—1860) איז ערשינען אלס דער אָנזאָגער פון דער השכלה צווישען די רוסישע אידען. אין זיינע ספרים, געשריבען אין העברעאיש, האָט ער אגיטירט אז אין די חדרים דארף מען אָבגעבען דעם ערשטען פלאץ צום תנ"ך און צו העברעאיש פאר דער גמרא, און אז די אמונה איז ניט געגען לערנען פרעמדע שפּראַכען און אלגעמיינע בילדונג („תעודה בישראל", 1828). לעווינזאָן האָט געשריבען נאָך ווערק וועגען דער ענטוויקלונג פון ביבלישען און תלמודישען יודענטום („בית יהידה", „זרבבל"), האָט אין אַ בעזונדער ספר („אפס דמים") בעוויזען די גרונדלאָזיגקייט פון דעם בלוט־בלבול און האָט בכלל גע־

ארבייט צו פארבעסערען דאָס לעבען פון זיינע ברידער. אָבער נאָר ווייניגע פון די רוסישע אידען האָבען דעמאָלט אָבגעשעצט לע־ווינסאָנ׳ס ארבייט; די חסידים פון אַלע זייטען האָבען איהם געהאלטען פאר אן אפיקורוס. פונקט אזוי פיינדליך האָט מען געקוקט אויף אַ קרייז פון משכילים, וואָס האָט זיך דעמאָלט געבילדעט אין ווילנאָ. דער הויפּט־צוועק פון דיזען קרייז איז געווען אויפצושטעלען צוריק די ריינע ביבלישע שפּראַך אין דער נייער ליטעראַטור. איינער פון דיזע ווילנער משכילים, מרדכי אהרן גינז־בורג (געשט. 1846), האָט אַ סך אויפגעטהאָן אין דער אויסארביי־טונג פון אַ העברעאישע פּראָזא־סטיל אין זיינע ערצעהלונגען, רייזע־בעשרייבונגען, היסטאָרישע פאָרשונגען, אויטאָביאָגראַפיע א. אַ. וו. („דביר", „אביעזר" און אנד.). דער ווילנער משורר אברהם בער לעבענסאָן (אד"ם) האָט אויפגעלעבט דעם העברעאישען פּאָעטישען סטיל אין זיינע „שירי שפת קדש" (1842). זיין זוהן מיכל לעבענסאָן, וועלכער איז פריהצייטיג געשטאָרבען, 24 יאָהר אַלט (1852), האָט נאָך איבערשטייגט דעם פאָטער מיט זיין פּאָ־עטישער טיעפקייט. זיינע „שירי בת־ציון" און „כנור בת־ציון" געהערען צו די בעסטע ווערק פון דער העברעאישער פּאָעזיע.

§64. די מערב־אייראָפּעאישע אידען אין צווייטער העלפט פון 19טען יאָהרהונדערט. אין יאָהר 1848 איז אין פּאָליטישען לעבען פון די מערב־אייראָפּעאישע פעלקער פאָרגעקור־מען אַ גרויסע איבערקערעניש. אין דייטשלאַנד, עסטרייך און אי־טאַליען זיינען פאָרגעקומען רעוואָלוציאָנען, וועלכע האָבען בעגרע־נעצט די מאכט פון די הערשער און געגעבען דעם פאָלק אַ דעה אין דער רעגירונג ("קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדנונג"). די אַלגעמיינע בע־פרייאונגס־בעוועגונג האָט געבראַכט אויך די גלייכבערעכטיגונג פון די אידען, וועלכע האָבען גענומען אַ טיכטיגען אנטייל אין דער דאָזיגער בעוועגונג. אין דעם פראַנקפורטער פּארלאַמענט, וועלכער האָט אויסגעארבייט די נייע אָרדנונג פאר דייטשלאַנד, איז וויצע־פּרעזידענט געווען גבריאל ריסער, דער קעמפּפער פון דער אידישער עמאַנסיפּאַציע. דער פּארלאַמענט האָט בעשלאָסען אז די בירגער רעכט דארפען זיין דיזעלבע פאר די דייטשע בירגער פון אַלע גלויי־בענס. אַן ענגלישער בעשלוס איז אָנגענומען געוואָרען אויך אין דעם



יצחק בער לעווינזאן.

פּרייסישען „נאַציאָנאַל־ראַט", אין בערלין. די אידישע גלייכבע־רעכטיגונג איז אָנגענומען געוואָרען אַלס געזעץ אין גאַנץ דייטש־לאַנד. די געגנער פון דער נייער אָרדנונג, וועלכע האָבען געקראָגען די אויבערהאַנד אין די 1850־ער יאָהרען, האָבען געוואָלט בעשרענ־קען די דאָזיגע גלייכבערעכטיגונג, נאָר זיי האָבען בעגעגענט אַ ווידערשטאַנד מצד דעם ליבעראַלען טייל פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכען די אידען האָבען שוין געשפּיעלט אַן איינפלוסרייכע ראָלע. די פערשטאַרקונג פון פּרייסען נאָך דער מלחמה מיט עסטרייך (1866) און די פעראייניגונג פון דייטשלאַנד נאָך דער פראַנצויזיש־פּרייסישער מלחמה (1870) האָבען געהאָלפען צו בעפעסטיגען די דייטשע קאָנסטיטוציע און די אידישע גלייכבערעכטיגונג, וואָס איז געווען מיט איהר פאַרבונדען. עס זיינען ערשינען גרויסע אידישע טאַלאַנטען אויף אַלע פּאָליטישע, געזעלשאַפטליכע און ליטעראַרישע געביטען.—אויפ'ן זעלבען וועג איז געגאַנגען די בעפרייאונג פון די אידען אין עסטרייך. אין דיזען פיעל־פעלקערדיגען לאַנד, וואו עס האָט שטענדיג געברענט אַ קאַמפּף צווישען נאַציאָנאַליטעטען, איז פאַר די אידען שווערער געווען צו בעפעסטיגען זייער בירגער־ליכע לאַגע. די קאָנסטיטוציע וואָס איז געגעבען געוואָרען אין יאָהר 1848 איז שפּעטער פיעל מאָל געענדערט און בעשרענקט געוואָרען. נאָר ענדליך האָט די קאָנסטיטוציע פון יאָהר 1867 אנערקענט די אידישע גלייכבערעכטיגונג אין עסטרייך־אונגאַרן.

אין פראַנקרייך, די היים פון גלייכהייט, האָט זיך די לאַגע פון די אידען נאָך מעהר פאַרבעסערט נאָך דער רעוואָלוציע פון פעברואַר 1848. דער איד אַדאָלף קרעמיע האָט דאָ צוויי מאָל פאַרנומען דעם אמט פון יוסטיץ־מיניסטער: אין 1848 און 1870. קרעמיע איז געווען אַ הייסער פאַרטיידיגער פון זיין פאָלק. אין 1860 האָט ער געגרינדעט אין פּאַריז אַ געזעלשאַפט מיט'ן נאָמען: „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל" (חברת כל ישראל חברים), וועלכע האָט זיך געשטעלט צוויי ציעלען: צו פאַרטיידיגען די אינ־טערעסען פון די אידען אין אַלע לענדער פון זייער צושפּרייטונג און צו פאַרשפּרייטען צווישען זיי אייראָפּעאישע בילדונג. אין דער פּראַקטיק האָט די „אַליאַנץ" פאַרווירקליכט דיזע ביידע ציעלען בלויז אין די מאַחמעדאַנישע לענדער אין מזרח: טערקיי, אַלזשיר,

מאראָקאָ און טוניס. אין ענגלאַנד האָבען די אידען נעקראָגען אין 1858 פּאָליטישע רעכט, אויסער די בירגער־רעכט וואָס זיי האָבען גענאָסען פריהער. זיי האָבען אָנגעהויבען שיקען אין ענגלישען פּארלאמענט זייערע דעפּוטאַטען. ניט איינמאָל זיינען אידען אויס־געקליבען געוואָרען צום אנגעזעהענעם אמט פון לאָרד־מעיאָר פון לאָנדאָן. דער העלד פון דער מאָדערנער ענגלישער געשיכטע, וועל־כער איז אַ לאַנגע צייט געווען ערשטער מיניסטער, ביקאָנספיעלד־דיזראַעלי (געשט. 1881) איז געווען פון אידישער אָבשטאַמונג און האָט ביז'ן טאָג פון זיין טויט אויפגעהיט אַ לעבעדיגע סימפּאַטיע צו זיינע פאָלקס־ברידער. ניט ווענינ האָט געאַרבייט פאַר'ן וואוילזיין פון זיין פאָלק דער גרויסער ענגליש־אידישער פילאַנטראָפּ משה מאָנטעפיאָר, וועלכער האָט זיך בעזונדערס שטאַרק געזאָרגט פאַר די אידען אין ארץ־ישראל.

אין דעם דריטען פערטעל פון 19טען יאָהרהונדערט איז די גלייכבערעכטיגונג פון די אידען אנערקענט געוואָרען אין אַלע לענדער פון מערב־אייראָפּאַ, וואו עס איז איינגעפיהרט געוואָרען די קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדנונג: אין איטאַליען (נאָך 1848), אין דער שווייץ און דענמארק, און שפּעטער אין סערביען און בולגאַריען (1878). בלויז רומעניען וויל ניט אנערקענען די אי־דישע גלייכהייט און האָט ערקלערט כמעט אַלע איהרע אידען פאַר אויסלענדער, וועלכע קענען ניט געניסען אַלע בירגער־רעכט.

די פאָרשונג פון אידישער געשיכטע און וויסענשאַפט (חכמת ישראל), וואָס צונץ און יאָסט האָבען אָנגעפאַנגען, איז אָנגעגאַנגען ווייטער אין דער אַנדערער העלפט פון 19טען יאָהר־הונדערט, בעזונדערס אין דייטשלאַנד. דער גרעסטער אידישער היסטאָריקער איז געווען גרעץ, וועלכער האָט אָנגעשריבען „די געשיכטע פון די אידען פון די עלטסטע צייטען ביז היינט", אין 11 בענדער (1854—76). בעזונדערע טיילען פון דער אידישער געשיכטע זיינען בעאַרבייט געוואָרען פון אַ סך געלערטע.

צוזאַמען מיט די גוטע רעזולטאַטען האָט די גלייכבערעכטיגונג בעשאַפען אין דעם לעבען פון די מערב־אייראָפּעאישע אידען אויך אוננאָרמאַלע ערשיינונגען. די נאַטירליכע און נויטיגע ד ע ר־ נ ע ה ע נ ט ע ר ו נ ג צווישען די אידען און די קריסטען אויפ'ן

באַדען פון אַלגעמיינע אינטערעסען, פלעגט אָפט אריבערגעהן צו אַ פולער צונויפמישונג פון די אידען מיט די קריסטען. דיזע נייע ריכטונג האָט געקראָגען דעם נאָמען „אסימילאציע". די אַנהענ־גער פון דער אסימילאציע האָבען זיך אַ נאָמען געגעבען אין דייטש־לאַנד „דייטשען פון משה'ס גלויבען", אין פראַנקרייך—„פראַנצויזען פון משה'ס גלויבען" א. א. וו. און האָבען גערעכענט אַז די איינציגע פאָדים וואָס פאַרבינדט זי מיט'ן יודענטום איז—די רעליגיאָן. און אַזוי ווי אונטער דעם איינפלוס פון די נייע אידעען איז דאָס רעליגיעזע געפיהל אָבגעשוואכט געוואָרען ביי די אידען, פלעגט זיך דיזע פאָדים אויך איבעררייסען. דער יונגער דור פלעגט זיך אַלץ מעהר דערווייטערען פון יודענטום און זיינע נאַציאָנאַלע אינ־טערעסען, און זיך פאַרלירען צווישען די ארומיגע פעלקער. דיזע לאַנגזאַמע צופאַלונג וואָלט געווען אָנגעהמען נאָך שרעקליכערע פאָרמען ווען עס זאָל פלוצלינג ניט געווען פאָרקומען אַן ענדערונג אין דער בעציהונג פון דער אייראָפעאישער געזעלשאַפט צו די אידען, אַן ענדערונג וואָס האָט געצוואונגען זיך צו פערטראַכטען די יעניגע, וואָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן וועג צו אַסימילאַציאָן.

אין דעם לעצטען פערטעל פון דעם 19טען יאָהרהונדערט האָט זיך אין אייראָפּאַ אָנגעהויבען אַ נייע בעוועגונג געגען די אידען, וועלכע האָט געקראָגען דעם נאָמען „אנטיסעמיטיזם" (געגען סעמיטען) און וועלכע איז בלויז אַ פערזוך אויפצולעבען די מיטעל־אַלטערליכע פיינדשאַפט צו די אידען אין אַ נייער פאָרמע. דער איבערראשענדער ערפאָלג פון די אידען אויף אַלע געביטען פון געזעלשאַפטליכען לעבען, וואָס איז געקומען דורך זייער בעפרייאונג, האָט ארויסגערופען אַ קנאה און אַן אונרוהיגקייט ביי יענע קריס־טען, וועלכע האָבען זיך נאָך ניט בעפרייט פון די אידעען פון גע־זעלשאַפטליכער אונגלייכהייט. עס האָבען זיך אָנגעהויבען הערען שטימען אַז דער איד אָדער סעמיט קען צוליעב זיינע איינגעבאָרענע איינענשאַפטען זיך ניט צוזאַמענלעבען מיט'ן קריסטליכען אַריער; אַז ער איז צו בעגאַבט און שטרעבט צו פאַרחאַפּען אַלץ אין זיינע הענד, צו זיין איבעראַל דער ערשטער; אַז ער האָט שוין געקראָגען די אויבערהערשאַפט אין האנדעל און פינאַנץ, אין דער פּאָליטיק, אין פּאַריס, אין דער פרעסע און וויסענשאַפט. און ער שטויסט

פלומרשט ארוים דעם קריסט פון דיזע אלע געביטען. די אנטי־סעמיטען האבען גענומען פאדערען אז מען זאל צונעהמען צוריק ביי די אידען די גלייכהייט וואס מען האט זיי געגעבען; אנדערע האבען זאגאר געפאדערט אזעלכע בעשרענקונגען און אונטערדריקונגען געגען די אידען, וועלכע זאלען זיי רואינירען און צווינגען אויסצעוואנדערען אין אנדערע לענדער. דער אנטיסעמיטיזם האט זיך צוערשט בעוויזען אין דייטשלאנד, אין דער צייט פון קייזער ווילהעלם דעם 1טען און זיין קאנצלער ביסמארק. איינער פון די גרינדער פון דער אנטיסעמיטישער פארטיי איז געווען דער גלח שטעקער, פרעדיגער אין קעניגליכען הויף אין בערלין. אין די 1880־ער יאהרען האט דיזע פארטיי דערגרייכט א בעדייטענדען איינפלוס, האט ארויסגעגעבען איהרע צייטונגען, פלעגט ארויסשיקען אגענטען אויפצוהעצען די בעפעלקערונג געגען די אידען. פון די 1890־ער יאהרען האט דער אנטיסעמיטיזם אין דייטשלאנד אויפגעהערט צו וואקסען, אבער דערפאר האט דיזע געפעהרליכע בעוועגונג זיך פערשטארקט אין עסטרייך און אפילו אין פראנקרייך, דאס ערשטע לאנד, וואס האט פראקלאמירט גלייכהייט פאר אידען. אין עסטרייך, וואו עס הערשט א שטענדיגער קאמפף צווישען די פארשיידענע נאציאנאליטעטען—דייטשען, טשעכען, פאלאקען און אנד.—האבען די אידען שונאים צווישען די אלע קעמפפענדע נאציאנאליטעטען. אין פראנקרייך האבען די אנטיסעמיטען אנגעהויבען מיט פארגיפטען די אידען אין דער פרעסע (דרומאן), נאר דערנאך זיינען זיי אריבער צו א קאמפף מיט זיי אין פארלאמענט און אין געזעלשאפטליכען לעבען. אין יאהר 1894 זיינען זיי ארויסגעטראטען געגען איין רייכען אידען, קאפיטאן דרייפוס, וועלכער האט געדיענט אין קריעגס־מיניסטעריום, מיט דער פאלשער בעשולדיגונג אז ער איז בעגאנגען א פעררעט ארויסגעבענדיג געהיימע מיליטערישע פלענער פון דער פראנצויזישער רעגירונג צו א פיינדליכער מלוכה. ניט קוקענדיג אויף דער קלארער פאלשקייט פון דער בעשולדיגונג האט מען דרייפוס'ן פאר'משפט און פערשיקט אויף א ווילדען אינזעל („טייפעלס אינזעל”) נעבען זיד־אמעריקא. ערשט אין פינף יאהר ארום, נאך א לאנגען קאמפף פון פארטייען פאר און געגען דעם פארארטהיילטען, איז אויפגעדעקט געווארען

דער בלבול און מען האָט דעם אומגליקליכען דרייפוס געבראַכט
צוריק פון פאַרשיקונג. די בעסערע פאָרשטעהער פון דער קריסט־
ליכער געזעלשאַפט פאַרדאַמען די שענדליכע ארבייט פון די אַנ־
טיסעמיטען און קעמפפען געגען איהר; אָבער זיי זיינען ניט
אימשטאַנד אינגאַנצען אָבצושטעלען דיזע בעוועגונג, וועלכע וואָר־
צעלט אין די קלאַסען־אינטערעסען פון די פאָלקס־מאַסען.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט געצוואונגען די אידען אין מערב־
אייראָפּא זיך צו פאַרטראַכטען. די אידישע געזעלשאַפט, פון וועל־
כער אַ גרויסער טייל האָט פריהער זיך געלאָזט פאַרפיהרען פון
דער אַסימילאַציע, הויבט אָן פאַרשטעהן ווי נויטיג עס איז פאַר
איהר זיך צו האַלטען צוזאַמען כדי צו בעשיצען איהרע נאַציאָנאַלע
אינטערעסען געגען די פיינד.

§65. **די אידען אין רוסלאַנד אין דער צווייטער העלפט
פון 19טען יאָהרהונדערט.** ווען אלכסנדר דער 2טער איז ארויף
אויפ'ן טראָהן (1855) האָט זיך פאַר די אידען אין רוסלאַנד אָנגע־
הויבען אַ ליכטיגע צייט פון האָפנונגען און ערוואַרטונגען. דיזער
הערשער, וועלכער האָט בעפרייט די פויערים פון קנעכטשאַפט און
האָט געשטרעבט איינצופיהרען רעפאָרמען אין אַלע צווייגען פון
דער מלוכה, האָט אויך אַביסעל גרינגער געמאַכט די לאַגע פון די
אידען. די רעגירונג האָט ניט אונטערנומען צו ענדערען די גאַנצע
לאַגע פון גרונד אָן, אָבער זי האָט געפונען פאַר נויטיג ביסלעכווייז
אָבצושאַפען די שווערערע בעגרענצונגען, וועלכע זיינען איינגעפיהרט
געוואָרען אין דער פריהעריגער ממשלה. מען האָט אָבגעשאַפט די
סיסטעמע פון די קאַנטאָניסטען (1856). אידישע סוחרים פון ער־
שטער גילדיע, מענשען מיט אַ העכערער בילדונג און בעלי־מלאכות
איז נעגעבען געוואָרען דאָס רעכט צו וואוינען איבעראַל אין רוס־
לאַנד (1859—65). מען האָט ערמוטיגט די אַלגעמיינע בילדונג
פאַר אידען; אָבער צו ספּעציעל אידישער עלעמענטאַרער בילדונג
האָט מען געשענקט ווייניג אויפמערקזאַמקייט. אין יאָהר 1873
זיינען פערמאַכט געוואָרען ביידע ראַבינער־שוהלען און אַלע „קאַ־
זיאָנע" (רעגיערונגס) אידישע שולען, וואָס זיינען געגרינדעט גע־
וואָרען פון אוּוואַראָוו'ן. זייער פּלאַץ האָבען פערנומען לעהרער־
אינסטיטוטען און אָנפאַנגס־שולען פון אַ נייעם מוסטער; נאָר די

לעצטע זיינען געעפענט געוואָרען בלויז אין איניגע שטעדט פון תחום. די אַלטע ערציהונג פון חדר און ישיבה האָט נאָך אַלץ גע־הערשט צווישען פאָלק, וועהרענד אין א סך קרייזען האָט זיך פער־שטאַרקט די שטרעבונג פון דער יוגענד צו די אַלגעמיינע רוסישע שולען. דער שאַרפער איבערגאַנג פון חדר צו דער גימנאַזיע און פון דער ישיבה צום אוניווערזיטעט איז געוואָרען א געוואוינליכע ערשיינונג. עס האָט זיך פערשטאַרקט דער קאַמפף צווישען די „פאָטערס" און די „קינדער", ד. ה. צווישען אַלטען און יונגען דור. דער ערשטער האָט זיך איינגאַנצען אָבגעצאַמט פון דער רוסישער סביבה און דער אַנדערער האָט געשטרעבט זיך צוזאַמענצוגיסען מיט איהר. אַזוי ווי זייערע ברידער אין מערב־אייראָפּא האָבען א סך געבילדעטע רוסישע אידען זיך אַסימילירט מיט דער אַרו־מיגער בעפעלקערונג און האָבען זיך אָבגעזאָגט פון די אינטערעסען פון זייער פאָלק.

צווישען אָט די צוויי שיכטען—די פרומע מאַסע פון איין זייט און דער אָבגעריסענער טייל פון דער אַנדערער זייט—זיינען גע־שטאַנען אמת אויפגעקלערטע מענשען, וועלכע האָבען געהאַלטען פאַר זייער חוב צו אַרבייטען פאַר דער דערהויבונג פון דער געזעל־שאַפטליכער און גייסטיגער מדרגה פון אידישען פאָלק. די דאָזיגע אַרבייט האָבען ערפילט די משכלים, וועלכע האָבען אויפגעלעבט די העברעאישע ליטעראַטור. אברהם מאַפּו, פון קאָוונאָ (געשט. 1866) האָט איבעררּאַשט דעם עולם מיט זיינע היסטאָרישע ראָמאַנען פון דער ביבלישער עפּאָכע („אהבת ציון" און „אשמת שמרון"), און פון דעם דעמאָלטיגען רוסיש־אידישען לעבען („עיט צבוע") גע־שריבען אין דער גלענצענדער שפּראַך פון די נביאים. דער פּאָעט יהודה ליב גאָרדאָן (געשט. 1893) האָט מיט זיינע שירים געבראַכט די העברעאישע פּאָעזיע צו פאָלקאָמענהייט. אין לידער און פּראָזא האָט גאָרדאָן שטאַרק קריטיקירט די רבנים און די צדיקים. פּרץ סמאָלענסקין (געשט. אין 1885), וועלכער האָט אַרויסגעגעבען אין וויען דעם זשורנאַל „השחר" פאַר די רוסישע אידען, האָט אין זיינע ראָמאַנען און מאמרים געקעמפּפט פאַר אידישער בילדונג אין נאַציאָנאַלען גייסט. דער „המגיד", „המליץ" און „הכרמל" האָבען געלעגט דעם אָנפאַנג פון דער העברעאישער פּרעסע (1855—60).

—אין אָנהויב פון די 60־ער יאָהרען איז אויפגעקומען אַ אידישע ליטעראַטור אין רוסיש. די צייטשריפטען („ראַזסוויעט", „סיאָן" און „דיען" אין אָדעס, דער נייער „ראַזסוויעט", „וואָסחאָד" און אַנדערע אין פּעטערבורג) האָבען זיך געשטעלט פאַר זייער אויפגאַבע צו קעמפּפען פאַר דער בירגערליכער בעפרייאונג פון די אידען. אָסיפּ ראַבינאָוויטש, לעוואַנדאַ און באָגראָוו האָבען געשילדערט אין זייערע ערצעהלונגען אין רוסיש דאָס אידישע לעבען, מיט זיינע ליכטיגע און דונקעלע זייטען. דערזעלבער ראַבינאָוויטש און דער פריהצייטיג פערשטאָרבענער פּובליציסט אָרשאַנסקי האָבען היים פערטיידיגט אין זייערע אַרטיקלען דעם געדאַנק פון אידישער גלייכבערעכטיגונג אין רוסלאַנד און האָבען אָבגעשלאָגען די פאַלשע בעשולדיגונגען געגען זיי. עס האָט זיך געדוכט אז די זאַך, פאַר וועלכער עס האָבען געקעמפּט דיזע אַלע פאָרשטעהער פון יודענטום, איז נאָהנט פון פאַרווירקליכונג. נאָר די טרויעריגע געשעהענישען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין דערזעלבער צייט ווען דער אַנטיסעמיטיזם איז געבאָרען געוואָרען אין מערב־אייראָפּאַ, האָבען בעוויזען אז די דאָזיגע ערוואַרטונגען זיינען געוועזען פריהצייטיג.

אין יאָהר 1881 און 1882 זיינען אין אַ סך שטעדט פון זיד־רוסלאַנד פאָרגעקומען פּאָגראָמען פון די קריסטען אויף די אידען. די פּאָגראָמען זיינען בעשטאַנען אין חרוב מאַכען אידישע הייזער, רויבען אידישען אייגענטום און הרג'ענען מענשען. בעזונדערס שרעקליך זיינען געוועזען די פּאָגראָמען אין יענע געגענדען וואו אין דעם 18טען יאָהרהונדערט האָבען געבושעוועט די היידאַמאַקעס (יעליסאַוועטגראַד, קיעוו, באַלטאַ און אַנדערע געגענדען פון דער אַמאָליגער אוקריינא). אַ דאַנק די מיטעל פון דער רעגירונג זיינען די פּאָגראָמען אַרום מיטען פון 1882 איינגעשטילט געוואָרען, וועלכע האָבען זיך שפּעטער פון צייט צו צייט ווידערהאָלט אין פערשיידענע ערטער פון דעם אידישען תחום. נאָר פון יענער צייט אָן איז די רעכטליכע לאַגע פון די רוסישע אידען שטאַרק פאַרשלימערט געוואָרען. אין דער צייט פון אַלכסנדר דעם 3טען (1881—94) איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ גזרה צו פאַרוועהרען אידען זיך צו בעזעצען אויף דאָס ניי אין דערפער („צייטווייליגע געזעצען", 3טען מאַי, 1882), צו פאַרלאָזען אידישע קינדער אין גימנאַזיעס און

אוניווערזיטעטען אין א העכסט בעשרענקטער צאָל (1887), ארויס־צושיקען די אידישע בעלי־מלאכות און קליינע סוחרים פון מאָסקווא (1891), ניט ערלויבען אידען געוועהלט צו ווערען אין שטאָדט־ראטען (1892) א. א. וו. די פארערגערטע עקאָנאָמישע לאגע פון די אידען האָט ארויסגערופען צווישען זיי א שטארקע עמיגראציע פון רוסלאנד. דער גרעסטער טייל פון די עמיגראנטען איז געגאנגען קיין אמעריקא, און דער קלענערער טייל קיין פאלעסטינא. אין צפון־אמעריקא האָבען איינגעוואנדערט אין די לעצטע צוויי צעהנדליג יאָהר פון 19טען יאָהרהונדערט ארום א מיליאָן אידען, וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין די פעראייניגטע שטאאטען און קענעדע. אין זיד־אמעריקא זיינען געגרינדעט געוואָרען אידישע פארם־קאלאָניעס אין ארגענטינא, וועלכע זיינען געשטיצט געוואָרען פון דעם בע־וואוסטען מיליאָנער און פילאנטראָפּ באראָן הירש. אין פאלעס־טינא האָבען זיך געגרינדעט אידישע ערד־ארבייטער־קאָלאָניעס אין יהודה און גליל, א דאנק די גרויסע נדבות פון דעם פאריזער באראָן עדמונד ראָטשילד און די שטיצע פון דער „פאלעסטינא געזעלשאפט" אין אָדעס.

אין פארבינדונג מיט די געשעהענישען פון די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהר האָט אויפגעלעבט דאָס נאציאָנאלע געפיהל צווישען די רוסישע אידען. דאָס האָט זיך אויסגעדריקט קודם־כל אין דעם, וואָס א בעדייטענדער טייל פון דער נייער אידישער אינטעליגענץ האָט פארוואָרפען די שעדליכע אידעע פון אסימילאציאָן און האָט זיך דערנעהנטערט צו איהר פאָלק. א סך האָבען אפילו אָנגעהויבען גלויבען אין דער מעגליכקייט אויפצובויען לאנגזאם א אידישען שטאאט אין פאלעסטינא. די דאָזיגע אידעע האָבען אין די 80־ער יאָה־רען געפּרעדיגט די פארטיי „חובבי ציון", און אין די 90־ער יאָהרען האָט דער געדאנק אָנגענומען א מעהר בעשטימטע פאָרמע, אין רוסלאנד און אין מערב־אייראָפּא, אונטער'ן נאָמען „ציוניזם". פון 1897 יאָהר אָן האלט אָב די צאָלרייכע פארטיי פון די ציוניס־טען, דער פיהרער פון וועלכער איז געוואָרען דר. טהעאָדאָר הערצל פון וויען (געשט. 1904), פעריאָדישע קאָנגרעסען אין באזעל און אנדערע שטעדט. די פארטיי שטרעבט, מיט דער הילף פון איהר „קאָלאָניאל־ באנק" און „נאציאָנאל־פאָנד" צו ענטוויקלען ערד־

אַרבייט און האַנדעל אין פּאַלעסטינאַ, צו פאַרשטאַרקן די אידישע איינוואַנדערונג אין דעם לאַנד, און ענדליך, צו בעשאַפען דאָרט אַ גרויסען צענטער פון יודענטום אויף די יסודות פון אַ ברייטער זעלבסטפערוואלטונג.

# אינדעקס.


### א

אבן־גבירול, שלמה, 36—38.
אבן־חיוג, יהודה, 32.
אבן־עזרא, אברהם, 45—47.
אבן־עזרא, משה, 38—39.
אבן־שפרוט, ר׳ חסדאי, 29—32.
אברבנאל, דון יצחק, 152—153.
אוניטאריער, 189.
אוקריינא, 190.
אָטאָ דער גרויסער, 23.
אידישער פּאבסט, זעה אנאקליטוס.
איזאבעל, 114—121.
איטאליען, 11—13; 103—106; 152—162; 230; 237.
אייבענשיץ, ר׳ יוחנן, 178—179.
אייזענמענגער, 175.
אייכעל, 210.
אינאָקענטי, 3טער, פּאבסט, 75.
אינקוויזיציע, 77; 114—119.
אלביגענזער, 76.
אלחריזי, ר׳ יהודה, 47.
אליאנס איזראעליט אוניווערסעל 236.
ר׳ אליהו פון ווילנא, זעה ווילנער גאון.
אלכסנדר, 1טער, 231—232.
אלכסנדר, 2טער, 240—241.
אלכסנדר, 3טער, 242.
אלפסי, רבנו יצחק, 39—40.
אל־ראי, דוד, 49—50.
אנאקליטוס, 12.
אנוסים, 111—119,
אנטיסעמיטיזם, 238.
אסימילאציע, 238.
אסקארעלי, דבורה, 160.
אסתר׳קע, 128—129.
אפריקא, 10, 16.
אָקאָסטא, אוריאל, 163—164.
אראבער, 10, 17, 28—51, זעה אויך שפּאניען.
אראגאָניען, 29.
אר״י, 141—143.
אָרשאנסקי, 242.
אשכנזים, 136, 137.

### ב

באגדאד, 18.
באָגראָוו, 242.
בולאָן, 25.
בולגאריען, 237.
בחיי רבנו, 39.
ביאור, זעה מענדעלסאָן.
ביזאנטיען, 11, 13—15, 135.
ביסמארק, 239.
ביקאָנספיעלד, 237.
בירב ר׳ יעקב, 140.
בלוט־בלבול, זעה עלילת־דם.
בנימין פון טודעלאָ, 47—48.
בן־ישראל, מנשה, 167—170.
בעלי־התוספות, 73.
בעל־שם, 198.
בעל־שם טוב, 217—220.
בער, רבי, 220.
בערדיטשעווער ר׳ לוי־יצחק, 221.
בערנע, 228.

### ג

גאנז, דוד, 177.
גאָנטאָ, 213—214.
גאָרדאָן, יהודה ליב, 241.
גהעטאָ, 96.
גוטענבערג, 135.
גזרות ת״ח ות״ט, זעה חמעלניצקי
גזרת הרועים, זעה פּאסטוכער־צוג.

גייגער, אברהם, 229.
גינזבורג, מרדכי אהרן, 234.
גירוש מאָסקווא, 243.
געלע לאטע, 77—78.
גראנאדא, 17, 33—36.
גריכענלאנד, 15.
גרעגאָר, פּאַבסט, 11.
גרעץ, 237.
גרשם רבנו, 24.

ד

דאָמיניקאנער, 77.
דאָנין, ניקאָליי, 79.
דונש בן־לברט, 32.
דייטשלאנד, 18, 23—24; 69—70; 73; 95—103; 170—179; 227—230; 234—236.
דעל מעדיגאָ, יוסף, 159—160.
דע־מאָרענו, יהודה, 159.
דענמאַרק, 237.
דרומאָן, 239.
דרייפוס, 239—240.

ה

האָלאנד, 162—167.
האלפערין, ר' יחיאל, 198.
האנאָווער, נתן, 196.
הומאניסטען, 170.
היידאמאקען, 212—214.
„היילינע אליאנץ", 227.
היינע, 228.
הירש, באַראָן, 243.
הירש, ר' שמעון רפאל, 230.
הלוי, ר' יהודה, 40—45, 46.
העלער, ר' יום־טוב ליפּמאן, 176—177.
הערצל, 243.
הרב מלאַדי,
זעה שניאורסאָן, ר' זלמן.
השכלה, 209, 223, 227.

ו

ווידאס, אליהו, 141.
וויטאל, ר' חיים, 143—144.
וויזעל, נפתלי הערץ, 210—212.
ווילנער גאון, 221.
וועסטגאָטען, 15, 16, 17.
וועראנא, הלל, 106.
ועד ארבע ארצות, 183—184.

ז

זהר, זעה קבלה.
זשעלעזניאַק, 213—214.

ח

חב"ד'ער חסידים, 223.
חברת כל ישראל חברים, 236.
חובבי ציון, 243.
חובות הלבבות, זעה ר' בחיי.
חכמת ישראל, 237.
חמעלניצקי, באָגדאן, 191—194.
בן־חנוך, משה, 31—32.
חסידיזם, 217.

ט

טאָלעדאָ, 17.
טאַרקוועמאדא, 116—121.
טולטשין, 192—193.
טולטשינער, ר' ברוך, 221.
טיראדאָ, יעקב, 162.
טערקיי, 137—152.
„טשערטא", זעה תחום.

י

יאָזעפאָוויטש, מיכל, 180.
יאָסט, מ., 229.
יהודה חסיד, 74—75.
יוסף נשיא, דון, 138—139.
יעב"ץ, זעה עמדען.
יעקאטערינא, 1טע, 215—216.
יעקאטערינא, 2טע, 216.
יעזואיטען, 181—182.
יעקב צבי, 151—152.

כ

כאזארען, זעה כוזרים.
כהן, רבי יעקב, 220.
כהן, נחמיה, 149.
כוזרים, 24—26 ; 30—31.

ל

לאוואטער, 206.
לאנדוי, ר׳ יחזקאל, 211.
לואי, 16טער, 226.
לוטהער, 135, 170—172.
לוצאטו, משה חיים 160—162.
לוצאטו, שמואל דוד, 230.
ליזענסקער, רבי אלימלך, 221.
ליטא, 125—132, 170, 179—203.
לעבענסאָן, אברהם בער, 234.
לעבענסאָן, מיכל, 234.
לעוואנדא, 242.
לעווינזאָן, יצחק בער, 233—234
לעסינג, 204.

מ

מאָנטעפיאָר, משה, 237.
מאפו, אברהם, 241.
מהר״ם, 187.
מהרש״א, 187.
מולכו, שלמה, 153—154.
מונק, 230.
מורען, זעה אַראַבער.
מיטעלאלטער, 9—10.
מיימון, שלמה, 223—224.
מענדעלסאָן, משה, 204—209.
משכילים, 211.
מתנגדים, 222.

נ

נאפּאָלעאָן, 1טער, 226.
ניקאָליי, 1טער, 233.
נעמיראָוו, 191—192.
סאלאָניקי, 15.
סאלוואדאָר, 230.
סולאם, שרה, 160.
סמאָלענסקין, פּרץ, 241.
סנהדרין (פּאריז) 226.
סערביען, 237.
ספרדים, 135, 137.

ע

עלילת־דם, 67—68.
עמאַנציפּאַציע (אידישע), 226.
עמדען, ר׳ יעקב, 178—179.
ענגלאנד, 90—92, 168—170.
עסטרייך, 173—175, 230, 236
ערטער, יצחק, 231.

פּ

פּאָגראָמען, 242.
פּאוועל, 1טער, 232.
פּאָלאַק, ר׳ יעקב, 176.
פּאלעסטינא, 139—152.
פּאסטוכער־צוג, 93—94.
פּאָרטוגאַל, 122—124.
פּאריז, 10 ; 68—69.
פּוילען, 27—28 ; 125—132 ; 179—203 ; 212—215.
פּעטער דער גרויסער, 215.
פּערל, יוסף, 231.
פּפּעפּערקאָרן, 171.
פּראַג, 176.
פּראָטעסטאַנטען, 170.
פּרייסען, 175, 227.
פּריסקוס, 20—21.

פֿ

פֿוטראַדאָ, אברהם, 226.
פֿעאָדאַליזם, 12, 22—23.
פֿעטמילך, 173.
פֿערדינאַנד, 114—121.
פֿראנצויזישע רעוואָלוציאָן, 225.
פֿראנק, יעקב, 199—203.
פֿראנקיסטען, זעה יעקב פֿראנק.
פֿראנקרייך, 18—23; 66—69; 73—74; 76—80; 92—95;

225—227; 230; 236—237;
פרידלענדער, 210.

**צ**

צונץ, לעאָפּאָלד, 229.
ציוניזם, 243.

**ק**

קאָזאַקען, 190.
קאָלומבוס, 135.
קאָנסטאַנטינאָפּאָל, 15 ; 135 ;
137—138.
קאַסטיליען, 129
קאַראַימען, 216.
קאָרדאָווע, 17, 18, 28—30.
קאָרדאָווערא, משה, 141.
קארו, ר׳ יוסף, זעה שלחן ערוך.
קאַרל דער גרויסער, 12, 22.
קבלה, 87—90 ; 141—144 ;
זעה אויך חסידיזם.
קהילה, האָלאַנד, 163 ; פּוילען,
181.
קהל, 182—183 ; 197.
קראָכמאַל, נחמן, 230.
קראָמוועל, 168.
קרייצצוגען, 58—66.
קריסטיאַני, פּוילוס, 80.
קרעמיע, 236.
קרקש, ר׳ חסדאי, 11.

**ר**

ראב״ד, 47—48.
ראַבינאָוויטש, אָסיפּ, 242.
ראובני, דוד, 153—154.
ראָטשילד, 243.
ראַפּאָפּאָרט, שלמה יהודה, 230.
רא״ש, 85—86.
רד״ק, 74.
רוים, 9, 11, 12, 156 ; גהעטאָ,
156—159.
רומעניען, 237.
רוסלאַנד, 26—27; 132—134;
194—195; 215—216; 231
—234; 240—243.
רייכלין, יאָהאַן, 170—171.
ריסער, גבריאל, 225—229 ;
234.
רלב״ג, 87.
רמ״א, 186.
רמב״ם, 51—58 ; 84.
רמב״ן, 81—82 ; 88.
רענעסאַנס, 103.
רעפאָרמאַציע, 135, 170.
רעפאָרמער, 229—230.
רשב״א, 86—85.
רש״י, 70—73.
רש״ל, 187.

**ש**

שבתי צבי, 144—152.
שבתי צבי׳ניקעס, 151, 199—
203. זעה אויך פראַנקיסטען.
שווייץ, 237.
שטעקער, 239.
של״ה, 177—178.
שלחן־ערוך, 140—141, 186.
שמואל הנגיד, 33—35 ; 36—
37.
שניאורסאָן, ר׳ זלמן, 221—223.
שפּאַניען, 10, 15 ; 17—18 ;
28—51 ; 80—87 ; 106—
124.
שפּינאָזא, ברוך, 164—167.
שפּירא, נתן, 187.

**ת**

תוספות, זעה בעלי־ התוספות;
„תוספות יום־טוב", זעה העלער.
יום־טוב ליפּמאַן.
תחום, 233.
תלמוד, פאַרברענונג פון, 154—
155.
תם, רבנו יעקב, 64, 73.